# אידישע געשיכטע

אין

## ראָמאנען און ערצעהלונגען

# זכרונות לבית דוד

לויט הערמאן רעקענדאָרף און א. ש. פרידבערג

פון ש. ערדבערג

צווייטער באנד

ניו יאָרק, תרפ"ד
1924

# חורבן ירושלים

דריי יאָהר זענען אוועק נאָך דעם גרויסען, שרעקליכען חורבן פון אידישען לאַנד און גאָט'ס צאָרן איז נאָך נישט געשטילט. מען זעהט נאָך דעם רויך פון דער פעסטונג מסדה, די לעצטע פעסטונג וואו די אידישע העלדען האָבען געקעמפט פאר'ן הייליגען לאַנד. די טויטע קערפּערס פון די אידען וואַלגערן זיך אויף די גאַסען און קיינער באַגראָבט זיי נישט.

ס'איז וואוילער די טויטע פון די לעבעדיגע. די טויטע ליגען אויף דער ערד, וואָס זיי האָבען געקעמפט פאַר איהר ביז זייער לעצטען אטעם. די לעבעדיגע ווערען אָבער אוועקגעשלעפּט אין פרעמדע לענדער. און די גוים קוקען שפּאָטיש אויף זיי.

די אידישע העלדען וואָס האָבען געוויזען זייער גבורה און מוטה אין די מלחמות מיט די ווילדע מענשען ווערען איצט געשליידערט פאַר ווילדע חיות. די חיות צורייסען זיי און די גוים זעהען דאָס אידישע אונגליק און לאַכען.

ערגער און ביטערער איז דער גורל פון די אידען וואָס ווערען פערקויפט צו די גוים פאַר אייביגע שקלאַפען. אין אַלע עקען וועלט ווערען זיי צושפּרייט און פערקויפט פאַר שקלאַפען צו טאָן שווערע ארבייט, גראָבען אין די מינעס און ארבייטען אין ציגעל און ליים.

ווי שרעקליך עס איז דאָס אונגליק פון די, וואָס די ווילדע חיות צורייסען זיי, איז זיי אָבער בעסער פון די שקלאַפען. דער טויט לייזט זיי אויס פון די פיין. די שקלאַ־פען ווערען אָבער שטענדיג גרויזאַם געפּייניגט פון זייערע

חערען, וואָס זענען ווילדער פון די חיות אין וואַלד.

שרעקליכער און אונערטרעגליך איז דאָס לעבען פון דאָס ביסעל אידען, וואָס איז איבערגעבליבען אין הייליגען לאַנד. זייער עלענד און פיין איז גרעסער ווי די צרות פון די פער־קויפטע צו קנעכטשאפט.

עלענט און איינזאם זיצען זיי. ווי די עלענטע זאַנגען אויפ'ן פעלד, וואָס זענען איבערגעבליבען נאָך'ן שניט. זיי האָבען נישט קיין לאַנד, נישט קיין שטאָדט, קיין פאמיליע און קיין הויז, דאָס פאָלק און דאָס לאַנד איז חרוב און פער־וויסט. אַלץ האָט דער בייזער ווינט אוועקגעטראָגען. אַלץ האָט דער גרויזאמער פיינד פערטיליגט און אָבגעווישט.

די שרעקליכע ליידען פון טויט, די גרויזאמע פיין פון קנעכטשאפט זענען גרינגער פון די מורא'דיגע, העלישע יסורים, וואָס דאָס ביסעל אידען, וואָס איז געבליבען אין פערוויסטען לאַנד, שטעהט אויס יעדע רגע פון טאָג.

ווי שאָטענס וואָגלען זיי אויף דער טרויריגער וויסטער ערד און שלאָגען זיך אָן אן די טויטע ביינער פון זייערע עלטערן און ברידער, די ליעבע ביינער, וואָס וואלגערן זיך אויף אַלע וועגען און אַלע גאַסען.

---

אָנגעהויבען האָט זיך דאָס אונגליק נאָך מיט יאָהרען צוריק. דעם טאָג, ווען עס האָבען די חשמונאים ברידער זיך אָנגעהויבען ארומרייסען איבער דעם טראָהן, און זיי האָבען אריינגעבראַכט די רוימער נאָך ירושלים, האָט זיך אָנגע־פאנגען דער גרויסער חורבן. דורך זיי האָט רוים אָנגעהויבען בעהערשען דאס אידישע לאַנד און דורך רוים איז הורדוס, דער גרויזאמער, געוואָרען מלך איבער די אידען און ער האָט געפייניגט די אידען און זיי אָנגעטאָן שרעקליכע צרות.

הורדוס האָט אויסגעגאָסען זיין גרויזאמען צאָרן אויף דער חשמונאים פאמיליע און זי אָבגעווישט פון דער ערד. זיין דורשט נאָך בלוט איז קיינמאָל נישט געוואָרען געזעטיגט. ער האָט זיינע אייגענע קינדער אומגעבראַכט. ער האָט גע־האט עטליכע ווייבער און די ווייבער האָבען איהם געבוירען אַ סך קינדער, האָט ער דאָס רוב פון זיינע קינדער געלאָזט טויטען.

מרים, די חשמונאית, וואָס ער האָט דערמאָרדעט און דערנאָך האָט ער זיין גאַנץ לעבען געקלאָגט נאָך איהר, האָט איהם איבערגעלאָזט צוויי וואונדער־שעהנע זיהן. אלכסנדר און אריסתובל. זיי זענען געווען גראָטען אין זייער מוטער מרים מיט זייער שעהנקייט און איידעלקייט.

הורדוס האָט זיי אוועקגעשיקט נאָך רוים אין הויף פון אימפעראטאָר אויגוסטוס און דאָרט זענען זיי דערצויגען געוואָרען אלס העלדישע קריעגס־פיהרער.

אז זיי האָבען זיך אומגעקערט נאָך ירושלים האָט דאָס פאָלק זיי אויפגענומען מיט גרויס פרייד. דאָס פאָלק האָט געקוקט אויף זיי ווי אויף די יורשים פון דעם אידישען טראָהן.

אנטיפאטאר, הורדוס'עס עלטסטער זוהן פון אן אדומ'יר שע פרוי, האָט אָבער געוואָלט ירש'נען די קרוין און ער האָט זיינע ברידער, די קינדער פון מרים די חשמונאית, געהאַסט ווי דעם טויט. ער האָט געזעהן ווי בעליעבט זיי זענען ביים פאָלק און געוואוסט, אז ביי זייער לעבען וועט ער נישט זיין דער יורש פון מלוכה.

די שרעקליכע שלומית, הורדוס'עס שוועסטער, איז איהם געקומען צו הילף. זי האָט אויסגעטראַכט א בלבול אויף די חשמונאים פרינצען, אז זיי ווילען טויטען הורדוס'ען און נעמען נקמה פאר'ן טויט פון זייער מוטער מרים.

שלומית און אנטיפאטאר האָבען דערצעהלט דעם פאַל־שען בלבול הורדוס'ען. דער ווילדער קעניג האָט דאָס גע־גלויבט און געשטעלט זיינע צוויי זיהן צום געריכט. ער אליין איז ארויסגעטראָטען אלס בעשולדיגער און ער האָט בעפוי־לען די ריכטער צו פעראורטיילען זיי צום טויט

אלכסנדר און אריסתובל האָבען געהאַט דעם זעלבען ביטערן גורל וואָס זייער מוטער מרים. אין אלט־שומרון האָט הורדוס אויסגעפיהרט אויף זיי דעם טויט־אורטייל, און ער האָט בעשטימט דעם ווילדען אנטיפאטאר אלס יורש פון דער קרוין.

אנטיפאטאר'ס פרייד האָט נישט געדויערט לאַנג. אין הורדוס'עס הויף איז ענטדעקט געוואָרען א פערשווערונג, וואָס אנטיפאטאר האָט געמאַכט צו פערגיפטען הורדוס'ען.

הורדוס האָט געשטעלט אנטיפּאטאר׳ן צום געריכט און גע־הייסען איהם פער׳משפט׳ן צום טויט. ער האָט זיך אבער נישט געאיילט איהם אומצובערענגען און האָט איהם געהאַל־טען אין תפיסה. הורדוס האָט אויך דערמאָרדעט זיין ברו־דער פּראָרעס, אזוי האָט דער גרויזאמער הורדוס געהאַלטען אין איין פערגיסען בלוט און זיין בלוטדורשטיגקייט איז נישט געוואָרען געזעטיגט. ער האָט פערגאָסען אייגען און פרעמד בלוט.

ער האָט חתונה געהאט מיט מרים די צווייטע. זי האָט איהם געבוירען א זוהן הורדוס. זי איז געווען די טאָכטער פון שמעון דער ביתוס׳ער. הורדוס האָט געמאכט זיין שווער שמעון פאר כהן גדול. און דעמאָלט האָבען די ביתוס׳ער און צדוקים געקראָגען די מאכט און זענען געוואָרען די פיהרער אין דער רעגירונג און אמונה.

אין דער צייט ווען די חכמים זענען געזעסען אין בית־המדרש און געלערנט די תורה, האָבען די צדוקים גאַנץ אָפען פערשוועכט די וועגען פון דער תורה. די מעהרסטע אריס־טאָקראַטען און עשירים האָבען געהאַלטען מיט זיי און גע־גאַנגען אין די וועגען פון די גוים און זיך געפיהרט ווי די גריכען און די רוימער.

איין גוטע זאך האָט הורדוס געטאָן אין זיין לעבען. ער האָט איבערגעבויט דאָס בית המקדש. ער האָט דאָס געטאָן געפעלען צו ווערען ביים פאָלק. ער האָט בעפוילען דאָס בית המקדש זאָל געבויט ווערן אזוי ווי די פרומע, די פּרושים וועלען הייסען.

דאָס בית המקדש איז געווען אַלט און צו קליין פאר די אַלע אידען וואָס זענען געקומען עולה רגל זיין, האָט ער פערברייטערט דעם "הר הבית" און נישט געשפּאָרט קיין גאָלד דאָס איבערגעבויטע בית המקדש זאָל זיין גרעסער און שענער.

צעהן יאָהר האָט געדויערט דאָס בויען פון בית המקדש. איבער צעהן טויזענט ארבייטער און גרויסע קינסטלער האָ־בען געארבייט ביים בנין און דאס איבערגעבויטע בית־המקדש האָט מיט זיין וואונדערליכער שעהנקייט איבער־ראַשט אַלעמען. די ווענט האָט ער געמאכט פון מאַרמאָר־

שטיין און בעדעקט מיט גאָלד. דאָס בית המקדש איז פיעל שענער געווען פון פריהעריגען. דאָס פאָלק און די חכמים האָבען זיך שטארק געפרעהט דערמיט און געהאַט גרויס הנאה וואָס דאָס שעהנקייט פון בית המקדש שט׳ט אויף דער וועלט און זיי זענען גרייט געווען מוחל זיין דעם ווילדען הורדוס׳ן זיינע פערברעכענס. זיי האָבען איהם געוואָלט דאָס פערדע־כענען אלס פערגעבונג פאר׳ן בלוט וואָס ער האָט פער־גאָסען.

האָט ער אָבער זיי באַלד דערצאָרנט ווידער. ער האָט געלאַזט בויען געביידעס אין דער הייליגער שטאָדט צו גע־פינען חן ביי די רוימער. ער האָט געבויט אין ירושלים א גרויס טעאַטער און הינטער׳ן שטאָדט אן אמפיטעאַטער — א צירק. ער האָט איינגעפיהרט די רוימישע שפילערייען מיט ווילדע חיות און גלאַדיאַטארען. דאָס איז געווען געגען אי־דישען גייסט און די אידען האָבען איהם שרעקליך געהאַסט דערפאַר.

צעהן פרומע אידען האָבען זיך געגרייט צו טויטען הורדוס׳ען, ווען ער וועט זיין אין צירק ביי א שפיעל. הורדוס האָט זיך דאָס דערוואוסט און די פרומע אידען האָבען בע־צאָהלט מיט זייער לעבען.

ער האָט אוועקגעשטעלט דעם רוימישען אדלער ביים אריינגאַנג פון בית המקדש און די שנאה פון די אידען צו הורדוס׳ען איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. ער האָט גע־וואוסט, אַז ער איז נישט זיכער מיט׳ן לעבען, האָט ער זיך ארומגערינגעלט מיט א לייב־גוואַרדיע פון גוים, גערמאַנער און גאַליער.

קעגענאיבער דעם היכל האָט ער צום אַנדענקען פון זיין בעשיצער אַנטאָניוס געבויט די פעסטונג אַנטאָניא. אויף דער פעסטונג האָט ער אויסגעבויט זעהר הויכע טורעמס, העכער פון בית המקדש. אין די טורעמס האָט ער אוועקגעשטעלט גוי׳שע סאָלדאַטען, זיי זאָלען בעוואַכען דאָס בית המקדש און זעהן, וואָס די אידען טוען אינווייניג. אין איינעם פון די טורעמס האָט ער שטענדיג געהאַלטען די הייליגע קליידער פון כהן גדול פאר א משכון, נאָר ערב יום־טוב האָט

ער זיי ארויסגעגעבען צו טאָן די עבודה, און מוצאי יום־טוב צוריקגענומען.

ער האָט בעשטימט דעם כהן גדול וואָס ער האָט גע־וואָלט. און אלע מאָל דעם וואָס האָט נישט געפּאסט דערצו. ער האָט אזוי פערשוועכט די שטעלע פון כהן גדול, אז דאָס פאָלק האָט אויפגעהערט אָבגעבען כבוד דעם כהן גדול.

ער האָט אויך אויפגעבויט די שטאָדט קסריה ביים ברעג ים צווישען יפו און דעם בארג כרמל. קסריה האָט ער בעזעצט מיט גריכען און ארמים און אויף דער הייליגער ערד געבויט טעמפּלען צו אָבגעטער.

אין שומרון האָט ער אויסגעבויט א סך פּאלאצען און זי געוואָלט מאכען פאר די רעזידענץ־שטאָדט אין פאל ווען ער וועט זיין געצוואונגען צו אנטלויפען פון ירושלים איבער דעם גרויסען האס, וואָס יעדער איד האָט געטראָגען אויף איהם.

א סך שטעדט און גרויסע געביידעס האָט הורדוס גע־בויט. אוצרות גאָלד האָט ער אויסגעגעבען אויף דעם. און די אלע אוצרות האָט ער צונויפגעזאמעלט פון דעם פאָלק. דאָס שווער־ארבייטענדיג און מיהזאם פאָלק האָט איהם געמוזט צאָהלען שווערע טאקסעס. די קעניגליכע צינזען האָבען אויס־געזויגען דעם מארך פון פאָלק. די לאסט איז געווען שרעק־ליך נישט אויסצוהאלטען. דאָס פאָלק האָט אָבער געליטען און געשוויגען. הורדוס'עס ווילדע מאכט איז געווען שטארק, און יעדער אויפשטאנד איז גרויזאם געוואָרען דערשטיקט.

און דעם טאָג וואָס הורדוס האָט געטויט זיין געליעבטע ווייב מרים, די חשמונאית, האָט ער פון צייט צו צייט געליטען פון פערשידענע שווערע קראנקהייטען. ליגענדיג אויפ'ן קראנקען בעט האָט ער נישט לייכטער געמאכט דעם שווערען יאָך און אומגעבראכט נייע קרבנות.

איינמאָל, א קורצע צייט פאר זיין טויט, הורדוס איז גע־לעגען שטארק קראנק, איז ארויס א קלאנג, אז ער איז גע־שטאָרבען, זענען צוויי העלדישע פּרושים אוועק צום בית־המקדש און צושמעטערט דעם גאָלדענעם רוימישען אדלער, וואָס הורדוס האָט דאָרט אוועקגעשטעלט צו דער שאנד פון אלע אידען.

הורדוס האָט אָבער נאָך געלעבט. ער האָט געהייסען ברענגען די צוויי פרומע העלדען צו זיך און זיי פערברענט לעבעדיגערהייט.

זיין זוהן הורדוס האָט ער נישט אומגעבראכט, נאָר האָט איהם אוועקגעטריבען פון זיך און בעפוילען, ער זאָל גאָר נישט ירשנ'ען נאָך איהם. עטליכע טעג פאר זיין טויט איז ער געוואָהר געוואָרען, אַז זיין זוהן אַנטיפּאטאר, וואָס איז געזעסען אין געפענגנים, האָט געוואָלט אונטערקויפען זיינע וועכטער און אַנטלויפען, האָט ער בעפוילען צו ברענגען איהם. און פאר זיינע אויגען האָט א רוימישער סאָלדאַט אָב־געהאַקט אנטיפּאטאר'ן דעם קאָפּ.

אז אויגוסטוס, קייסער פון רוים האָט דאָס דערהערט האָט ער געזאָגט:

— "ס'איז בעסער צו זיין א חזיר אין הורדוס'עס שטאַל איידער הורדוס'עס א זוהן אין פּאַלאַץ"...

(ער האָט געמיינט צו זאָגען, אַז אידען עסען נישט קיין חזיר, קען אַ חזיר גיכער לעבען ביי הורדוס'ען איידער זיינער א זוהן. ער האָט דאָך דריי זיהן געטויט).

הורדוס האָט דערפיהלט אז זיין סוף איז נאָהנט. ער געהט שטאַרבען, האָט ער זיך געגרייט צום טויט. און אַזוי ווילד און גרויזאַם ווי זיין גאַנץ לעבען. ער האָט געוואוסט אז אין טאָג פון זיין טויט וועט דאָס פאָלק זיך שטאַרק פרע־הען, וואָס ס'איז פּטור געוואָרען פון דעם אכזר און טיראַן, האָט ער אָבער געוואָלט אז דאָס פאָלק זאָל שטאַרק טרויערן אין טאָג פון זיין טויט.

ער האָט געהייסען ארעסטירען די חכמים און אלע אנ־געזעהנע לייט פון ירושלים און מען זאָל זיי דערמאָרדען דעם זעלבען טאָג וואָס ער וועט שטאַרבען. דאָס פאָלק וועט טרויערן אויפ'ן טויט פון די חכמים און זיך נישט קענען פרעהען אויף זיין טויט.

דעם בייזען בעפעהל האָבען זיינע קנעכט שוין נישט געפאָלגט. דעם ווען הורדוס איז געשטאָרבען זענען די חכמים און די אנגעזעהענע לייט ארויס פריי. הורדוס'עס טויט האָט ארויסגערופען גרויס פרייד ביים פאָלק. ענדליך

פטור געוואָרען פון דעם גרויזאַמען הערשער! אויף הורדוס'ן האָט מען דעמאָלט געזאָגט אזוי:

"געקומען צו דער קרוין איז ער ווי א פאַלשער פוקס. גע־קעניגט ווי א ווילדער לעמפּערט, און געשטאָרבען ווי א משוגע'נער הונט".

אידען האָבען גערופען הורדוס'ען "דער האַלבער איד", "דער אדומ'ישער קנעכט". נאָר די רוימער האָבען איהם גערופען "הורדוס דער גרויסער".

---

ביי זיין לעבען האָט הורדוס פערגרעסערט דאָס אידישע לאַנד און פאַר זיין טויט האָט ער עס צוריסען אויף שטיקער. ער האָט איינגעטיילט דאָס קעניגרייך צו זיינע קינדער אין זיין צוואה. זיין זוהן ארכילוס האָט געקראָגען יהודה, אדום און שומרון; זיין זוהן אנטיפאַס האָט געקראָגען דעם גליל און א שטיק פון עבר הירדן; און זיין זוהן פיליפוס האָט געקראָגען גאַנץ גולן און בשן.

זיין פערדאָרבענע שוועסטער, די נידערטרעכטיגע שלומית, האָט אויך געקראָגען ירושה. ער האָט איהר אי־בערגעגעבען יבנה, אשדוד און פזאל לעבען יריחו.

די יורשים האָבען אָבער נישט געקענט איבערנעמען די הערשאַפט איידער זיי האָבען בעקומען אויף דעם אן ער־לויבניש פון רוים. דערוויילל ווי זיי האָבען געוואַרט דער רוימישער אימפּעראַטאָר אויגוסטוס זאָל זיי געבען די ער־לויבניש, האָט דאָס פאָלק געמאַכט אַן אויפשטאַנד און גע־וואָלט אראָפּוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון אדום און רוים.

נאָך אין הורדוס'עס צייטען, ווען די אידען האָבען גע־ליטען מורא'דיגע פיין, האָבען זיי זיך געטרייסט, אז באַלד וועט קומען משיח. עס וועט קומען דער אויסלייזער און אויס־לייזען דאָס פאָלק פון די הענד פון זיינע פיינינגער. און באַלד נאָך הורדוס'עס טויט זענען אויפגעשטאַנען א סך אידען, וואָס האָבען געוואָלט ברענגען די גאולה, זיי זענען אָבער נישט געווען פעראייניגט און צושלאָגען געוואָרען פון די רוימער.

די נידערטרעכטיגע שלומית איז איינגיכען געשטאָרבען און זי האָט אוועקגעשאָנקען איהרע שטעדט צו אויגוסטוס'ען.

נאך פיליפוס'עס טויט איז זיין טייל לאנד אוועקגעגעבען גע־
ווארען צו סיריען און די רוימער האבען עס דורך דעם בע־
קומען אויף אייביג.

אנטיפאס האט דורך חניפה געוואונען חן ביי די רוימער. און אז טיבעריוס איז געווארען אימפעראטאר פון רוים האט אנטיפאס אויפגעבויט א שטאדט און זי גערופען טבריה אויפ'ן נאמען פון טיבעריוס'ען. אנטיפאס איז געווען צוויי־פנים'דיג. אין ירושלים האט ער זיך געפיהרט ווי די פרושים און אין זיין פאלאץ אין טבריה האט ער זיך געפיהרט ווי א רוימער.

ארכילוס איז געווען דער פערדארבענסטער פון הורדוס'עס זיהן. צו־להכעיס די פרומע אידען האט ער חתונה געהאט מיט זיין שווענערין גאלפירא, די אלמנה פון זיין ברודער אלכסנדר, וואס הורדוס האט אומגעבראכט. זי האט געהאט קינדער פון איהר דערמארדעטען מאן און ארכילוס האט מיט איהר ניט געטארט חתונה האבען.

ארכילוס האט גע'ירשנ'ט פון זיין פאטער דאס ווילדקייט און גרויזאמקייט, אבער נישט זיין העלדישען מוטה. ווען ער איז ארויף אויפ'ן טראהן איז ער געקומען אין בית־המקדש אריין און גערעדט צו די אידען אלס נייער הערשער. דאס פאלק האט געפאדערט פון איהם, ער זאל לייכטער מאכען דעם יאך און זאל זיי נישט פייניגען ווי זיין פאטער.

עס איז געקומען פסח. די אידען פון גאנצען לאנד האבען זיך פערזאמעלט אין ירושלים; די אלע וואס האבען עולה־רגל געווען זענען שטארק אויפגערעגט געווען אויף ארכילוס'ען און געפאדערט פערלייכטערונגען. האט ער גענומען זיין גוי'ש מיליטער און בעפאלען די אידען פון בית המקדש און טויזענטער אויסגעקוילעט. דאס מיליטער האט זיך פערשפרייט אין די גאסען און אומגעבראכט יעדען איינעם וואס איז גע־קומען אונטער זייערע הענד. די איבריגע פון די עולי רגל האבען זיי פערטריבען פון דער הייליגער שטאדט און זיי נישט געלאזט מקריב זיין זייערע קרבנות.

ארכילוס האט דעמאלט גערופען צו הילף דעם רוימישען מיליטער־פיהרער סאבינוס און ער האט פיעל אידיש בלוט פערגאסען און בערויבט די אוצרות פון בית המקדש. דאס

פאָלק דערצאָרנט פון סאַבינוס'עס שענדליכע מעשים איז די אייגענע אויפגעשטאַנען אקעגען איהם און פאר שרעק האָט ער זיך בעפעסטיגט אין קעניגליכען פאַלאַץ. איז געקומען דער רוימער ווארוס מיט א גרויסע ארמעע און בעפרייט סאבינוס'ען און געמאכט א נייע שחיטה אויף אידען. אין די טויזענטער האָט ער זיי גרויזאַם אויסגעקוילעט.

ארכילוס'ען איז געלונגען צו קריגען אַן ערלויבניש פון רוים צו הערשען. אָבער נישט אַלס קעניג, נאָר אַלס עלטסטער. זיין הערשאַפט האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. ווי זיין פאָטער הורדוס האָט ער שטארק אונטערדריקט דאָס פאָלק, האָבען די אידען געשיקט עטליכע אנגעזעהענע שלוחים נאָך רוים און זיך בעקלאגט פאר'ן קייסער, אַז ארכילוס אונטערדריקט זיי גרויזאַם. דער קייסער איז געוואָרען אין כעס און ער האָט אראָפּגעזעצט ארכילוס'ען פון זיין הערשאפט און האָט איהם פערטריבען נאָך גאַליען (פראנקרייך).

דעמאָלט האָט דער רוימישער קייסער געשטעלט ארץ־ישראל אונטער דער הערשאַפט פון רוים און אריינגעשיקט זיינע שטאַאטהאַלטער. נאָר דאָס סנהדרין האָט ער איבערגעלאָזט צו משפט'ען דאָס פאָלק, אָבער א טויט־אורטייל האָט דאָס סנהדרין אויך נישט געטאָרט ארויסטראָגען. אזא פּראָצעס האָט שוין געמוזט פאָרקומען פאר דעם רוימישען גובערנאַטאָר. דער רוימישער גובערנאַטאָר האָט אויך אויסגעקליבען דעם כהן גדול.

די הייליגע כהונה איז פערשוועכט געוואָרען. די רוימישע גובערנאטאָרען האָבען געהאַנדעלט מיט דער כהונה ווי מיט סחורה. ווער ס'האָט זיי געגעבען מעהר געלד איז געוואָרען כהן גדול. זיי האָבען געלייגט שווערע צינזען אויפ'ן פאָלק און געזויגען זיין מארך און געטרונקען זיין בלוט. דאָס לאַנד האָט געקרעכצט אונטער'ן שווערען יאָך און אַלע מאָל זענען געווען אונרוהען.

עס איז שוין שווער געווען פאר די אידען צו פיהרען אַ מלחמה. קיין אייגענע אַרמעע האָבען זיי נישט געהאַט. הורדוס האָט נישט גענומען קיין ארץ ישראל אידען אין זיין ארמעע אויס מורא, זיי זאָלען נישט מורד זיין אין איהם אין זייער גרויסען האַס צו איהם. זיין ארמעע איז בעשטאַנען פון

גוים און א ביסעל אידען, געבוירענע אין פרעמדע לענדער. אזוי האט אויך געטאן זיין זוהן ארכילוס. די רוימער האבען זיכער נישט דערלאזען קיין שאטען פון א אידישער ארמעע און די אידען האבען נישט געהאט קיין ארגאניזירטע מחנה צו געהן אין א מלחמה אויף זייערע אונטערדריקער.

צו דעם איז דאס פאלק נאך געווען צוטיילט אויף פיעל פארטייען, איינע איז געווען געגען דער אנדערער און זיי האבען זיך נישט געקענט איינינגען. שוין א צייט צוריק האט דאס פאלק זיך געהאט צוטיילט אויף דריי פארטייען: די פרושים, די צדוקים און די עסעיער. די עסעיער האבען זיך דערווייטערט פון דער וועלט, געלעבט אבגעזונדערט אין זייערע געצעלטען און היהלען און האבען גארנישט געהאט צו טאן מיט די אידען פון די שטעדט און דערפער. די צדוקים זענען געווען צוטיילט אויף צוויי גרופעס. איין גרופע האט זיך געפיהרט ווי די רוימער און זיי אלע נאכגעטאן, פונקט ווי די העלעניסטען האבען נאכגעטאן די גריכען. די אנדערע גרופע איז נישט געווען אזוי פערדארבען, אבער זיי האבען נישט געהאלטען פון תורה שבעל פה, נאר בלויז פון תורה שבכתב.

די פרושים זענען אויך געווען צוטיילט אויף צוויי. די בית שמאי און די בית הלל. די בית שמאי זענען געווען זעהר שטרענג אין אבהיטען די אידישע דינים און שטארק מחמיר געווען. די בית הלל האבען געזוכט אלע מאל שלום, געווען זעהר בעשיידען און געזוכט צו פערלייכטערן.

די פרושים זענען געווען שטארק בעליעבט ביים פאלק, זענען אבער געווען צווישען זיי אזעלכע וואס האבען אין זייער אבגעהיטקייט זיך אפט בענארישט און די חכמים האבען נישט געהאט קיין נחת פון זיי און זיי גערופען "חסידים שוטים", נארישע פרומאקעס. עס זענען אויך געווען צבוע'קעס צווישען די פרושים, וואס אין הארצען זענען זיי געווען אלדאסבייז, נאר האבען זיך פערשטעלט פאר פרושים, דאס פאלק זאל זיי אבגעבען כבוד. זיי זענען געווען פערהאסט ביי די חכמים.

איצט איז צוגעקומען א נייע פארטיי, די קנאים (פאטריאטען). געגרינדעט האט זיך די פארטיי אין גליל און

גיך זיך פערשפרייט איבער'ן לאנד און איז געווארען אין ירושלים די גרעסטע און מעכטיגסטע אידישע פארטיי.

געגרינדעט האט די קנאים פארטיי דער העלד חזקיה נאך אין די צייטען פון הורדוס'ן. באלד ווי קעניג אריסתובל איז אראפגעזעצט געווארען פון טראהן און אוועקגעפיהרט געווארען נאך רוים, האבען טיילען פון זיין צושלאגענע אר־מעע זיך פערזאמעלט ארום חזקיה'ן און זיי האבען זיך בע־פעסטיגט אין גליל. זיי האבען געהאפט אז דאס גאנצע פאלק וועט צושטעהן צו זיי און אראפווארפען פון זיך דעם פרעמ־דען יאך.

דערווייל האבען זיי געמאכט אפטע אנפאלען אויף די גוי'שע שטעדט לעבען גרעניץ און זיי שטארק צושלאגען. דאס פאלק האט געקוקט אויף זיי ווי אויף אויסלייזער, נאר די רוימער האבען זיי ערקלערט פאר א באנדע רויבער. הורדוס איז גלייך אין אנפאנג פון זיין הערשאפט זיי בעפאלען און זיי אויסגעראט. ער האט זיי נישט געשטעלט צום געריכט פאר'ן סנהדרין נאר אהן דין און אהן משפט אויסגעשאכטען חזקיה'ן און זיין ארמעע קנאים ווי די שאף.

ס'איז אויף א צייט שטיל געווארען אין לאנד, נאכדעם ווי הורדוס האט אויסגעקוילעט די קנאים. זייערע געדאנקען האבען אבער ארייגעדרינגען אין הארץ פון פאלק און זיך שטארק פערשפרייט. אז רוים האט ארויפגעלייגט איהר גרוי־זאמע האנד אויף ארץ ישראל און די רוימישע גובערנאטארען האבען געזויגען דעם מארך פון די אידען, האט חזקיה'ס זוהן יהודה הגלילי צונויפגעקליבען ארום זיך א מחנה פון פערבי־טערטע אידען, וואס זענען גרייט געוועז אוועקצוגעבען זייער לעבען פאר'ן הייליגען לאנד און זענען געוועז שרעקליכע שונאים פון רוים און דער הורדוס דינאסטיע.

זיי האבען איינגענומען די שטאדט צפורי, די הויפט־שטאדט פון גליל, און דארט זיך בעפעסטיגט. זיי זענען אפט אנגעפאלען אויף די אידישע שונאים און געווארפען אויף זיי גרויס מורא. איז אבער געקומען דער רוימער ווארוס און אונטערגעצונדען צפורי. די גאנצע שטאדט איז אוועק אויפ'ן פייער. יהודה הגלילי מיט די קנאים פיהרער האט ווארוס אומגעבראכט מיט א שרעקליכען טויט און אלע איינוואוינער

פון צפורי האט ער פערקויפט אין פרעמדע לענדער פאר איי־ביגע קנעכט.

די קנאים פארטיי איז אבער נישט אונטערגעגאנגען. זי איז שפעטער געווארען נאך שטארקער, און אונטער דער פיהרערשאפט פון יהודה הגלילי'ס צוויי זיהן יעקב און שמעון האבען זיי געמאכט א נייען אויפשטאנד. די רוימער האבען אבער ווידער בעזיעגט די קנאים און יעקב'ן און שמעונ'ען פער'משפט צום טויט. איז שפעטער אויפגעשטאנען מנחם, יעקב'ס זוהן און זיך געשטעלט בראש פון די מעסער־העלדען ווען דאס גאנצע פאלק איז ארויסגעטראטען פעראייניגט גע־גען די רוימער.

צו דער קנאים פארטיי זענען צוגעשטאנען א סך פרושים פון בית שמאי און צדוקים. די אידען פון די צוויי עקסטרי־מען האבען זיך פעראייניגט אין זייער גרויסער ליעבע צום לאנד און פאלק. אן אונגליק איז אבער געווען, וואס צו די קנאים זענען צוגעשטאנען א סך צבוע'קעס, וואס האבען דא געזוכט א מאסקע פאר זיך ווי אזוי צו דערפילען זייערע פער־דארבענע פערלאנגען. די צבוע'קעס האבען זיך פערנומען מיט רויב און גזלה. זיי האבען אויך געשונדען די הויט פון זייערע אייגענע ברידער פון די אידען, און אלע מאל האבען זיי אנגעגעבען דעם תרוץ, אז זיי טוען דאס אויס פאטריא־טיזם צו גאט און זיין פאלק.

א לאנגע שווערע מלחמה איז אנגעגאנגען צווישען די רוימישע מיליטער פיהרער און גובערנאטארען מיט די קנאים מחנות. א סך קנאים זענען געווארען געפאנגען און געבראכט צו די רוימישע גובערנאטארען. אן אמת'ען, אן עהרליכען קנאי האבען די רוימישע גובערנאטארען פער'משפט צו א גרויזאמען טויט. די צבוע'קעס האבען זיי בעפרייט נאר גע־טיילט זיך מיט זיי די רויב. די רוימישע גובערנאטארען הא־בען געשונדען די הויט פון פאלק, געריסען פאסען פון זיין לייב. צו די שווערע צינזען און אבצאהלען האבען זיי ארויפ־געלייגט אויפ'ן פאלק גרויסע און שווערע געלד־שטראפען און געווארען רייכער פון טאג צו טאג.

דער הייליגער אמט פון כהן גדול איז אויך געווען א גר־טער געלד־קוואל פאר די רוימישע גובערנאטארען. האט איי־

נער זיי געגעבען א גרויסע סומע געלד, האבען זיי איהם בע־שטימט פאר כהן גדול. איז באלד געקומען אן אנדערער און זיי אנגעבאטען א גרעסערע סומע, האבען זיי דעם ערשטען אראפּגעזעצט און בעשטימט דעם צווייטען.

אין די אכט הונדערט און נײַנציג יאָהר פון אהרן הכהן ביז דעם חורבן פון ערשטען בית המקדש זענען געווען נאָר דרייסיג כהנים גדולים, אָבער אין די צוויי און זיבעציג יאָהר פון ארכילוס'ען ביז'ן חורבן זענען געווען דריי און צוואנציג כהנים גדולים. א סך פון זיי זענען אפילו נישט אויסגעווען איין יאָהר אויפ'ן היילינגען אמט.

זעלטען איז געווען צו געפינען צווישען זיי א כהן גדול וואָס זאָל זיין ראוי צוליב זיין פרומקייט און גאָטספּאָרכטיג־קייט צו דעם היילינגען אמט. עס זענען געווען עטליכע עהר־ליכע און פרומע צווישען זיי. דער בעסטער איז געווען דער כהן גדול ישמעאל בן פאבי, אויף איהם האבען די חכמים געזאגט, אז ער איז פון הימעל אויסגעקליבען געוואָרען און נאָך זיין טויט איז בטל געוואָרען דאס לויטערקייט פון דער כהונה.

די פינף זיהן פון דער פרוי קמחית, זענען אויך געווען פון די אָרנטליכסטע און די פרומסטע צווישען די לעצטע כהנים גדולים. מען האָט אמאָל געפרעגט זייער מוטער קמחית מיט וואָס האָט זי זוכה געווען, אז איהרע פינף זיהן זאָלען זיין כהנים גדולים?

— ווייל אפילו דער באלקען פון מיין הויז האָט קיינמאָל נישט געזעהן מיין אָבגעדעקטען קאָפּ—האָט זי געענטפערט.

יהושע בן גמלא, איינער פון די לעצטע כהנים גדולים איז אויך געווען צווישען די בעסערע. ער האט אויך געקראגען דעם היילינגען אמט פאר א גרויסע סומע געלד. זיין פרוי מרתא בת ביתוס האט בעצאָהלט צוויי טעפּ גאָלדשטיק דעם רוימישען גובערנאטאָר, ער זאָל בעשטימען איהר מאן פאר כהן גדול. ער איז אפילו שטארק פערהאסט געוואָרען ביי די קנאים, ווען ער האט זיך פאר'ן חורבן אין דער לעצטער מלחמה געגען די רוימער פערבונדען מיט די פעררעטער. ער האט אבער אויפגעטאָן א גרויסע זאך פאר'ן פאָלק. ער האט

נעגרינדעט "חדרים" פאר קליינע קינדער צו לערנען תורה, און פאר דעם איז זיין נאָמען דערמאָנט צום גוטען.

דער ביטערער רוימישער אימפעראטאָר אויגוסטוס איז שוין לאנג געווען טויט. דער גרויזאמער טיבעריוס איז דער־מאָרדעט געוואָרען און דער האלב משוגענער קאליגולא איז געוואָרען אימפעראטאָר. אין פערלויף פון דער צייט האבען זיך געביטען די רוימישע גובערנאטאָרען. זיבען ווילדע גרוי־זאמע רוימישע גובערנאטאָרען האבען פאר דער צייט גע־הערשט אין הייליגען לאנד. יעדער איינער האט געלייגט שווערע טאקסעס אויף די אידען און אלץ שטייפער פער־צויגען דעם שטריק אויפ'ן האלז פון פאָלק.

פינסטער, שטאָק פינסטער איז געווען דאס לעבען פון די אידען. פלוצלונג האט א שטיקעל שיין אויפגעלויכטען פאר די אידען, ווי די זון, וואס שיילט זיך ארויס פון שווערע וואָלקענס. די אידען זענען פול געוואָרען מיט נייע האָפנונגען און דער שווערער יאָך איז געווארען גרינגער.

דאס ליכט וואס האט אויפגעשיינט, איז געווען וואס אג־ריפאס, מרים די חשמונאית אייניקעל, האָט געפונען חן אין די אויגען פון דעם אימפעראטאָר קאליגולא.

אגריפאס איז געווען דער זוהן פון אריסתובל, מרים'ס יונגסטער זוהן, וואָס הורדוס האָט איהם אומגעבראכט. אג־ריפאס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אין רוים צוזאמען מיט די רוימישע פרינצען. ער האט זיך גע'חבר'ט מיט טיבע־ריוס'עס זוהן דרוזאס. אגריפאס איז געוועהנט געווען צום פרעהליכען פערשווענדעריש לעבען פון די רוימישע הויפ־לייט און ער האט אויסגעגעבען זיין גאנץ פערמעגען און נאָך געליהען א גרויסע סומע געלד.

ער האט נישט געהאט אבצוגעבען און פאר מורא די בעלי חובות זאלען איהם נישט בעשטראפען, איז ער אנט־לאָפען פון רוים און געוואגעלט און געוואנדערט איבער אדום, גליל און סיריען ביז ער איז אָנגעקומען נאָך עגיפטען. דאָ איז איהם געקומען צו הילף דער נשיא פון די עגיפטישע אידען אלכסנדר ליסימכאס, דער ברודער פון פילאזאף פילאָן. ער האָט איהם געליהען גענוג געלד זיך אומצוקערען נאָך רוים און בעצאָהלען זיינע חובות. ער האָט זיך גלייך אומגעקערט

און זיך בעפריינדעט מיט קאַליגולאַ'ן, וואָס איז דעמאָלט געווען דער יורש פון דער רוימישער קרוין.

האָט אגריפּאַס איינמאָל געזאָגט צו קאַליגולאַ'ן, אַז ער וואָלט געוואָלט וואָס גיכער זעהן איהם זיצען אויפ'ן טראָהן. דאָס האָט מען אָבגעטראָגען צו טיבעריוסען, איז ער געוואָרען זעהר בייז און געהייסען אגריפּאַס'ן אנטאָן קייטען און אריינ־שליידערן אין געפענגניס.

זעקס חדשים איז אַגריפּאַס געזעסען אין תפיסה ביז טיבעריוס איז אין א פריהמאָרגען געפונען געוואָרען א דער־שטיקטער אין זיין בעט. קאַליגולאַ איז געווארען אימפּעראַ־טאָר און גלייך בעפרייט אגריפּאַס'ן. ער האָט איהם אויסגע־טאָן די אייזענע קייטען און אָנגעטאָן אויפ'ן האַלז אַ גאָל־דענע קייט צום אנדענקען און האָט איהם געשאָנקען די לענ־דער פון עבר הירדן, וואו זיין פעטער פיליפּוס האט רעגירט און נאָך זיין טויט האט רוים זיי צוגענומען.

זיין שוועסטער הארדיא און איהר מאַן אנטיפּאַס האָבען געהערט אַז אַגריפּאַס איז געוואָרען הערשער פון עבר הירדן זענען זיי אוועק צו קאַליגולאַן און איהם געבעטען ער זאָל זיי בעשטימען אַלס הערשער פון יהודה. דער משוגענער קאַ־ליגולאַ איז אָבער בייז געוואָרען אויף זיי און נאָך צוגענומען ביי זיי דעם גליל און ער האט זיי פערטריבען נאָך לאַגדאַנאַם אין גאַליען (ליאָן, פראַנקרייך). דאָרט זענען זיי פערבלי־בען זייער גאַנץ לעבען. קאַליגולאַ האָט געשאָנקען אגריפּאַס'ן אויך דעם גליל און אַגריפּאַ'ס שטערן האָט געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. ער האָט אויך געקראָגען דעם טיטול קעניג.

דער משוגע'נער קאַליגולאַ וואָס האָט אַזוי דערהויבען זיין אידישען פריינד אַגריפּאַס און איהם געקרוינט אַלס קעניג, איז אינגיכען גרייט געווען צו פאַרטיליגען אַלע אי־דען און זיי אָבווישען פון דער וועלט. ער האָט זיך איינגע־רעדט, אַז ער איז גאָט און בעפוילען אַלע פעלקער, וואָס זענען געווען אונטערטעניג צו רוים, זאָלען אריינשטעלען זיינע סטאַטועס אין זייערע טעמפּלען און זיך בוקען צו זיי.

אַלע געצענדינערישע פעלקער האָבען איהם געפאָלגט. אָבער נישט די אידען. זיי האָבען נישט געוואָלט אריינשטעט־

לען זיין סטאַטוע אין בית המקדש און געגעבען אַ קורצען און שאַרפען ענטפער:

— מיר וועלען בעסער שטאַרבען איידער דאָס בית־המקדש וועט ווערען פערשוועכט פון אַ מענשענס אַ סטאַטוע!

קאַליגולא האָט געברענט פאַר צאָרן און בעפוילען דעם רוימישען שטאַאַטהאַלטער אין סיריען פּעטראַניוס׳ען, ער זאָל געהן מיט זיין גאַנצע אַרמעע אויף ארץ־ישראל און אויסראָטען אַלע אידען. אַז פּעטראָניוס און זיין אַרמעע זענען אָנגעקומען האָט דאָס גאַנצע פאָלק זיך אויפגעהויבען ווי איין מאַן אוועקצוגעבען דאָס לעבען און נישט דערלאָזען שענדען דאָס בית המקדש.

זעקס וואָכען האָט פּעטראַניוס געוואַרט אפשר וועט ער איבעררעדען די אידען זיי זאָלען איהם ערלויבען אָהן בלוט־פערגיסונג אַריינשטעלען קאַליגולא׳ס סטאַטוע אין בית־המקדש. און די אידען האָבען איהם געבעטען ער זאָל דאָס נישט טאָן, ווייל מיט גוטען וועלען זיי איהם דאָס נישט דערלאָזען. אַגריפּאַס איז געפאָהרען נאָך רוים און געוואָלט פּועל׳ן ביי קאַליגולא׳ן, ער זאָל אָבשאַפען די גזרה, איז דערווייל קאַליגולא גע׳הרג׳עט געוואָרען און די גזרה איז בטל געוואָרען.

קלאַדיוס איז געוואָרען אימפּעראַטאָר. אַגריפּאַס האָט געהאָלפען אויסקלייבען קלאַדיוס׳ען אַלס קייסער. קלאַדיוס האָט איהם דערפאַר בעלוינט וואָס ער האָט איהם געקרוינט אַלס קעניג פון יהודה. אַזוי איז אַגריפּאַס געוואָרען דער קעניג פון גאַנץ ארץ ישראל. דאָס לאַנד איז איצט געווען גרעסער ווי אין די צייטען פון די חשמונאים און אפילו פון הורדוס׳עס קעניגרייך.

אַזוי לאַנג ווי אַגריפּאַס איז געווען אין רוים האָט ער זיך אויפגעפיהרט ווי אַ רוימער. ווי ער איז אָבער געוואָרען דער אידישער קעניג האָט ער זיך גלייך געענדערט. ער האָט זיך נישט געפיהרט ווי הורדוס׳עס אַן אייניקעל, נאָר ווי אַן אייניקעל פון מרים די חשמונאית. ער האָט אָבגעגעבען גרויס כבוד די חכמים און דער תורה, האָט ליעב געהאַט צו טאָן מצוות ווי אַ פרומער איד. ער האָט צוריק איינגעפיהרט דעם

אָבגעשאַפטען מנהג, אַז דער קעניג זאָל לייענען אין ספר תורה דעם יום־טוב סוכות פון שמיטה־יאָהר. ער האָט זיך געהאַלטען פריינדליך מיט די פרושים און אומגעקערט צום סנהדרין די אַלטע רעכט. פאַר כהן גדול האָט ער בעשטימט פרומע און ערנטליכע, וואָס זענען געווען ראוי צום הייליגען אַמט. שבועות האָט ער געטראָגען זיין קאָרבּ בכורים צוזאַמען מיט אַלע פּראָסטע לייט און אַלעמען גוט בעהאַנדעלט.

איינמאָל איז ער געשטאַנען אין בית המקדש און געלייענט אין ספר תורה. איז ער צוגעקומען צום פּסוק, וואו עס שטעהט געשריבען: "פון דיינע ברידער זאָלסטו דיר מאַכען אַ קעניג, זאָלסט נישט מאַכען קיין פרעמדען", האָט ער זיך צואווײנט. ער האָט דאָך געוואוסט, אַז פון זיין זיידע׳ס צד שטאַמט ער פון אדום. די פרושים האָבען איהם אָבער בערוהיגט און געזאָגט:

— וויין נישט, אגריפּאַס, דו ביזט אונזער ברודער!

ער איז דאָך געווען מרים׳ס איניקעל. האָט דאָס פאָלק איהם בעטראַכט פאַר אַ חשמונאי און איהם ליעב געהאַט. אונטער זיין הערשאַפט האָט דאָס פאָלק אָבגעאָטעמט פריי, געלעבט רוהיג און פטור געוואָרען פון די גרויזאַמע רוימישע גובערנאַטאָרען.

אגריפּאַס האָט געוואוסט, אַז דער גורל פון די אידען איז אין די הענד פון דעם רוימישען קייסער. איז דער קייסער אַ גוטער, איז גוט די אידען. וואָס וועט אָבער זיין אַז דער קייסער וועט זיין אַ טיראַן? האָט ער געוואָלט בעפעסטיגען ירושלים, זי זאָל קענען ביישטעהן אַלע אַנפאַלען. ער האָט גלייך אָנגעהויבען בויען אַ גרויסע און אַ שטאַרקע פעסטונג ארום דער הייליגער שטאָדט. דער רוימישער שטאַאטהאַלטער פון סיריען האָט זיך דאָס דערוואוסט און געמאָלדען קלאַדיוס׳ען, אַז אגריפּאַס וויל זיך אָברייסען פון רוים און ער בעפעסטיגט די הויפּט־שטאָדט. קלאַדיוס האָט איהם בעפוילען תיכף אויפצוהערען בויען די פעסטונג.

אגריפּאַס האָט איהם געמוזט פאָלגען. ער האָט זיך אָבער צונויפגערעדט מיט פינף הערשער פון די אַרומיגע לענדער

צו קומען צו א בעראטונג וועגן א פעראייניגונג געגען רוים און זיך אָבצורייסען פון איהר.

זיי זענען זיך צוזאמען געקומען אין טבריה. פלוצלינג איז געקומען דער רוימישער שטאטהאלטער פון סיריען און זיי בעפוילען פונאַנדערצוגעהן זיך. זיי האָבען זיך דערשראָקען און צופאָהרען אהיים.

די פינף הערשער זענען נישט געווען בלויז גוים. איינער איז געווען א איד, הורדוס דער צווייטער, אגריפאס'עס פעטער, וואָס האָט געהערשט איבער קאלסים. איינעמס א זוהן האָט זיך מגיר געווען און חתונה געהאט מיט אגריפאס'עס יונגערע טאָכטער דראסילא. איינער האָט זיך אליין מגיר געווען און זיך אויך משדך געווען מיט אגריפאס'ען. די צוויי וואָס זענען געווען גוים, איז איינער געווען דעם ווילדען הורדוט'עס אן אוראייניקעל און דער צווייטער האָט גענומען אגריפאס'עס ברודער פאר אן איידים.

אגריפאס האָט נישט גערוהט און זיי אלעמען געוואָלט פעראייניגען אין איין גרויסע מאכט וואָס זאָל קענען בייטשטעהן געגען דער גרויזאמער רוים, איז ער אָבער פלוצלינג געשטאָרבען אין קסרית. פערדעטער האָבען איהם פערגיפטעט און נאָך'ן טויט פון דעם עהרליכען קעניג איז געקומען דאָס גרויסע אונגליק אויף ארץ ישראל.

אין דער צייט האָט אָנגעהויבען זינקען דאָס גלויבען אין געצען. א גרויסער טייל פון די מענשען איז געוואָרען שטאַרק צולאָזען און געטאָן אלדאָסבייז. אנדערע געצענדינער האָבען אָבער אָנגעהויבען גלויבען אין איינציגען גאָט. פיעל פון זיי האָבען זיך מגיר געווען. צומעהרסטען אָבער פרויען. דער גרעסטער טייל אריסטאָקראטישע פרויען האָבען זיך מגיר געווען. געווען אנדערע וואָס האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום. די מעהרסטע האָבען זיך אָבער מגיר געווען. אזוי איז דאָס געווען אין גאַנץ קליין אזיען און אפילו אין רוים אויך.

די גאנצע קעניגליכע פאמיליע מונבז פון אדיאבען, דאָס אַמאָליגע אשור, האָט זיך מגיר געווען. די אלטע קעניגין העלענע איז אזוי צוגעבונדען געוואָרען צו דער אידישער אמונה, אז זי האָט איבערגעלאָזט איהר קעניגרייך און צו־

זאמען מיט איהרע אייניקלעך זיך בעזעצט אין ירושלים אויף שטענדיג.

באלד ווי זי איז אָנגעקומען נאָך ירושלים זענען איהרע צוויי זיהן, איזאטוס און מונבז, וואָס האָבען זיך אויך מגיר געווען, מיטגעקומען. אין ירושלים איז דעמאָלט געווען א גרויסער הונגער, האָבען זיי אוועקגעגעבען א סך געלד צו קויפען שפייז פאר די הונגעריגע ארימע לייט.

זיי האָבען אויסגעבויט שעהנע פאלאַצען אין ירושלים און מונבז האָט געמאכט אלע הענטלעך פון די כלים אין בית המקדש פון גינגאָלד. זיי ליגען בעגראָבען לעבען ירושלים און זייערע אייניקלעך האָבען ארויסגעוויזען פיעל געטריי־שאַפט און העלדישקייט אין דער לעצטער מלחמה פאר'ן חורבן.

די אידישע אמונה האָט זיך שטארק פערשפרייט צווי־שען די געצענדינערישע פעלקער און די אידען האָבען גע־האָפט, אז באלד וועלען מקוים ווערען דעם נביא'ס ווייד, אז עס וועט קומען דער אייביגער שלום אויף דער וועלט. אין דער צייט איז פלוצלינג געשטאָרבען דער גוטער און עהרלי־כער אגריפאס.

אגריפאס האָט איבערגעלאָזט א זיבעצעהן יעהריגען זוהן, אגריפאס דער צווייטער און דריי טעכטער. איינע פון זיי, בעראניקא, איז געווען די בעריהמטסטע איבער איהר גרויס שעהנקייט. קלאדיוס האָט געוואָלט בעשטימען דעם יונגען אגריפאס פאר קעניג איבער ארץ ישראל. די רוימי־שע חויפלייט האָבען איהם אָבער אָבגערעדט און געזאָגט, אז ער איז נאָך צו יונג און ער וועט נישט קענען רעגירען איבער דעם הארטנעקיגען אידישען פאלק. און דאָס הייליגע לאנד איז ווידער געשטיקט געוואָרען אין די גרויזאמע הענד פון די רוימישע גובערנאַטאָרען.

אגריפאס האָט נאָר געקראָגען דעם עבר־הירדן און דאָס רעכט צו בעשטימען א כהן גדול און די אויפזיכט איבער'ן בית המקדש. נאָכדעם ווי אגריפינא, קלאדיוס'עס ווייב האָט פער'סמ'ט קלאדיוס'ען און איהר זוהן נעראָן איז געוואָרען קייסער, האָט אגריפאס צוגעקראָגען טבריה און נאָך דריי שטעדט.

צוויי און צוואַנציג יאָהר האָט געדויערט פון אגריפּאס דעם ערשטען׳ס טויט ביז דער גרויסער אידישער מרידה. די גובערנאַטאָרען האָבען זיך געביטען און דער שפּעטערער איז געווען ווילדער און גרויזאַמער פון פריהערדיגען. זיי האָבען בערויבט דאָס פאָלק און איהם ביטער געפּייניגט. דאָס פאָלק האָט אָפט מורד געווען, די גובערנאַטאָרען האָבען אָבער אַלעמאָל גרויזאַם דערשטיקט יעדען אויפשטאַנד. צעהנדליגע טויזענטער אידען זענען אויסגעקוילעט געוואָרען, טויזענדער זענען געוואָרען געקרייציגט, אידיש בלוט האָט זיך געגאָסען ווי וואַסער און עס איז נישט געווען קיין הילף.

די אידען האָבען זיך בעקלאַגט פאַר נעראָנ׳ען, ער האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צו זיי. ער איז געווען א מורא׳דיג ווילדער טיראַן. ער האָט דערמאָרדעט זיין מוטער און זיין פרוי. ער האָט אונטערגעצונדען גאַנץ רוים און געקוקט מיט פערגעניגען ווי זיין הויפּט־שטאָדט געהט אַוועק מיט׳ן פייער. דאָס קליינע אָרימע אידיש פאָלק וואָס האָט זיך געטרונקען אין בלוט און טרערען האָט געשריגען צו איהם און דער טיראַן האָט זיי נישט געוואָלט העלפען.

אגריפּאס דעם צווייטענס הויזגעזינד איז געווען זעהר פערדאָרבען, האָבען געלעבט זעהר צולאָזען. זיין יונגסטע שוועסטער דראַסילאַ האָט זיך גע׳שמד׳ט און חתונה געהאַט מיט א רוימישען גובערנאַטאָר, איינער פון די ערגסטע פיינט פון די אידען. צווישען די רייכערע און העכערע שיכטען פון פאָלק האָט מען אָנגעהויבען נאָכטאָן אגריפּאס׳ען און עס האָט זיך פערשפּרייט אויסגעלאַסענהייט אין דער הייליגער שטאָדט.

אגריפּאס איז געווען רוים׳ס טרייער דינער און אזוי איז געווען א גרויסע צאָהל פון די אידישע אריסטאָקראַטען. זיי האָט נישט געאַרט וואָס דאָס פאָלק ווערט אונטערדריקט אבי די גובערנאַטאָרען בעציהען זיך פריינדליך צו זיי. עס איז דעמאָלט פערשטאַרקט געוואָרען די מיאוס׳ע מדה פון מסר׳ן. די מוסרים האָבען זיך געמעהרט. אידען האָבען געמוזט געבען א סך כאַבאַר און דער האַס איז ביים פאָלק געוואַקסען פון טאָג צו טאָג.

דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען א נייע אידישע פּאַרטיי.

די סיקריקים. זיי האָבען געטראָגען שארפע מעסערס אונטער די מאַנטלען און זיך נוקם געווען אין די רוימישע סאָלדאַטען און די אידישע מוסרים. אזוי ווי זיי האָבען גע־זעהן אז קיין גערעכטיגקייט קען מען מעהר נישט קריגען ביי די רוימער, האָבען זיי גענומען דאָס געזעץ אין האַנד און אליין גע׳משפט די אונטערדריקער און פעררעטער. טאָ־מער האָבען זיי געהאט א חשד אויף עמיצען, איז יענער שוין נישט לויז געוואָרען פון זייערע הענד. אינמיטען גאַס און אפילו אויפ׳ן הויף פון בית המקדש האָבען זיי איהם דערשטאָכען אויף טויט. פלוצלינג אונגעריכט איז עמיצער געפאַלען טויט און מען האָט נישט געוואוסט ווער ס׳האָט איהם גע׳הרג׳עט. אין גרויסען טומעל זענען די סיקריקים געווען צווישען די שרייער און מען האָט נישט געקענט גע־פינען דעם מערדער.

די מעסער־העלדען האָבען שפּעטער פיעל צרות אָנגעטאָן. א סך האָבען נישט געמאַכט קיין אונטערשיעד צווישען דעם שולדיגען און אונשולדיגען. איז איינער געווען בייז אויפ׳ן צווייטען, האָט ער איהם פער׳מסר׳ט ביי די מעסער־העלדען אלס פעררעטער און פריינד פון רוים און זיי האָבען איהם, אָהן אן אויספאָרשונג אָפּגערוימט פון דער וועלט. צווישען זיי זיינען געווען אזעלכע וואָס האָבען זיך פאר געלד פער־דונגען צו מאָרדען מענשען. זיי האָבען געהאַלטען ירושלים אין גרויס פחד און מען האָט מורא געהאט אויסרעדען א וואָרט קעגען זיי. און אז מען האָט געפונען א דערשטאָכענעם אין בית המקדש האָט מען אויך נישט געטאָרט זאָגען א בייז וואָרט אויף זיי.

---

דער לעצטער רוימישער גובערנאַטאָר, געסיוס פלאָרוס, איז געווען דער ביטערסטער און גרויזאַמסטער פון אַלע פריהריגע רוימישע גובערנאַטאָרען. ביים פאָלק האָט שוין געפלאַצט דאָס געדולד און ס׳האָט מעהר ניט געקענט ליידען. ער האָט אָהן רחמנות געשונדען די הויט פון יעדען איינעם. און דאָס איז איהם נאָך געווען ווייניג. ער האָט געוואָלט אויסרויבען די אוצרות פון בית המקדש.

דער ערשטער פונק וואָס האָט אָנגעצונדען די

גרויסע פייערדיגע מרידה איז געקומען פון קסריה. דאָרט האָבען געוואוינט א סך אידען און גריכען. און די גריכען האָבען אויסגעטיילט די אידען געברענטע פיין. איין שבת, ווען די אידען זענען געווען אין שוהלביים דאווענען, איז געקומען א גריכישער סאָלדאט צו דער שוהל און אָבגעטאָן א מיאוס׳ע זאַך, וואָס האָט אויפגערעגט אַלע אידען. און זיי האָבען זיך געוואָרפען אויף איהם און זיך געוואָלט אָברעכענען מיט איהם.

האָבען זיך פערזאמעלט די גריכען און שטארק צושלאָגען די אידען. די אידען האָבען געזעהן, אז זיי זענען שוואַכער, האָבען זיי גענומען די ספר תורה׳ס און פערלאָזט די שטאָדט. זיי האָבען געשיקט שלוחים צו פלאָרוס׳ען און זיך בעקלאגט פאר איהם, און זיי האָבען איהם דערמאָנט, אז ערשט האָט ער געקראָגען פון זיי א גרויסע סומע געלד, ער זאָל זיי בעשיצען פון די פיינדליכע גריכען. פלאָרוס האָט זיי אויסגעהערט און אריינגעשליידערט אין תפיסה.

דאָס פאָלק פון ירושלים האָט דאָס דערהערט און די אויפרעגונג איז געוואָרען נאָך גרעסער. פלאָרוס האָט באלד געשיקט א בעפעהל נאָך ירושלים מען זאָל איהם שיקען זיבעצעהן צענטער גאָלד פון די אוצרות פון בית המקדש. ירושלים איז אויפגעקאָכט געוואָרען פאר כעס. דאָס פאָלק האָט זיך פערזאמעלט אין בית המקדש צו געפינען אן עצה וואָס צו טאָן. דערווייל האָבען עטליכע אידען געוואָלט מאַכען חוזק פון פלאָרוס׳ען, האָבען זיי גענומען פושקעס אין די הענד און ארומגעגאנגען איבער דער שטאָדט און געבעטען:

— ״שענקט א נדבה פאר דעם אָרימען פלאָרוס!....
שענקט א נדבה פאר דעם אָרימען גובערנאַטאָר!״...

דעמאָלט זענען א סך תלמידים פון די בית הלל, וואָס האָבען זיך תמיד געשטעלט געגען די מרידות, צוגעשטאַנען צו דער פאַטריאָטען פארטיי, די קנאים, וואָס איז ס׳רוב בעשטאַנען פון די שטורמישע בית שמאי. עס איז אויך צוגעשטאַנען צו זיי הלל הנשיא׳ס אור־אור־אייניקעל און שבנא׳ס אור־אייניקעל שמעון בן יאיר, א קינד פון דוד המלך׳ס משפחה.

דער פיהרער פון די קנאים, די זעלאָטען, איז געווען אלעזר בן חנניה, דער זוהן פון הויפּט כהן, וואס איז געווען דער אויפזעהער איבער'ן בית המקדש און אלע כהנים. אלעזר האָט זיי אריינגעפיהרט אין איינער פון די בית המקדש קאַמערן און גערעדט צו זיי איבער דעם גרויסען אונגליק, וואָס רוים איז פאַר'ן פאָלק.

— עס איז איצט מקוים געוואָרען די קללה פון דער תורה — האָט אלעזר בן חנניה געזאָגט — "דער פרעמדער וואָס וואוינט ביי דיר וועט דיך איבערשטייגען". די פרעמדע געצענדיענער אין קסריה האָט נעראָן קייסער אנערקענט פאַר בירגער. און די קינדער פון אונזער פאָלק זענען דאָרט די פרעמדע. ער האָט צוגענומען דאָס רעכט ביי אונזערע ברידער, וואָס וואוינען אין לאַנד פון זייערע עלטערן. דאָס בלוט פון אונזערע ברידער גיסט זיך אין די גאַסען און די פרעמדע בלייבען גערעכט. אזוי איז דאָס אין קסריה און אזוי אין א סך אנדערע שטעדט.

— דאָס האָבען מיר פאַר אונזער גוטס — האָט זיך אָנגערופען אלעזר בן שמעון, א תלמיד פון די בית־הלל און איינער פון די יחוס'דיגע פאַמיליעס אין ירושלים — ווייל אונזערע עלטערן האָבען געפאָלגט די רייד פון רבן גמליאל הנשיא, וואָס האָט ווי הלל הזקן אונז געלערנט מיר זאָלען נישט מאַכען קיין אונטערשיעד צווישען א איד און א גוי. מיר זאָלען זיך האַלטען פריינדליך מיט די געצענדינער; מיר זאָלען שפּייזען זייערע אָרימע לייט; מיר זאָלען מבקר חולה זיין זייערע קראַנקע; מיר זאָלען בעגראָבען די טויטע געצענדינער צווישען אונז. ווייל מיר האָבען דאָס געפאָלגט בעצאָהלען אונז אזוי די פרעמדע געצענדיענער! זייער מאַכט ווערט גרעסער און מיר זינקען אַלץ טיפער. אויב מיר וועלען שווייגען, וועלען זיי אוועקנעמען ירושלים פון אונז און אין בית המקדש וועלען זיי אריינשטעלען זייערע אָבגעטער!

א שטורם האָט אויסגעבראָכען צווישען די פערזאַמעלטע קנאים. זיי האָבען געברענט פון צאָרן. אלעזר בן חנניה האָט זיי דערמאָנט די גבורות פון די חשמונאים. א קליין הייפעלע האָט זיך קעגענגעשטעלט די גריכען, לאָמיר זיך קעגענשטעלען די רוימער. דער נשיא רבן שמעון בן גמליאל האָט שוין

אויך מודה געווען, אז מען קען מעהר נישט ליידען און מען מוז זיך שטעלען פאר גאָט און זיין פאָלק.

— קומט, ברידער, לאָמיר פערטרייבען די רוימער — האָט אלעזר בן חנניה אויסגעשריגען — די חשמונאים האָבען געשריגען "ביי גאָט איז די הילף" און גאָט האָט זיי געהאָלפען, לאָמיר אויך שרייען : "ביי גאָט איז די הילף" און גאָט וועט אונז העלפען

— ביי גאָט איז די הילף ! — האָבען אַלע פערזאמעלטע פייערליך אויסגעשריגען און געווען גרייט צו ווארפען זיך אין פייער צו בעפרייען דאס פאָלק פון גרויזאמען אונגליק.

אלעזר בן חנניה האָט פון א בעהעלטעניש ארויסגענומען שארפע גלאנציגע מעסערס און צוטיילט צווישען די פערזאמעלטע. אַלע האָבען אנידערגעקניהט מיט'ן פנים צום היכל און געשוואוירען ביי גאָט, אז זיי וועלען דאָס געוועהר נישט אוועקלייגען ביז זיי וועלען פערטרייבען דעם פיינד אָדער זיי וועלען פאַלען טויט אין דער מלחמה.

צומאָרגענס איז פלאָרוס געקומען מיט זיין ארמעע נאָך ירושלים. דאָס איז געווען זעכצעהן טאָג אין אייר אין יאָהר דריי טויזענט אכט הונדערט זעקס און צוואנציג. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף'ן פלאץ קעגען הורדוס'עס פאַלאַץ און געהייסען ברענגען דעם כהן גדול מתתיהו בן טעאָפיל, דעם נשיא רבן שמעון בן גמליאל און אלע עלטסטע פון ירושלים.

— גיט מיר ארויס די געמען — האָט ער זיי בעפוילען — פון די אַלע וואָס האָבען געמאַכט חוזק פון מיר און די וואָס בעקלאגען זיך אויף מיר !

— מיר ווייסען נישט ווער דאָס האָט געטאָן ! — האָבען זיי איהם געשוואוירען.

ער האָט זיי שטאַרק בעליידיגט און אוועקגעטריבען. און ער האָט געשיקט דאָס מיליטער אויף דער אויבערשטער שטאָדט, אויף ציון, וואו די גרעסטע לייט האָבען געוואוינט און געהייסען רויבען און מאָרדען אָהן רחמנות.

ווי ווילדע חיות האָבען זיך די גרויזאמע רוימער צושפרייט איבער אַלע גאסען און ווער ס'איז געקומען אונטער זייערע הענד, האָבען זיי דערשטאָכען און צוטרעטען

מיט די פיס. זיי האָבען זיך אריינגעריסען אין די הייזער און אַלץ צובראָכען און פערוויסט. זיי האָבען גערויבט און געשריגען פאר ווילדער פרייד. דאָס געשריי פון די פער־וואונדעטע האָט זיך אויסגעמישט מיט די ווילדע פרעהליכע געשרייען פון די מערדערישע רוימער און די ערד האָט אופגעציטערט.

בעראניקא, אגריפּאס'עס שוועסטער איז דעמאלט געווען אין ירושלים. זי איז געווען געפעהרליך קראנק, האָט זי גע־טאָן א נדר, אז זי וועט געזונד ווערען, וועט זי פאָהרען נאָך ירושלים. אז זי האָט דערהערט פון דעם אונגליק איז זי געלאָפען צו פלאָרוס'ען און זיך געוואָרפען צו זיינע פיס אין גרויס געבעט, ער זאָל צוריקרופען זיינע סאָלדאטען און אבשטעלען די שחיטה. ער איז אָבער געבליבען הארט ווי שטיין און געלאָזט די צוואווילדעטע סאָלדאטען רויבען און מאָרדען אָהן אויפהער.

די שחיטה האָט אויסגעבראָכען פּלוצלינג, קיינער האָט דאָס נישט דערוואַרט. די קנאים, ווי קליין זייער צאָהל איז געווען, האָבען נישט געקענט איינרוהען און זיי האָבען זיך געוואָלט פערזאמלען און וואַרפען אויף די מערדער. שמעון בן יאיר, דער פּרינץ פון דוד המלך'ס משפּחה, האָט נישט געקענט איינזיצען אין הויז, איז ער אוועק צו דער אויבער־שטער שטאָדט, וואו די רוימער האָבען גערויבט און געמאָר־דעט.

ער איז געשטאַנען אליין אין א ווינקעל און צוגעקוקט די מורא'דיגע שחיטה. און פּלוצלונג האָט ער דערהערט א מורא'דיגען קוויטש פון א דערשראָקען קינד, וואס רופט נאָך הילף. ער איז אַרויס פון ווינקעל און געזעהן ווי א איד לויפט אָן פון דעם אָרט, וואו דער געשריי האָט זיך געהערט און אַנטלויפט א דערשראָקענער. שמעון איז געלאָפען נאָכ'ן געשריי און ער האָט דערזעהן א שרעקליך בילד. א רי־זיגער רוימישער סאָלדאט האָט זיך געראַנגעלט מיט א יונג איידעל מיידעל. דער ווילדער רוימער האָט מיט איין האנד זי געהאַלטען פאר איהרע לאַנגע צופּאַטעלטע האר און מיט דער צווייטער האנד האָט ער אראָפּגעריסען פון איהר האַלז

דעם שנור פערל צוזאמען מיט איהר קלייד און העמד פון לייב.

שמעון האָט קיין רגע נישט פערלוירען, האָט ארויסגע־כאפּט דאָס מעסער, ווי אַ צורייצטער טיגער אַ שפּרונג גע־טאָן אויפ׳ן רוימער און איהם אריינגעשטאָכען דאָס מעסער אין הארץ אריין. ווי אַן אונטערגעהאקטער בוים איז דער רוימער געפאַלען טויט צו דער ערד. דאָס מיידעל האָט גע־חלש׳ט און שמעון האָט זי קוים דערכאפּט. זי האָט געהאַל־טען פערמאַכט די אויגען. דאָס פּנים טויט־בלאַס און פון איהר נאָז און מויל האָט גערונען בלוט. דער ווילדער רוי־מער האָט זי אַזוי צושלאָגען, ווען זי האָט זיך געוועהרט קע־גען איהם.

צוטומעלט איז שמעון געשטאַנען מיט דעם פער׳־חלש׳טען מיידעל אויף די הענד. ווער זי איז האָט ער נישט געוואוסט. וואו זאָל ער זי ברענגען ? אין געסעל איז געווען שטיל. די איינוואוינער האָבען זיך בעהאַלטען אין די קע־לערס. שטעהן דאָ האָט ער מורא געהאַט. עס קענען נאָך אָנקומען רוימער. איז ער געשטאַנען צוטומעלט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

איז גלייך צוגעקומען דער מאַן וואָס איז פריהער אַנט־לאָפען. שמעון האָט זיך איינגעקוקט אין איהם און דערזעהן אַז דאָס איז יוסיפוס בן מתתיהו, אַן אנגעזעהענער מאַן, פון דער קעניגליכער פאַמיליע. יוסיפוס האָט געזעהן דעם טויטען רוימער האָט ער בעגריסט שמעון׳ען און געזאָגט :

— וואויל איז אונז וואָס מיר האָבען דאָס איידעלע קינד געראַטעוועט פון אַן אונגליק !...

ער האָט ארויפגעלייגט זיין קאַלטע האנד אויף דעם אָבגעדעקטען הארץ פון מיידעל און זי האָט זיך גלייך אויפ־געכאַפּט פון חלשות און אַראָפּגעשפּרונגען פון שמעון׳ס הענד. זי האָט אַ קוק געטאָן מיט איהרע גרויסע וואונדער־ליכע אויגען אויף שמעון׳ען און זיי פערמאַכט. מיט די הענד האָט זי פערדעקט אהר אָבגעדעקט לייב און איז געוואָ־רען שטאַרק רויט. שמעון האָט אויסגעטאָן זיין מאַנטעל און זי ארומגעהילט. ערשט איצט האָט זי געעפענט די אויגען

און היים געדאַנקט שמעון׳ען. יוסיפוס האָט איהם נאָך אַמאָל געדאַנקט און שטאַרק געלויבט זיין העלדישקייט.

שמעון האָט גאָרנישט געזאָגט. איז צוגעגאַנגען צום טויטען רוימער און ארויסגעצויגען דאָס מעסער און דאָס בלוט אָבגעווישט אין טויטען׳ס קליידער. דאָס מעסער האָט ער פערשטעקט אין זיין גאַרטעל און דעם רוימער׳ס שווערד האָט ער אָנגעטאָן אויף די לענדען.

— האַלט די שווערד אויף אַ גוטען אנדענקען, מיין יונ־גער פריינד — האָט יוסיפוס געזאָגט — האָסט גוט געטאָן וואס דו ביזט מיר געקומען צו הילף. ווער ווייס צו אָהן דיין הילף וואָלט איך געקענט ראטעווען דאָס איידעלע קינד.

שמעון האָט געקענט יוסיפוס׳ען נאָר פון זעהן. און אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אז ער שטאַמט פון אַן אנגעזעהענע משפחה, האָט ער איהם געהאַלטען פאר אַן עהרליכען מאַן. דאָ איז ער ערשטוינט געוואָרען פון יוסיפוס׳עס חוצפה, וואָס ער ריהמט זיך פאַר׳ן מיידעל, אז ער האָט זי געראַטעוועט און שמעון האָט איהם נאָר צוגעהאָלפען. האָט ער איהם גע־וואָלט ווייזען, אז ער איז אַ ליגנער און ער האָט איהם גע־זאָגט.

— איך וועל זיך, חלילה, נישט בעריהמען, וואָס כ׳האָב געראַטעוועט אַ שוועסטער פון אַ רוימער׳ס האַנד. דו ביזט אָבער גערעכט וואָס דו זאָגסט אז אָהן מיין הילף וואָלסטו זי נישט געקענט ראַטעווען. ווי אַזוי וואָלסטו זי געראַטעוועט אַז דו ביזט אַנטלאָפען ?

יוסיפוס האָט איהם דאָס פערשוויגען און פּלוצלונג אָבגע־האַקט דעם שמועס, זאָגענדיג :

— לאָמיר דאָ נישט שטעהן ! ס׳איז אַ גרויסער טומעל, און דו, איידעל קינד, דאַרפסט רוה נאָך דער גרויסער שרעק וואָס דו האָסט געהאַט.

— אָהן דעם קענען מיר דאָ נישט שטעהן—האָט שמעון געזאָגט אויפגערעגט — מיר טאָרען איצט נישט שטעהן און שמועסען, ווען מיר הערען דאָס געשריי פון אונזערע גע־שלאָגענע ברידער!....

יוסיפוס האָט אויפגעקליבען די פּערל פון דער ערד און

זיי זענען אוועק צום פּאַלאַץ פון דער רייכער מרתא בת ביתוס. דאס איז געווען דעם מיידעל'ס היים. שמעון האט נישט געוואָלט אריינגעהן, ווייל ער האט געהאט וויכטיגערע ארבייט צו טאָן. חוץ דעם האט ער נישט געקענט פערטראָגען יוסיפוס'ען. דאס מיידעל האט איהם שטאַרק געבעטען אריינצוגעהן נאָר אז זי האט געזעהן, ער איז איינגעשפּארט, האט זי איהם געזאגט אז זי הייסט צפּורה און זי איז יוסף בן גמלא'ס טאָכטער. איהר פאטער יוסף איז א ברודער פון דעם כהן גדול יהושע בן גמלא. זי איז ערשט געקומען צו גאַסט פון איהר שטאָדט גמלא צום פעטער. זי האָט איהם אויף גיך דערצעהלט ווי אזוי דער רוימער איז זי בעפאַלען.

איהר פעטער איז גערופען געוואָרען צום בייזען פלאָרוס'ען און ער זוימט זיך דארט צו לאנג, איז זי איהם געגאַנגען אנטקעגען און זיך געשטעלט ביים עק גאס און געווארט אויף איהם. דערווייל האט זי געהערט שרעקליכע געשרייען האט זי זיך ארומגעקוקט אפשר וועט זי זעהן עמיצען, וואס וועט איהר זאגען וואס דאס שרייען בעטייט. איז פּלוצלונג געקומען דער רוימער און זי בעפאַלען.

— דעם סוף פון דער געשיכטע ווייסט איהר בעסער—האט זי געזאגט און איהרע שווארצע אויגען האבען געקוקט אויף איהם פול דאנקבארקייט—קומט אריין צו אונז, איך בעט אייך! וועט איהר זעהן ווי איך פיהל נאָך דער שרעק און מיינע קרובים וועלען אייך שטאַרק דאַנקען.

ער האט איהר דאס פערשפּראָכען און איהר געזאגט זיין נאָמען און אז ער שטאַמט פון דוד המלך'ס משפחה, האט זי זיך נאָכמעהר דערפרעהט און דאַנקבאַר געדריקט זיין האַנד.

— איהר וועט אזוי גוט זיין און ווארטען א רגע,—האט זי האלב פערשעמט געבעטען און אומעטיג געשמייכעלט—איך וועל זיך איבערטאָן.

זי איז אריין אין פּאַלאַץ מיט יוסיפוס'ען. אין א ווײַלע האָט יוסיפוס איהם אַרויסגעטראָגען זיין מאַנטעל און ער איז אוועק צום בארג ציון. דער מאַנטעל איז איהם איצט געוואָרען טייער. די איידעלע וואונדערליכע צפּורה, וואס ער האט געראַטעוועט פון טויט איז געווען איינגעהילט אין איהם. אויפ'ן בארג האט ער בעגעגענט אלעזר בן שמעון'ען מיט א

גרופּע קנאים און זיי האבען איהם דערצעהלט אז נאָר וואס האבען זיי געראטעוועט בעראניקא׳ן פון טויט. אז זי איז ארויסגעגאנגען פון פלארוס׳ען זענען עטליכע רוימישע סאָל־דאטען איהר נאָכגעגאנגען און זי געוואלט דער׳הרג׳ענען. נאָר זיי האָבען זי בעשיצט און פעריאָגט די ווילדע רוימער.

בּיסלעכווייז האָט דער בייזער שטורם זיך איינגעשטילט. פלארוס׳עס מיליטער האט זיך אומגעקערט אין לאגער און מיטגעבראכט פיעל רויב. פלארוס האט זיך גענומען דאס גרעסטע חלק און דאס איבעריגע האט די ארמעע צו טיילט צווישען זיך. א סך אידען וואָס האָבען זיך קעגענגעשטעלט די רוימער און זיך נישט געלאָזט בערויבען זענען גענומען גע־וואָרען געפאנגען. פלארוס האט זיי געהייסען שמייסען עפענטליך ווי פערזינדיגטע שקלאפען און דערנאָך אויפהענ־גען אויף די בוימער ארום זיין פאלאץ.

צומאָרגענס האט זיך פערזאמעלט א גרויסער עולם אין דער שטאָדט ציון און בעטראכט דאס צושמעטערטע קוואר־טאל. זיי האבען געקוקט אויף די הרוגים און די פערוויסטע הייזער און שטאַרק געוויינט. זיי האבען געקריצט מיט די צייהן פאר וועהטאָג און געשאָלטען די בייזע רוימער און דער צאָרן האט געפלאקערט ווי פייער.

פלוצלינג איז אָנגעקומען א נייער בעפעהל פון גובער־נאַטאָר פלארוס, די אידישע עלטסטע זאָלען גלייך קומען צו איהם. ווען זיי זענען געקומען צו איהם האָט ער זיי געזאָגט אז ער וויל פרידען און אלס צייכען פון פרידען וויל ער אז דאָס גאַנצע פאָלק מיט די עלטסטע בראש זאָלען געהן אנט־קעגען די נייע רוימישע לעגיאָנען, וואָס קומען היינט נאָך ירושלים און זיי בעגריסען פריינדליך.

אַז די אידען האָבען דאָס דערהערט איז געוואָרען אַ טו־מעל. די זעלאטען זענען געווען געגען דעם. ער האָט אַ בייזען פּלאן, האָבען זיי גע׳טענה׳ט. ער וויל אונז ווידער טאָן שלעכטס. דאָס פאָלק האָט געהאלטען מיט די זעלאטען און נישט געוואָלט אנטקעגען געהן די לעגיאָנען.

די אידישע עלטסטע וואָס האָבען געזוכט שלום האָבען געשיקט צום פאָלק אלע כהנים מיט דעם כהן גדול בראש און די לויים מיט די מוזיק אינסטרומענטען. זיי זענען גע־

גאנגען אין צוריסענע קליידער און געשאָטען אש אויף זייע־רע קעפּ און זיי האָבען בעשוואוירען דאָס פאָלק צוליעב צו טאָן דעם גובערנאַטאָר און פון שלום־וועגען געהן אנט־קעגען די רוימישע לעגיאָנען.

דאָס פאָלק האָט זיך געלאָזט צורעדען און געגאַנגען אנטקעגען. נאָר די זעלאָטען זענען געבליבען פער׳עקשנ׳ט און נישט געוואָלט געהן.

ווען די אידען זענען אָנגעקומען צו די נייע לעגיאָנען האָ־בען זיי אָבגעגעבען זיי א פריינדליכע בעגריסונג און גע־וואַרט די לעגיאָנען זאָלען זיי צוריק בעגריסען. האָט אָבער פלאָרוס פריהער אָבגעמאַכט מיט די לעגיאָנען זיי זאָלען נישט ענטפערן די אידען אויף דער בעגריסונג. האָבען די רוימער געשוויגען און געקוקט בייז אויף די אידען.

דאָס האָט שטאַרק בעליידיגט די אידען און זיי האָבען זיך געבייזערט אויף די עלטסטע, וואָס האָבען זיי צוגע־רעדט דאָס צו טאָן. פּלוצלינג האָבען די לעגיאָנען זיך גע־לאָזט לויפען אויפ׳ן פאָלק, די רייטער האָבען געטריבען די פערד אויף די אידען און זיי געוואָלט צוטרעטען.

אין גרויס שרעק איז דאָס פאָלק זיך צולאָפען אויף אלע זייטען. עס איז געוואָרען א שרעקליכע מהומה. איינער איז געלאָפען איבער׳ן צווייטענס קערפּער. די וואָס זענען נישט צוטראָטען געוואָרען פון די מענשען, זענען צוקוועטשט גע־וואָרען אונטער די צוווילדעטע פערד. און דער גאַנצער וועג איז בעדעקט געוואָרען מיט טויטע.

די זעלאָטען מיט זייערע פיהרער אלעזר בן חנניה, אלעזר בן שמעון און שמעון בן יאיר, דער פּרינץ פון דוד המלך׳ס משפחה, זענען געשטאַנען אויפ׳ן הר־הבית און געוואָלט זעהן וואָס פאַר א קבלת־פּנים די לעגיאָנען וועלען געבען צום רוהיגען פאָלק.

ווי זיי האָבען דערזעהן דאָס שרעקליכע בילד האָבען זיי זיך נישט געקענט איינהאַלטען מעהר און געוואָלט ארויס אנטקעגען די לעגיאָנען, האָבען זיי דערזעהן, אז פלאָרוס פיהרט זיין לעגיאָן צום בית־המקדש און זיי האָבען פער־שטאַנען, אז ער וויל זיך אריינרייסען אין גאָטס הויז און בע־רויבען די אוצרות.

האָבען זיי קיין רגע נישט פערלוירען, צוטיילט זיך אויף צוויי מחנות. איינע אונטער דער אנפיהרונג פון אלעזר בן שמעון, מיט זיי זענען אויך געווען שמעון בן יאיר און זיין יונגערער ברודער יהודה און די צווייטע מחנה אונטער דער קאָמאנדע פון אלעזר בן חנניה.

די ערשטע מחנה האָט זיך בעוואפענט מיט שטיינער און ארויף אויף די דעכער און אָנגעהויבען שליידערן אויפ'ן רוימישען מיליטער. דאָס רוימישע מיליטער איז דעמאָלט געגאנגען אין די שמאָלע, ענגע גאסען, האָט זיי דער פּלוצלינגדיגער האָגעל שטיינער שטארק צוטומעלט און זיי האָבען זיך פערלוירען. דאָס אנטלויפענדע פאָלק האָט אָבגעאָטעמט און זיך אומגעקערט צום מיליטער און אויך אָנגעהויבען זיי באווארפען מיט שטיינער און נישט געלאָזט געהן ווייטער.

די צווייטע מחנה האָט געכאפּט העק און שטיקער אייזען און פערניכטעט די בריק וואָס פיהרט צום בית המקדש. פלארוס האָט געזעהן, אז ער וועט נישט קענען אריינקומען אין בית המקדש. ער האָט זיך אויך דערשראָקען פאר דעם צורייצטען פאָלק, איז ער מיט זיינע לעגיאָנען אינגאנצען אוועק פון ירושלים. ער האָט איבערגעלאָזט איין לעגיאָן צו האַלטען וואך. די קנאים האָבען זיך אָנגענומען מיט פרישען מוטה און זיך געגרייט צום גרויסען אויפשטאנד צו בעפרייען זיך אינגאנצען פון רוים'ס יאָך.

די איינוואוינער פון ירושלים האבען זיך צוטיילט אויף צוויי טייל. דאס פאָלק האט זיך פערבונדען מיט די זעלאָטען און ווי איין מאן געוואלט ארויסטרעטען געגען די רוימער. זיי האבען אויך בעשלאָסען צו רופען צו הילף די אידען וואס וואוינען ביים פּרת און חדקל. די אדיאבאנישע פירשטען וואס האָבען זיך מגיר געווען זענען אויך צוגעשטאנען צו די זעלאטען און זיך אונטערגענומען פועל'ן ביי פּארטיען צו דערקלערען קריעג געגען רוים.

די רייכע אריסטאָקראטיע און די גרויסע פאמיליע פון אגריפאס'ען זענען געווען געגען דער מרידה. זיי האָבען נאָר געזוכט שלום. זיי האבען מורא, האבען זיי געזאגט, פאר רוים'ס גרויסער מאכט.

אגריפּאס איז דעמאָלט געווען אין עגיפּטען. אז ער האט געהערט פון די פאַרבערייטונגען פאר דער מרידה, איז ער שנעל געקומען נאָך ירושלים. ער האט צונויפגערופען דאס פאָלק צום חשמונאים פּאַלאַץ און איז ארויסגעקומען מיט זיין שוועסטער בעראניקא רעדען צום פאָלק.

— טוט דאס נישט ! — האָט ער זיך געבעטען — מאַכט נישט קיין אויפשטאנד. אונזער פאָלק איז קליין, שוואך און אָרים. ווי קענען מיר ביישטעהן געגען דער גרויסער, מעכ־טיגער רוימישער אימפּעריע ! האט רחמנות אויף אייער לע־בען ! — האָט ער געבעטען מיט טרערען — האָט רחמנות אויף אייערע פרויען און קליינע קינדער ! דערבארמט אייך אויף דער הייליגער שטאָדט און אויף'ן בית המקדש. די רוימער וועלען אלץ צושטערען און פאַרניכטען ! האט רחמנות. דער רוימישער אימפּעראטאָר איז גוט צו אונז. דער גובערנאטאָר איז שלעכט. ווען דער אימפּעראטאָר וועט זיך דערוויסען דעם גובערנאטאָרס בייזע מעשים וועט ער איהם אראָפּזעצען און בעשטראפען. מאכט נישט קיין אויפ־שטאנד, דערבארמט אייך !

אז אגריפּאס האט גערעדט איז בעראניקא געשטאַנען לעבען איהם און שטארק געוויינט. ס'האט איהר וועה געטהאן צו זעהן די צרות פון איהר פאָלק. דאס פאָלק איז גערִיהרט געוואָרען פון אגריפּאס'עס רייד און פון בעראניקא'ס טרע־רען און זיך בערוהיגט. עס איז גרייט געווען אויפצוגעבען דעם געדאַנק פון אויפשטאנד און ווייטער צאָהלען די צינזען צו רוים.

אגריפּאס האט געזעהן, אז דאס פאָלק איז מיט איהם, האט ער ווידער אָנגעהויבען רעדען און געבעטען אלע זאלען זיין רוהיג און זיין אונטערטעניג פלארוס'ען ביז ס'וועט קומען א נייער גובערנאטאָר. און דאָ האט ער פערדאָרבען אלץ וואס ער האט ערשט דערגרייכט. ווי ער האט נאָר דער־מאָנט דעם נאָמען פלארוס, האט דאס פאָלק אָנגעהויבען שטורמען פאר כעס, די אויפרעגונג איז צוגעוואקסען און זיי האָבען אָנגעהויבען זידלען און שילטען אגריפּאס'ען און איהם פערוואָרפען מיט שטיינער, ער איז קוים אנטלאָפען מיט'ן לעבען און זיך בעהאלטען.

דאס פאלק האט זיך דערוווייל געפרעהט. פלארוס איז נישט געווען אין שטאָדט. די רוימער האבען מעהר נישט געפיינינגט. באלד, האבען זיי געהאָפט, וועלען זיי פערטריי־בען דעם לעצטען רוימער פון לאנד. עס וועט קומען די ישועה. דעם טאָג האבען זיי געמאכט פאר א יום טוב. דער ערשטער טאָג פון דער גאולה, באלד וועט קומען די פאָל־שטענדיגע בעפרייאונג.

שמעון בן יאיר איז צומאָרגענס געגאנגען צו מרתא בת ביתוס זעהן וואס צפורה טהוט. ער האט זי אָבער דאָרט שוין נישט געפונען. נאָך נעכטען האָט זי זיך אומגעקערט אהיים. זיי האבען זיך געשראָקען פאר׳ן אויפשטאנד און זי גיך אָב־געשיקט צום פאָטער.

שמעון׳ען האט נישט באנג געטהאן וואס ער האט זי מעהר נישט געזעהן. ער האט דאך זי נישט געקענט. ער האט זיך אפילו גוט נישט איינגעקוקט אין איהר פנים. נאָר איהרע וואונדער שעהנע אויגען האבען געלעבט פאר איהם און דער געדאנק, אז ער האט געראטעוועט איהר לעבען האט איינגע־קריצט אין זיין הארץ אן אנגענעהמע עראינערונג.

אויפדערנאכט האט שמעון זיך בעגעגענט מיט אלעזר בן שמעון און געקראָגען א גרוס פון צפורה׳ן. אלעזר בן שמעון האט איהם דערצעהלט, אז זיין כלה מרים, די טאָכטער פון זיין פעטער נקדימון בן גוריון איז צפורה׳ס א חבר׳טע און זיי האבען זיך געזעהן פאר׳ן פאָהרען. צפורה האט מרים׳ען דערצעהלט די געשיכטע ווי שמעון האט זי געראטעוועט פון טויט. האט מרים איהר געזאגט, אז זי קען איהם גוט. ער איז איהר חתן׳ס א נאָהנטער חבר. דעמאָלט האָט צפורה זי גע־בעטען איהם אָבגעבען א האַרציגען גרוס און אז עס טוט איהר שטארק באנג וואס זי קען זיך מיט איהם נישט געזע־גענען און איהם ווידער דאנקען, וואס ער האט זי געראַ־טעוועט.

„איך האָף—האט זי דערנאָך געזאגט—אז מיר וועלען זיך נאָך זעהן. די אידישע קעמפער וועלען בעפרייען דאס לאנד. און אזוי ווי ער האט זיין לעבען איינגעשטעלט צו ראַ־טעווען איין אידישע טאָכטער, וועלען נאָך א סך העלדען זיך מקריב זיין און דאס הייליגע לאנד און גאַנס פאָלק ראטעווען

פון די הענד פון די אונטערדריקער און פייניגער.

שמעון האט געזעהן אז זי געהערט צו זיי. זי האלט מיט די קנאים און זי איז איהם געוואָרען נאָהנט און טייער. לאנג האט ער אָבער נישט געקענט טראכטען פון איהר. די צייט איז געווען אזא גרויסע און רוישיגע און ער האט זיך געגרייט צום גרויסען קאמף, וואָס דארף בעפרייען זיין אונ־טערדריקט פאָלק.

## דער אָנהויב פון גרויסען אויפשטאנד.

עס האט זיך אָנגעהויבען די גרויסע מרידה. דאס פייער פון אויפשטאנד האט זיך צושפרייט איבער דער הייליגער שטאָדט און גאנצען לאנד.

אלעזר בן חנניה האט געגעבען א בעפעהל מען זאל מעהר נישט מקריב זיין דאס טעגליכע קרבן פאר'ן געזונד פון רוימי־שען קייסער, וואס מען האט מקריב געווען פון קייסער אוי־גוסטוס'עס צייטען. אין גליל האט מנחם, יהודה הגליל'ס אייניקעל, זיך געשטעלט בראש פון די מעסער העלדען און זיי זענען פלוצלינג בעפאלען די פעסטונג מסדה. זיי האָבען אויסגע'הרג'עט אלע רוימישע סאָלדאטען און צוגענומען זייער געוועהר און אוועק נאָך ירושלים צו העלפען דעם אויפשטאנד.

די שלום זוכער האבען דערווייל געשיקט שלוחים צו אגריפאס'ען און פלאָרוס'ען, און געפאָדערט זיי זאָלען גלייך שיקען מיליטער נאָך ירושלים און דערשטיקען דעם אויפשטאנד. פלארוס האט נישט געוואלט שיקען מיליטער. עס קען זיין דערפאר, וואס ער האט מורא געהאט צו פער־לירען די שלאכט אדער ער האט געוואלט די מרידה זאל זיך שטארק צופלאקערן און ער וועט מיט א גרויסע ארמעע קו־מען און אלעמען פערטיליגען.

אגריפאס האט ארייגעשיקט דריי טויזענד רייטער. זיי האבען זיך פעראייניגט מיט דעם רוימישען לעגיאָן, וואס האט געהאלטען וואך אין שטאָדט און ארוים אין אן אָפענער מלחמה געגען די קנאים. דאס פאלק איז גלייך צוגעשטאנען צו די קנאים. זיבען טאָג האט געדויערט די מלחמה און די

קנאים האבען צושלאָגען די שונאים און פערטריבען אין הורדוס'עס פּאלאץ.

דריי טאָג האבען די קנאים בעלאגערט דעם פּאלאץ און די פּיינדליכע ארמעע האט זיך ענדליך אונטערגעגעבען. אגרי־פּאס'עס סאָלדאטען האבען איבערגעלאָזט זייער געוועהר און ארויסגעגאנגען גאנץ, קיינער האט זיי נישט געטשעפּעט. די רוימער האבען אויך איבערגעלאזט דאס געוועהר און גע־וואלט פערלאָזען די שטאָדט. אזוי איז געווען דער אָבמאך צווישען רוימישען לעגיאָן קאָמאנדיר און די אידישע עלטסטע.

ווי די רוימער זענען נאָר ארויסגעקומען זענען די סיקריקים, די מעסער העלדען, זיי בעפאלען און אויסגע־הרג'עט. נאָר דעם קאָמאנדיר מייטילים האָבען זיי געלאָזט לעבען. ער האט געגעבען א שבועה, אז ער וועט זיך מגיר זיין.

די שענדליכע טאט האָט פערדראָסען אלעמען. ס'איז א שאנד פאר דער הייליגער שטאָדט און א מיאוס'ער פלעק אויף די אידען. זיי האבען געבראָכען אן אָבמאך. און פער־גאָסען דאס בלוט פון מענשען וועמען זיי האָבען צוגעשוואוי־רען צו לאָזען לעבען.

בערוישט פון נצחון האבען די מעסער העלדען און א גרויסע מאסע נאָך זיי זיך צושפּרייט איבער דער שטאָדט און זיך נוקם געווען אין די פריינד פון די רוימער און די שלום זוכער. זיי האבען אונטערגעצונדען דעם חשמונאים פּאלאץ וואו ס'האָבען געוואוינט אגריפּאס און בעראניקא. זיי האָבען פערברענט דאס הויז פון רייכען כהן חנניה און אוועקגעשיקט מיט'ן פייער דעם גאנצען ארכיוו, וואס איז געשטאנען לעבען פּאלאץ, פערברענט אלע מלוכה פּאפּירען און טייערע דאָקו־מענטען און שריפטען. די מאסען האבען זיך שטארק גע־פרעהט און געטאנצט פאר גרויס שמחה לעבען פייער.

די שלוחים וואָס האָבען געבעטען אגריפּאס'ען און פלאָ־רוס'ען זיי זאָלען שיקען מיליטער נאָך ירושלים האבען זיך בעהאלטען אין הייהלען און אין די וואסער רינעס אונטער דער ערד.

די קנאים האבען נישט געהאט קיין נחת פון די ווילד־קייטען. זיי זענען געווען שטארק קעגען אזעלכע שוידערליכע

מעשים. זיי האבען געזעהן אז די מעסער העלדען וועלען זיי פערשאפען פיעל צרות אין דעם גרויסען אויפשטאנד און וועלען נאך מיטשלעפען מיט זיך דאס פאלק. זיי זענען אבער געווען הילפלאז. די מהומה איז געווען צו גרויס. די ליידענשאפטען פון די מאסען האבען זיך פריי ארויסגעריסען און געווילדעוועט און ס'איז אונמעגליך געווען זיי צו צוימען.

ווען די נייעס פון דעם דערמארדעטען רוימישען לעגיאן, איז אנגעקומען נאך קסריה, זענען די גוים בעפאלען די דארטיגע אידען און אויסגע'הרג'עט צוואנציג טויזענד נפשות. די איבריגע האט פלארוס געפאנגען און זיי געמאכט פאר קנעכט אויף די שיפען. דאסזעלבע איז געשעהן אין אנטאכיא און אין אלעקסאנדריא אומעטום, אין די גוי'שע לענדער, זענען די גוים בעפאלען די אידען און געמאכט אויף זיי שרעקליבע שחיטות.

די אידען פון ארץ ישראל האבען דאס געוואחר געווארען און גענומען נקמה פון די גוים וואס האבען געוואוינט אין ארץ ישראל און א סך פון זיי אויסגע'הרג'עט. אידישע אבטיילונגען זיינען אריבער דער גרעניץ און געמאכט שחיטות אויף די שכנ'ישע גוישע שטעדט. די שחיטות האבען זיך פערגרעסערט און פערשפרייט אויף אלע שטעדט און דערפער. די גוים זענען בעפאלען די אידען און די אידען די גוים.

די אינערליכע מלחמות האבען געגאסען אויל אויפ'ן פייער. טויזענטער און צעהן טויזענטער פרייוויליגע זענען צוגעשטאנען צו דער קנאים ארמעע. די אידען פון פרעמדע לענדער האבען זיך אומגעקערט נאך ירושלים און צוגעשטאנען צו דער מרידה. זיי זענען בעפאלען די פעסטונג קפרוס לעבען יריחו און אויסגעראט דעם רוימישען לעגיאן. די רוימישע וואך-סאלדאטען פון פעסטונג מכור האבען געוואוסט, אז זיי וועלען נישט קענען ביישטעהן די אידישע קעמפער, האבען זיי אליין פערלאזט די פעסטונג. די קנאים האבען זיך פערפעסטיגט דארט און זי געהאלטען ביז'ן סוף פון אויפשטאנד.

צעסטיוס גאלוס, דער רוימישער שטאטהאלטער פון סיריען האט גענומען דרייסיג טויזענט רוימישע סאלדאטען און געגאנגען אויף ירושלים. די געצענדינער פון ארום ארץ

ישראל זענען צוגעשטאַנען צו איהם. אגריפּאַס איז איהם אויך געקומען צו הילף מיט דריי טויזענט פוסגעהער און צוויי טויזענט רייטער.

ווי א שטורם־ווינד האָט זיך די גרויסע ארמעע געטראָגען אויפ׳ן הייליגען לאַנד. זיי האָבען פערברענט שטעדט און דערפער און אויסגע׳הרג׳עט אלע איינוואוינער און דערגאַנגען ביז גבעה, א מייל־וועגס פון ירושלים. דאָס איז געווען שבת חול המועד סוכות.

צעסטיוס גאלוס האָט שוין אָבער נישט געקענט געהן ווייטער. פעראייניגט זענען די קנאים ארויס אנטקעגען איהם און נאָך א קורצע אָבער שארפע אטאקע האָבען זיי איהם צוריקגעשטויסען. מיט נצחון־געשרייען און א סך קריעגס־רויב האָבען די קנאים זיך אומגעקערט נאָך ירושלים.

דריי טעג האָט צעסטיוס זיך אָבגערוהט און אויפ׳ן פירטען טאָג בענייט די אטאַקע. אגריפּאַס איז געווען זיין וועגווייזער און איהם אריינגעפיהרט דורך׳ן נייען שטאָדט־קווארטאַל ביז צו דער מויער. און ווייטער האָט ער שוין נישט געקענט ריהרען. די קנאים זענען געשטאַנען אויף דער מויער און אלעמאָל איהם צוריקגעשטויסען.

צעסטיוס האָט געזעהן, אז ער וועט נישט געווינען, האָט ער זיך אויסגעדרעהט מיט דער ארמעע און געוואָלט אוועק פון ירושלים. זענען די קנאים אראָפּ פון מויער און אויסגעשטעלט זיך אויף די בערג און איהם דערלאַנגט שרעקליכע קלעפּ.

ווען צעסטיוס איז געקומען אין טאל פון בית חורון האָט ער געזעהן, אז אויף די בערג ארום האָבען איהם די קנאים ארומגערינגעלט און זיי וועלען זיין גאַנצע ארמעע אויס׳־הרג׳ענען. ס׳איז געווען ביינאַכט. פינסטער. האָט ער געשיקט פיער הונדערט אויסגעפּרואווטע סאָלדאַטען אנטקעגען די קנאים. די קנאים האָבען אין דער פינסטער געמיינט אז זיי האָבען פאר זיך די גאַנצע ארמעע און זיי אָנגעהויבען אטאַקירען. די פיער הונדערט סאָלדאַטען זענען טאקי אלע געפאַלען, אָבער צעסטיוס האָט דערווייל ארויסגעפיהרט שטיל זיין ארמעע און אנטלאָפען.

די ארמעע האָבען די קנאים שוין נישט געקענט דעריאָ־

גען, די אַרמעע האָט אָבער, אַנטלויפענדיג, איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע געוועהר, די בעלאַגערונגס־מאַשינען און אַן אוצר גאָלד. די קנאים האָבען דאָס גאַנצע רויב געבראַכט נאָך ירושלים. דאָס גאָלד האָבען זיי געשאָנקען אין אוצר פון בית המקדש. דאָס געוועהר האָבען זיי צוטיילט צווישען זיך און די בעלאַגערונגס־מאַשינען האָבען זיי אויסגעשטעלט אויפ׳ן הר־הבית. זיי האָבען אויך געפאַנגען דעם פאָהן פון דער רוימישער אַרמעע.

די פרייד אין ירושלים איז געווען זעהר גרויס. אַלע האָבען זיך געפרעהט מיט גאָט׳ס הילף. אָט האָבען זיך אומגעקערט די וואונדערליכע טעג פון די חשמונאים. מעכטיג האָבען די אידען זיך געשלאָגען מיט די רוימער און זיי בעזיעגט. זיי האָבען זיך מעהר נישט געשראָקען פאַר די רוימער און זיך בעריהמט:

״אַזוי ווי מיר האָבען בייגעקומען צעסטיוס׳ען אַזוי וועלען מיר בייקומען זייערע אַלע לעגיאָנען. מיר האָבען די מאַכט און ביי גאָט איז די הילף״.

אַז די קנאים האָבען בעזיעגט דעם אויסערליכען פיינד זענען זייערע אינערליכע געגנער אויך געוואָרען שלום מיט זיי. אַלע רייכע אריסטאָקראַטען זענען צוגעשטאַנען צו זיי. ווען נישט די מעסער־העלדען, וואָלטען אַלע געווען פעראייניגט ווי איין מאַן און רוים וואָלט נישט חרוב געמאַכט ירושלים.

אָבער מנחם, דער פיהרער פון די מעסער־העלדען האָט צושטערט דעם שלום. ער האָט געפאַנגען חנניה׳ן און חזקיה׳ן, די אנגעזעהנסטע פיהרער פון ירושלים און פיעל קרובים אלעזר בן חנניה׳ס און זיי בעשולדיגט אַלס פעררעטער, וואָס זיי האָבען געזוכט שלום מיט רוים און ער האָט זיי דער׳הרג׳עט.

דאָס האָט שוין געגוג אויפגערעגט די קנאים. איז דאָס נאָך געווען ווייניג פאַר מנחם׳ען. האָט ער זיך אָנגעטאָן אין קעניגליכע קליידער און געקומען אויפ׳ן הר־הבית און געזאָגט, אַז ער איז משיח.

מעהר האָבען די קנאים זיך נישט געקענט איינהאַלטען. זיי האָבען זיך געשטעלט אונטער דער אַנפיהרונג פון אלעזר

בן חנניה און בעפאלען די מעסער־העלדען און זיי פערטרי־בען פון הר־הבית.

מנחם איז אנטלאפען און אלעזר בן חנניה האט איהם נאכגעיאגט. לויפענדיג האט מנחם זיך פערטשעפעט אין זיין לאנגען קעניגליכען מאנטעל און איז אומגעפאלען. אלעזר בן חנניה מיט די קנאים האבען איהם פערשטיינט צום טויט. א קליין הייפעלע פון די מעסער־העלדען האט זיך ארויסגע־כאפט פון שטאדט און אנטלאפען צו זייערע פריינד אין פעסטונג מסדה.

ס'איז געווארען פאלשטענדיג רוהיג אין ירושלים. די קנאים האבען צוריק געבראכט דאס סנהדרין. דער נשיא רבן שמעון בן גמליאל איז געווארען בעשטעטיגט פון די קנאים אלס נשיא און ער האט זיך פעראייניגט מיט די קנאים. עס זענען אויך צוגעשטאנען די גרעסערע חכמים. דעם נשיא'ס זוהן רבן גמליאל, דעם נשיא'ס איידים רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי חנינא סגן הכהנים, רבי זכריה בן אבקולוס און פיעל אנדערע מיטגלידער פון סנהדרין.

דער קנאים־פיהרער אלעזר בן חנניה איז געווען שטארק בעליעבט ביי די חכמים. איינמאל ווען די חכמים זענען גע־קומען מבקר חולה זיין זיין פאטער חנניה, האט אלעזר זיי געבעטען, זיי זאלען גוזר זיין די אידען זאלען זיך פולשטענ־דיג אבזונדערן און דערווייטערן פון די געצענדינער, וואס וואוינען אין ארץ ישראל.

— איהר זעהט דאך, אז די געצענדינער זענען אונזערע פיינד. מיר האבען געלעבט פרידליך און פריינדליך מיט זיי — האט אלעזר בן חנניה געזאגט צו די חכמים — און זיי האבען אין פיעל שטעדט אויסגעקוילעט אונזערע ברידער. ווען מיר זיין אבגעזונדערט פון זיי, וועלען זיי נישט קע־נען זיין רוים'ס שפיאנען צווישען אונז. די חכמים האבען מסכים געווען מיט איהם און דעמאלט גוזר געווען אז די אידען מוזען זיך שטרענג אבזונדערן פון די געצענדינער.

דאס פאלק האט געוואוסט, אז רוים וועט אזוי גרינג נישט אבלאזען ארץ ישראל. אגריפאס'עס קרובים האבען זיך ארויסגע'גנב'עט און אוועק צו נעראנ'ען, וואס איז דע־מאלט געווען אין גריכענלאנד. די קנאים זענען זיכער געווען

אז זיי וועלען נאָכמעהר העצען נעראָנ׳ען אנטקעגען די אר־דען. האָבען זיי זיך גענומען גרייטען צו דער גרויסער מלחמה מיט רוים. דאָס גאַנצע פאָלק איז צוגעשטאַנען. א טייל האָט געגעבען געלד און די אַנדערע זענען אריין אין דער פער־טיידיגונגס ארמעע.

א פיבערהאַפטע טעטיגקייט איז אָנגעגאַנגען אין ירושלים. אלע האָבען זיך געלערנט פעכטען און שיסען. די שטאָדט איז פול געוואָרען מיט ווערקשטאַטען צו מאַכען געוועהר. זיי האָבען פערפעסטיגט די מויערן און צוגעמויערט א נייע מויער. די מויער וואָס אגריפאס דער ערשטער האָט אָנגע־פאַנגען בויען און די רוימער האָבען איהם פערבאָטען בויען, איז איצט געוואָרען פערענדיגט. די גאַנצע ארבייט פון קריעגס־צוגרייטונג איז צוגעגאַנגען רוהיג און ערנסט. איין ווילען און איין הייסער פערלאַנג האָט אָנגעטריבען די אר־בייט — דער ווילען צו בעפרייען דאָס לאַנד פון דעם פיינד.

עס איז געקומען חנוכה. האָט דאָס גאַנצע פאָלק פייערליך געפייערט דעם בעפרייאונגס־יום־טוב. עס האָט זיי דערמאָנט אָן חשמונאים העלדענמוטה און זיי האָבען דאָך איצט געהאַט פאר זיך פונקט אזא גרויסען מאָמענט, ווען העל־דענמוטה איז געווען זעהר נויטיג.

אלעזר בן שמעון האָט חנוכה חתונה געהאַט מיט זיין כלה מרים, נקדימון בן גוריון׳ס טאָכטער. די חתונה איז געפייערט געוואָרען מיט גרויס פאַראַד. בעזונדער צופרידען מיט דער חתונה זענען געווען די קנאים. נקדימון בן גוריון האָט פריהער געהאַלטען מיט די שלום־זוכער. און אַז זיין טאָכטער׳ס חתן אלעזר בן שמעון איז געוואָרען דער קנאים אנפיהרער, האָט ער געוואָלט אָבלאָזען דעם שדוך. איצט אַז די חתונה איז געפראַוועט געוואָרען האָבען די קנאים געזעהן אז נקדימון בן גוריון איז צו זיי צוגעשטאַנען און זיי האָבען זיך שטארק געפרעהט.

אן מיטוואָך איז געווען די חתונה. נאָכמיטאָג האָבען אלע יונגע געסט, דעם חתן׳ס פריינד, זיך פערזאַמעלט אין חתן׳ס הויז און געגעסען און געטרונקען און דערנאָך האָבען

זיי מיט גרוים פּאראַד אַוועקמאַרשירט אין נקדימון׳ס פּאַלאַץ.

דער חתן איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין א קרוין פון בלו־מען און רויזען געפלאָכטען מיט הדסים. ער איז געווען איינ־געהילט אין אַ טייערען טלית פון תכלת געוועבט מיט גאָלד און בעזעצט מיט דימאַנטען. אַ מאַנטעל האָט ער געטראָגען פון טייערען גרין זייד און ארומגעגאַרטעלט מיט א קינסט־לעריש געשטריקטען ווייס זיידענעם גאַרטעל. אין גאַרטעל האָבען געשטעקט זיין פען און שטעמפּעל.

די געסט זענען געגאַנגען מיט הדסים קרוינען אויף די קעפּ און לולבים אין די הענד. זיי האָבען געוואָרפען די לולבים אין דער הויך און זיי געשיקט געכאַפּט. פּאָראויס איז געגאַנגען א גרויסע קאַפּעליע כלי־זמרים און געשפּילט און דער גאַנצער עולם האָט געטאַנצט אינמיטען גאַס.

אַז זיי זענען צוגעקומען צו דער דוד גאַס האָבען זיי געזעהן פון ביידע זייטען גאַס גרויסע פעסער מיט אָפענע קראַנען. פון איין זייט האָט געגאָסען דער טייערסטער וויין פריי פאַר יעדען דורכגעהער צו טרינקען. פון דער צווייטער זייט — דער טייערסטער בוימאויל גרייט פאַר יעדען זיך צו שמירען און אויספּוצען. איטליכער וואָס האָט געוואָלט, האָט געקענט נעמען פולע טעפּ וויין און אויל און טראָגען צו זיך אהיים.

די חדר־קינדער פון דער גאַס האָט מען געלאָזט פריי און מען האָט זיי געטיילט ניס און צוקערוואַרג און געברענטע זאַנגען. די מחנה ארום חתן איז געוואָרען גרעסער און גרע־סער ביז זיי האָבען זיך אינמיטען וועג בעגעגענט מיט דער פרויען־מחנה וואָס האָט ארויסגעפיהרט די כלה פון איהר הויז אַנטקעגען צו געהן דעם חתן.

די כלה האָט געטראָגען אַ זעלטענעם דעקטוך. טייערע גאָלדענע רינגען בעזעצט מיט שהם שטיינער. איהר ווייס זיידען קלייד האָט פערלויכטען די גאַס. די האָר צולאָזען שלעפּען זיך נאָך אויף דער ערד. אַ וואונדערליכע גאָלדענע קייט מיט די זעלטענסטע סאַפּירען האָט בעצירט איהר געּ־טאָקטען האַלז. אויפ׳ן קאָפּ האָט זי געטראָגען אַ גאָלד־שטאָדט, אַ קרוין אין וועלכער די שטאָדט ירושלים איז גע־

ווען אויסגעקריצט. אויף דעם אָרט פון בית המקדש איז געזעסן א יהלום־שטיין, וואָס האָט געבלענדט די אויגען.
די כלה איז געזעסן אין א טייערן חופה געצעלט. א רויט־זיידען געצעלט מיט א תכלת־דאך, געוועבט מיט גאָלד. אכט שווארצע יונגען אין ווייס־זיידענס געקליידט האָבען געטראָגען דאָס חופה־געצעלט. צעהן אינדישע מיידלעך זענען געגאַנגען פאָראויס און געריכערט ווייהרויך און די טייערס־טע געווירצען. פאר זיי זענען געגאַנגען צעהן סירישע מייד־לעך און געטראָגען פלאַקערס אין די הענד.
די אנגעזעהענסטע, רייכסטע און שעהנסטע פרויען פון ירושלים אין זייער גאַנצער פראַכט און מיט דעם טייער־סטען צירונג בעהאַנגען האָבען ארומגערינגעלט די חופה. די גאַנצע מחנה איז געפיהרט געוואָרען פון א גרויסע קאַ־פעליע מוזיקאַנטען, וואָס האָט געשפּילט די שענסטע מוזיק.
ווען די צוויי מחנות האָבען זיך בעגעגענט האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט. די מוזיק איז שטיל געוואָרען. די כלה איז אראָבגעגאַנגען פון איהר חופה־געצעלט. איהר חבר'טע, אָן אונטערפיהרערין, האָט זי געפיהרט פאר'ן האַנד. זי האָט גע־מאַכט עטליכע טריט פאָראויס און זיך פערנייגט פאר'ן חתן. דער חתן איז איהר אַנטקעגען געגאַנגען, געפיהרט פון זיין אונטערפיהרער שמעון בן יאיר. דער חתן האָט גענומען די כלה פאר'ן האַנד און צוגעגאַנגען מיט איהר צום חופה־געצעלט און זיי האָבען זיך ביידע אויפגעזעצט. און די שוואר־צע קנעכט האָבען אויפגעהויבען דעם חופה־געצעלט און זיי גענומען טראָגען. די מוזיק האָט אָנגעהויבען שפּילען פרעה־ליכע נגונים, די געסט האָבען צוגעטאַנצט און די שטאָדט האָט געקלונגען מיט דער גרויסער שמחה.
דעם חתן'ס אונטערפיהרער און דער כלה'ס אונטער־פיהרערין זענען געבליבען שטעהן איינס לעבען ס'אנדערע און זיך אָנגעקוקט. שמעון האָט געזעהן, אַז זי איז איהם בעקאַנט, ער האָט זיך אָבער אין אָנפאַנג נישט געקענט דער־מאָנען וואו ער האָט זי געזעהן.
ערשט ווען ער האָט אין איהרע אויגען זיך איינגעקוקט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס זענען צפּורה'ס ליכטיגע אויגען. דאָס מיידעל וואָס ער האָט געראַטעוועט איהר לע־

בען. זי האט בעמערקט, אז ער דערקענט זי, האבען איהרע אויגען נאכמעהר אויפגעלויכטען און זי איז רויט געווארען פאר פרייד.

— קיין וואונדער נישט, מיין הערר, וואס איהר האט מיך גלייך נישט דערקענט — האט צפורה אנגעהויבען רעדען צו איהם — ווען איהר האט מיך געזעהן בין איך געווען צר־שלאגען און צוקלאפט. איך האב געהאט אן אנדער פנים, אינגאנצען געשוואלען און בלוט האט מיר גערונען פון מויל. איך וויים, ווען איך בין אריין אין הויז און געקוקט אין שפי־געל האב איך זיך אליין נישט דערקענט.

—איהר האט זיך, איידעלע טאכטער, שטארק געביטען און צום גוטען — האט שמעון זיך אנגערופען — איהר זענט ווידער די גרויסע שעהנהייט. איך בין גליקליך וואס איך זעה אייך דא אויף דער שמחה. איך פרעה זיך איצט טאפעלט.

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת — האט זי איהם נאאיוו געזאגט — אז נאר צוליעב דעם בין איך געקומען אויף דער חתונה. מיין פאטער האט מיך נישט געוואלט לאזען פאהרען נאך ירושלים. האב איך איהם שטארק גע־בעטען, ער זאל מיך לאזען פאהרען אויף מרים׳ם חתונה. איך האב געוואוסט, אז אויף דער חתונה וועל איך האבען דאס גליק מיט אייך זיך צו זעהן און אייך דאנקען פאר דער הילף וואס איהר האט מיר געגעבען נאך איידער איהר האט געוואוסט ווער איך בין. מיר זענען דאך די אונטער־פיהרער, ווען מיר נאך קענען א סך רעדען, איצט מוז איך געהן צו דער כלה.

זי האט איהם דערלאנגט די האנד, געקוקט אויף איהם מיט דאנקבארע בליקען און אוועק צו די טאנצענדיגע מייד־לעך. שמעון איז אוועק צו די בחורים. אלע האבען געטאנצט און געשפרונגען. ער איז אבער געווען צורודערט פון דער פלוצלינגער בעגעגעניש מיט צפורה׳ן.

---

נקדימון בן גוריון איז געווען דער גרעסטער מאגנאט פון ירושלים. זיין פאלאץ איז געווען אזוי שעהן און אזוי רייך ווי א קעניגליכער פאלאץ. ביים אריינגאנג זענען געווען

צעהן הויכע שטיגען פון געשניצטען מארמאר. אויף די שטיגען זענען געשטאנען בעיאָהרנטע דאמען, די אנגע־זעהענסטע פון שטאָדט און געהאלטען פער׳חתמ׳עטע פלע־שער ווייך און אנטקעגען געטאנצט דער כלה מיט די פלעשער וויין.

ווען די מחנות זענען צוגעקומען צום פאלאץ האָבען די בעיאָהרנטע דאמען זיך אויסגעשטעלט אין צוויי שורות און דורכגעלאָזט די געסט, טאנצענדיג צו זיי מיט די פלעשער. אזוי האָבען זיי געטאנצט ביז אלע זענען אריין אינוויינינ.

דער זאל פאר דער יוגענד איז געווען געוואלדיג גרויס און ברייט. צום הויף איז געווען א רייהע קאלאנען פון וויי־סען דורכזיכטיגען מארמאר געבראכט פון אטען. יעדער קאלאן איז אין דער הויך געווען בעפוצט מיט עגיפטישען רויטען מארמאָר. קיין סטאטועס אָדער בילדער פון מענשען און לעבעדיגע בעשעפענישען איז אין גאנצען פאלאץ נישט געווען. דאָס איז פערבאָטען ביי אידען.

די ווענד און דער באלקען זענען געווען אויסגעמאָלען מיט זעלטענע געמעלען פון רויזען, בלומען און פרוכטען. די מאלעריי איז אזוי קינסטלעריש געווען, אז מען האָט געמיינט זיי וואקסען ארויס פון באלקען און די ווענד.

פון באלקען האָבען אראָפגעהאנגען טייערע זילבערנע מנורות בעצירט מיט צדונ׳יש גלאָז. אויף די ווענד זענען געהאנגען גאָלדענע לייכטער מיט געשליפענע זילבערנע שפיגלען איינגעראהמט אין קארינט׳ישען קופער. ארום די לייכטער זענען געווען קונציג געשריבענע העברעאישע אויפ־שריפטען. פסוקים פון דער תורה, מוסר־ווערטער און משלים פון די חכמים.

די פאדלאגע איז געווען געמאכט פון בעסטען צעדער־האָלץ אָבגעשמירט מיט דער טייערסטער פארב און אויסגע־לייגט מיט זעלטענע גרינע טעפּיכען, די קאלאנען זענען גע־ווען בעזעצט מיט בלומען פון יריחו און די טייערסטע פרוכ־טען. די מנורות און לייכטער זענען געווען ארומגעוויקעלט מיט גרינע בלעטער פון אלערליי בוימער אין לאנד. אין מארמארנע בעקענס זענען געשטאנען איבער דער גאנצער לענג פון זאל מילגרוים בוימער, ניס און מאנדעל בוימער,

אפּעלסינען און פּערשקעס בוימער. די בוימער זענען גע־בראַכט געוואָרען פון די גערטנער פון עין גדי. אין די ווינק־לען זענען געשטאַנען זיידענע דיוואַנען צו זעצען זיך אָב־רוהען.

אז די געסט זענען אריינגעקומען האָבען זיי געטראָפען ארום די לאַנגע טישען אויסגעזעצט די ארימע לייט פון ירושלים. נקדימון בן גוריון און זיין פרוי האָבען צוזאַמען מיט זייערע קנעכט און דינסטען בעדינט די אָרימע לייט און זיי געגעבען א רייכע סעודה אָבצועסען. יעדער אָרימאַן האָט געקראָגען א סומע געלד לכבוד דער חתונה.

אַז די אָרימע לייט האָבען געענדיגט זייער סעודה האָבען זייערע פּנים׳ער געשטראַלט פון דעם גוטען וויין וואָס זיי האָבען געטרונקען און די טייערע מאכלים. זיי האָבען זיך אויפגעשטעלט לכבוד חתן־כלה און זיי געגעבען א ברכה. חתן־כלה האָבען זיי שטאַרק געדאַנקט און די אָרימע לייט האָבען גענומען געהן אהיים. האָט די מוזיק לכבוד זיי אויפ־געשפּילט און מען האָט זיי געלאָזט וויסען, אז מאָרגען, אין דערזעלבער צייט, ווען מען וועט פיהרען חתן־כלה צום חתן׳ס פאָטער, זאָלען זיי דאָרט אהינקומען. ס׳וועט זיין גרייט פאַר זיי א גרויסע סעודה און געלד מתנות. די אָרימע לייט האָבען געדאַנקט און ארויסגעגאַנגען זינגענדיג פרעה־ליך.

איצט האָט מען אָנגעצונדען די מנורות. דער טייערער בוימעל האָט צוטראָגען די טייערסטע ריחות. דאָס ליכטיג־קייט האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין די גלאַנצענדיגע שפּיגלען און דער גאַנצער זאַל האָט זיך געשפּילט אין גרוים ליכ־טיגקייט.

אויבען־אָן איז געשטאַנען דאָס חופּה־געצעלט. דאָרט זענען געזעסען חתן־כלה. די געסט זענען געזעסען גרופּעס־ווייס און די קנעכט זענען געגאַנגען אריין און ארוים און בעדינט דעם עולם. דאָ האָט מען געבראַכט טייערע געבעקס און זעלטענע געטראַנקען. דאָ האָט מען געגאָסען אפרסמון־אויל פון קריסטאָלענע פלעשלעך. א טייל קנעכט האָט אויס־געשפּרייט טייערע געווירצען און אנדערע האָבען געפאָכעט מיט פעכער צו מאַכען קיהל אין זאַל.

דער עולם האָט נאָך געדאַרפט וואַרטען צוויי שעה ביז די חכמים וועלען קומען בענטשען דאָס פּאָר־פּאָלק און שטע־לען די חופּה. זענען דערווייל די בחורים צוגעגאַנגען צו די מיידלעך און זיי געפרעגט רעטענישען און גוט פערבראַכט. ד׳ערנאָך איז בעשלאָסען געוואָרען צו זינגען.

אלע האָבען זיך אויסגעזעצט און געוואָלט וואַרפען גורל וועלכער בחור אָדער מיידעל זאָלען זינגען א ליעבע־ליעד. חתן־כלה האָבען זיך א ווײַלע געסוד׳עט און געזאָגט אז מען דאַרף נישט וואַרפען גורל. די אונטערפיהרער שמעון בן יאיר און צפּורה קענען שעהן זינגען, זאָלען זיי זינגען.

שמעון און צפּורה האָבען אפילו נישט געוואָלט זינגען, גאָר דער חתן איז דאָך דער קעניג פון אווענד, האָבען זיי איהם געמוזט פאָלגען.

מען האָט אַריינגעבראַכט דער כלה׳ס האַרפע. צפּורה האָט זיך אויפגעהויבען, דאָס פּנים פערדרויטעלט און זי האָט געזאָגט:

— איך קום פון א קליין שטעדטעל אין גליל. ווי קום איך זינגען פאַר די טעכטער פון ירושלים? נאָר אז איהר בעפעהלט, מוז איך פאָלגען. איך וועל זינגען דאָס געזאַנג פון א פעלד און גאַרטען מיידעל, ווי איך, דאָס ליעד פון שולמית אין שיר השירים.

זי האָט גענומען די האַרפע אין האַנד. איהרע איידעלע פינגער האָבען אָנגעהויבען שוועבען איבער די סטרונעס און א שטילער, דינער נגון ווי דאָס געזאַנג פון שטילען שלוח־קוואַל האָט זיך צוטראָגען איבער׳ן זאַל. איהר פּנים האָט געלויכטען פון הייליגער בעגייסטערונג און זי האָט גע־זונגען:

איך שלאָף און מיין האַרץ איז וואַך.
איך הער א שטימע...
מיין געליעבטער רופט...
„עפען, שוועסטער, עפען דיין טיר.
עפען, פריינדין, שטילע טויב!
מיין קאָפּ איז פייכט פון טוי
און מיינע לאָקען נאַס פון די נאַכט־טראָפּענס...“

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיין געליעבטער איז נישטאָ,
ער איז פערשוואונדען...
געזוכט האָב איך איהם
און נישט געפונען...
גערופען איהם און ער האָט נישט
געענטפערט...

זי האָט זיך אויסגעדרעהט צו שמעון בן יאיר, געקוקט אויף איהם מיט אויגען פול ליעבע און בעטענדיג געזונגען:

די וועכטער האָבען מיך געפונען,
די וועכטער וואָס דרעהען זיך אין שטאָדט.
זיי האָבען מיך געשלאָגען, מיין הארץ פערוואונדעט.
אוועקגענומען פון מיר מיין שלייער...

אז זי האָט דאָס געזונגען זענען איהרע אויגען געוואָרען פול טרערען. אלע געסט זענען שטארק גערירהט געוואָרען פון איהר הארציג זינגען. נאָר שמעון מעהר פון אלע... דער זאָל האָבען געשטורמט פון הידד געשרייען.

פלוצלינג האָט צפורה זיך א קעהר געטאָן צו די מיידלעך, אראָפגעלאָזט די אויגען, אויפגעהויבען די רעכטע האנד און מיט א ריהרענדע שטימע געבעטען זיי.

איך בעשווער אייך, ירושלים׳ס טעכטער,
געפינט איהר מיין געליעבטען...
וואָס וועט איהר זאָגען איהם ?...
זאָגט !
איך בין קראנק פון ליעבע...

— הידד ! הידד ! הידד !
—חן ! חן ! חן! חן ! — האָבען אלע געשריגען.
מינוטען לאנג האָבען די דאנק-געשרייען אָנגעהאלטען. אלע זענען געווען בעצויבערט פון איהר וואונדערליכען זינגען.

שמעון איז געווען שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט געוואוסט אַז זי האָט געזינגען צו איהם. אַז זי האָט איהם דערלאַנגט די האַרפע און געקוקט אויף איהם מיט איהרע ליעבע אויגען האָט אַ שטורם זיך אויפגעהויבען אין זיין האַרץ. ער האָט אַ ווייז געטאָן מיט׳ן פינגער אויף איהר, אָנגעהויבען שפּי־לען און זינגען:

ווער איז זי וואָס לייכט ווי דער
מאָרגענשטערן?
שעהן איז זי ווי די לבנה
לויטער ווי די זון
מיין האַרץ געמאַכט אונרוהיג?...

שעהן ביזטו, פריינדין, ווי תרצה...
פּרעכטיג ווי ירושלים...
וואונדערליך ווי נדגלות...

האָסט מיך בעהאַרצט, שוועסטער,
כלה מיין.
האָסט מיך בעהאַרצט
מיט איין אויג פון דיינע
שעהנע
מיט אַ האַלזבאַנד פון
דיין האַלז...

צפורה האָט זיך שטאַרק פעררויטעלט. זי האָט פערשטאַ־נען אַז שמעון זינגט דאס צו איהר. און איהרע אויגען האָבען אָנגעהויבען שיינען און לייכטען מיט דעם ליכט פון גליק און געברענט ווי פייער.

פּלוצלונג האָבען ביידע זיך גענומען פאַר די הענד און בעגייסטערט געזונגען:

ווי שעהן ביזטו און ווי זיס,
דו ליעבע אין פערגעניגען!

די וואנד האָבען געציטערט פון די הידד אויסרופען און הענד פּאַטשעריי. דער גאַנצער עולם האָט זיך גוט געהויבען און זיי בעגריסט און געבענשט. אלע האָבען געקוקט אויף זיי מיט גרויס פרייד. יעדער האָט פערשטאַנען אז דאס געזאַנג איז נישט געווען אָנגעשטעלט, נאַר געקומען פון זייערע טיעפע הערצער.

אז דער שטורם האָט זיך בערוהיגט האָט דער חתן געבעטען שמעון'ען ער זאָל זינגען א מלחמה ליעד. שמעון האָט געפיהרט צפורה'ן צו דער כלה און זי דאָרט איבערגעלאָזט. צפורה האָט זיך היים צוקושט מיט דער כלה. שמעון איז אוועק צו די בחורים און אָנגעהויבען זינגען א ליעד וואס רופט און וועקט צו מלחמה פאר גאָט, פאָלק און לאַנד.

דער עולם האָט צוגעהאָלפען, זיי האָבען געזונגען אין כאָר און צוגעזונגען :

לאָמיר פעכטען ! לאָמיר שטרייטען !
מלחמה האלטען ! ביי גאָט איז די הילף !
לאָמיר שטרייטען ווי יהודה !
לאָמיר פעכטען און אויסרופען :
ביי גאָט איז די הילף !

—די מחותנים און דאס סנהדרין קומען ! — האָט מען אויסגערופען.

ס'איז געוואָרען שטיל. די מענער האָבען זיך אויפגעהויבען און געגאַנגען אַנטקעגען דאס סנהדרין און די מחותנים. פאָראויס איז געגאַנגען דער נשיא רבי שמעון בן גמליאל, א מאַן אין די פופציגער, דאס פּנים פול יונגע קראַפט און איידעלקיים. זיין לאַנגע באָרד וואס האָט געגרייכט ביז'ן גאַרטעל איז שוין געווען גרוי. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין א ווייס זיידענעם מאַנטעל, די זוימען געוועבט מיט זילבער. א פּורפּערנער גאַרטעל מיט גאָלד געשטיקט ארום די לענדען. אויפ'ן קאָפּ א תכלת טוך מיט א גאָלדענע קרוין. ער איז שוין געווען דער פיערטער דור נשיא.

מיט איהם איז געגאַנגען דער אראָפּגעזעצטער כהן גדול, חנן, א צדוקי. דער נשיא האָט איהם אָבער מקרב געווען פון

שלום וועגען. עס איז געקומען דער אַלטער גוריון מיט זיינע דריי זיהן: נקדימון, דער כלה'ס פאטער; שמעון, דעם חתן'ס פאָטער, און זייער עלטסטער ברודער יוסף. דערנאָך זענען געגאַנגען דער אראָפּגעזעצטער כהן גדול יהושע בן גמלא, זיין ברודער יוסף בן גמלא, צפורה'ס פאטער; רבי שאול בן בטנית; רבי זכריה בן אבקולוס; רבי אליעזר בן הורקנוס, דעם נשיא'ס איידים; אלעזר בן חנניה, דער קנאים פיהרער און נאָך בעריהמטע חכמים, סנהדרין מיטגליעדער און די אָנגעזעהענסטע לייט פון ירושלים. באַלד זענען אויך אריינגעקומען די מחותנת'טעס מיט די בעריהמטע פרויען פון שטאָדט.

עס איז אויך אַריינגעקומען יוסיפוס בן מתתיהו. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט און צוואַנציג יאָהר, האָט גע־שטאַמט פון אַ בעריהמטער כהנים פאַמיליע, האָט זיך גע'־חבר'ט מיט די חכמים און געקענט גוט גריכיש. אַלס אינגעל איז ער געווען אַן עסעיער און שפעטער איז ער איבערגע־גאַנגען צו די פרושים.

פריהער מיט צוויי יאָהר איז ער געפאָהרען נאָך רוים בע־טען פאַר צוויי אידישע שלוחים וואָס זיינען געזעסען אין רוימישען געפענגנים. אַ יאָהר צייט איז ער געווען אין רוים. אַז ער איז צוריקגעקומען האָט ער זיך נישט געקענט אָבלויבען פון רוים'ס גרויסקייט און שטאַרק געריהמט איהרע גרויסע לייט און פיהרער. דעמאָלט האָט ער זיך דערנעהנ־טערט צו אַגריפאַס'ן, וואָס איז געווען זיינער אַ קרוב און ער האָט פעראַכט די פרושים. ער האָט געלאַכט פון זיי און גע־זאָגט אַז זיי גיבען זיך אָב מיט נאַרישקייטען. פון די קנאים האָט ער געמאַכט דאָס גרעסטע חוזק. מיט שפּאָט האָט ער געקוקט אויף זיי, וואָס זיי האָבען די העזה מורד צו זיין אין דער מעכטיגער רוימישער אימפּעריע, וואָס בע־הערשט די וועלט.

ווען די קנאים האָבען געזיעגט און פערטריבען צעס־יוס'ען האָט ער זיך געענדערט. ער האָט זיך אָנגעטאָן די קליידער פון אַ כהן און געגאַנגען איינגעהילט אין אַ חכמים־מאַנטעל, האָט אַנגעשטעלט אַז ער איז אַ פרוש און מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ פרומען און גאָטספאָרכטיגען.

די פרושים האָבען זיך געפרעהט וואָס ער איז מיט זיי. זיי האָבען געוואוסט אז ער איז זעהר געלערנט, קען וועלט־ליכע קענטעניש, ער איז גוט בעקאנט מיט די רוימער, ווייס זייער מלחמה־פיהרונג און לאנד־אָרדנונג.

אז יוסיפוס איז אריין האָט צפורה דערצעהלט שמעון׳ען אז ווי יוסיפוס האָט זיך בעקענט מיט איהר אין איהר פעטער׳ס הויז, איז ער צו איהר צוגעשטאַנען מיט ליעבע ערקלערונגען און ער וויל זי זאָל מיט איהם חתונה האָבען. איהר פעטער און מוהמע זענען מסכים, נאָר זי וויל נישט. איצט, נאָכדעם ווי זי האָט געזעהן וואָס פאַר א פייגלינג ער איז; ער איז אַנטלאָפען און זי איבערגעלאָזט אין ווילדען רוימער׳ס הענד, איז ער איהר מיאוס געוואָרען, זי קען נישט קוקען אויף איהם, זיינע רייד עקלען זי.

יוסיפוס איז גלייך צוגעגאַנגען צו צפורה׳ן און איהר אָנגעהויבען מאַכען קאָמפּלימענטען, האָט ער אָבער באַלד געוואָהר געוואָרען אַז צפורה און שמעון האָבען זיך געזונגען ליעבע ליעדער, איז ער בלאַס געוואָרען, א קוק געגעבען אויף שמעון׳ען און געזאָגט:

—וועה צו די אויערן וואָס הערען דאס! ווייסט איהר נישט אַז ווען מען זינגט שיר השירים ווי א ליעד, הילט די תורה זיך איין אין א זאַק און קלאָגט פאַר׳ן רבונו של עולם: דיינע קינדער מאַכען פון מיר א ליעד!....״

— טאַטע! ווי גיט מען מעשר פון שטרוי?״ — האָט שמעון כלומר׳שט געפרעגט זיין חבר. אַן אָנצוהערעניש אַז יוסיפוס׳עס טענות זיינען פונקט ווי עשו׳ס...

— ס׳שאַדט נישט — האָט דער נשיא זיך אָנגערופען — ווער עס זאָגט א פסוק אין צייט ברענגט גוטס אויף דער וועלט.

— ווי האָבען זיי אָבער געמעגט הערען דאָס געזאַנג פון אַן אשה? — האָט יוסיפוס ווייטער גע׳טענה׳ט.

— מען טאָר נישט הערען דאָס קול פון א פערהייראַטע פרוי, א מיידעל׳ס קול מעג מען — האָט איינער פון די חכמים געזאָגט.

— איצט ווייס איך פאַרוואָס יוסיפוס הצדיק איז פון מיר אַנטלאָפען — האָט צפורה זיך געוויצעלט — דער רוי־

מער האָט מיך געשלאָגען האָב איך געשריגען, איז ער אנט־לאָפען, ווייל ער האָט נישט געטאָרט הערען מיין קול....

די יונגע חברה האָט זיך צולאַכט. יוסיפוס האָט זיך אוועקגעדרעהט און געזאָגט צו די חכמים:

—רבותי, צייט צו דאווענען מנחה!

אַלע האָבען זיך געכאַפּט קוקען צום הימעל און יהושע בן גמלא האָט בעשטעטיגט:

—יא, שוין צייט.

די פרויען זענען ארויס פון זאַל און די מענער האָבען זיך געשטעלט דאווענען.

נאָכ׳ן דאווענען האָט מען געשטעלט די חופה. און די געסט האָבען זיך געזעצט צו דער סעודה.

די אונטערפיהרער, שמעון און צפורה, האָט מען אוועק־געזעצט אין חתן כלה׳ס צימער. אין פיערען זענען זיי גע־זעסען ביים טיש און געגעסען.

—איך בין אַ ירושלים טאָכטער, יאָ? — האָט די כלה געזאָגט צום חתן — וויל איך וויסען צי די שבועה וואס צפורה האָט בעשוואוירען די ירושלים טעכטער גילט אויך אויף מיר און איך מוז זאָגען איהר געליעבטען, וואס זי האָט געהייסען?...

—וואס ווען איהם זאָגען, אז ער ווייס שוין סיי ווי — האָט דער חתן איהר געענטפערט — נאָר ווילסט זאָגען — זאָג, מיר׳ן הער׳ען וואס ער וועט זאָגען.

די כלה האָט געזאָגט צו שמעון׳ען מיט אַ שמייכעל:

—וואס זאָל איך דיר זאָגען אז דו ווייסט דאָך! איהר האָט אין אייערע ליעדער מעהר גערעדט וועגען אייער ליעבע וויפיעל איך און אלעזר פאר דער גאַנצער צייט.

—איך בין נישט זיכער — האָט שמעון וואַרים געבעט־טען צפורה׳ן — אזוי לאַנג ווי דו וועסט מיר נישט זאָגען אָפען. איך קען נישט זיין זיכער מיט מיין גליק ביז כ׳וועל נישט הערען קלאָר פון דיר אז מיין ליעבע איז דיר ליעב.

—פון דער ערשטער רגע וואס איך האָב דיך דערזעהן, ווען דו האָסט מיין לעבען געראַטעוועט, האָב איך אויף אַ מינוט נישט אויפגעהערט טראַכטען פון דיר, מיין הערר.

האָסט געוואונען מיין הארץ. דיין ליעבע איז מיין ערשטע און לעצטע האָפנונג אין לעבען. אבער...

—וואס אבער! — איז שמעון געוואָרען דערשראָקען.

—אבער איך קען נישט געבען מיין הסכמה ביז דו וועסט רעדען מיט מיין פאטער. איך בין זיין קינד און ער האָט דאס רעכט אויף דעם. וועל איך דיר געבען מיין צושטימונג אָהן מיין טאטען'ס וויסען, בעגעה איך א גרויסע זינד.

—ביזט גערעכט, איידעלע טאָכטער — האָט שמעון געזאָגט — דיין טאטע איז דאָך דאָ, וועל איך איהם באַלד פרעגען. איך האָב נאָר מורא פאר דיין פעטער און מוהמע. זיי וועלען אפשר שטערען, זיי ווילען דאָך יוסיפוס'ען פאר דיר.

—זיי רוהיג, פריינד מיינער — האָט צפורה איהם דערקלערט — מיין טאטע און דער פעטער זיינען טאַקי ברידער. זיי האָבען אבער נישט דעם זעלבען כאַראַקטער. דעם וואס מיין פעטער וועט וועלען, וועט דער טאטע נישט וועלען הערען פון איהם, בלויז דערפאר וואס ער געפעלט דעם פעטער...

—וואס מיינסטו דערמיט? — האָבען חתן כלה זי געפרעגט.

—דער טאטע וועט נישט חתונה מאכען זיין טאָכטער מיט א מאן וואס איז פאר רוים — האָט צפורה קורץ און שאַרף זיי געענטפערט.

—אזוי לייכטזיניג איז יוסיפוס?! — איז דער חתן אויפגעשפרונגען — ער האַלט מיט רוים?

—אז ער איז לייכטפיסיג ווייס איך — האָט צפורה געזאָגט שפּאָטיש — ער איז גיך אנטלאָפען און מיך געלאָזט ביים רוימער. איך ווייס אבער אז ער איז א נאָהנטער פריינד מיט מיין פעטער, וואס איז איינגעשפּאַרט אז מיר מוזען זיין אונטערטעניג צו רוים, אויב מיר ווילען אז דאס פאָלק זאָל קענען לעבען רוהיג.

—אויב אזוי, וועל איך נאָך היינט רעדען מיט דיין טאַטע, וואס איז אונזער פריינד און האַלט מיט אונז — האָט דער חתן געזאָגט — איך בין זיכער אז ער וועט מסכים זיין זאָלסט חתונה האָבען מיט מיין פריינד, ווען דו האָסט

ליעב. מיט דיין פעטער האָב איך אויך עפּעס צו ריידען. דאָס וועט אָבער זיין אן אנדער לשון. וועל איך עס טאָן אַן אַנדערש מאָל.

ווי זיי האָבען גערעדט האָבען זיי דערהערט א גרויסען טומעל אין זאַל. זיי זענען גיך אריין און דערזעהן ווי אַלע שטופּען זיך צום הויף. זיי זענען אויך ארוים און זיי האָבען דערזעהן א מאָדנע בילד. עס איז דאָך געווען די רעגען־טעג, איז דער הימעל פּלוצלונג געוואָרען לויטער. נאָר קליינע, לייכטע וואָלקענס טראָגען זיך איבער'ן הר הבית. די וואָל־קענס זענען געווען רויט ווי בלוט. דאָס רויטקייט האָט פערנאָסען דאָס בית המקדש און עס האָט אויסגעזעהן ווי דאָס בית המקדש ברענט...

פערוואונדערט זענען אַלע געשטאַנען און געקוקט אויף דעם מאָדנעם בילד און זיי זענען פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען פאר שרעק. א מורא'דיג בילד האָט זיך בעוויזען, די וואָל־קענס זענען געוואָרען שוואַרץ און פינסטער און אויפ'ן שוואַרצען הימעל האָבען זיי דערזעהן פייערדיגע פערד און פייערדיגע רייטער טראָגען זיך בליץ שנעל אויף דער היילי־גער שטאָדט, א שרעקליך גרויסע מחנה ווי זיי וואָלטען גע־קומען בעלאַגערען ירושלים...

ביז דאָס מורא'דיגע בילד איז נישט פערשוואונדען האָט קיינער זיך נישט געריהרט פון אָרט. שפּעטער איז דער עולם אריין אין זאַל. חתן כלה האָבען זיך געזעצט אין חופּה־געצעלט און שמעון מיט צפּורה'ן נעבען זיי און אַלע האָבען אָנגעהויבען רעדען וועגען די מאָדנע ערשיינונגען אויפ'ן הימעל.

— דאָס איז א שלעכטער סימן — האָט יהושע בן גמלא געזאָגט—מיר האָבען שוין געהאט עטליכע שלעכטע סימנים. דאָס מזרח טויער פון בית המקדש הויף, וואָס איז אזוי שווער אַז צוואנציג מענשען מוז מען האָבען צו קענען עפענען, האָט זיך לעצטענס אין האלבע נאכט אליין געעפענט... די כהנים האָבען בייגאכט געהערט א שטימע אין בית המקדש, ווי פון א גרויסע מחנה, וואָס האָט אויסגערופען: "לאָמיר אוועקגעהן פון דאנען!"

א סך האָבען מיטגעהאלטען מיט איהם און דערקלערט

דאָס בילד אלס א שלעכטען סימן פאר אידען. אנדערע האָבען געזאָגט אז דאָס איז א גוטער סימן. גאָט וועט שיקען זיין הילף און פערטרייבען די רוימער.

דער נשיא האָט דעם שמועס אָבגעהאקט און געזאָגט:

— דער נביא האָט אונז געזאָגט מיר זאָלען נישט מורא האָבען פאַר די צייכענס פון הימעל. אז אידען טוען גאָט'ס רצון בעווייזט ער זיינע נסים און מיר זיינען זיכער.

— גוט. דער נשיא איז גערעכט — האָט חנן דער אראָפּגעזעצטער כהן גדול זיך אָנגערופען — אין צייט פון געפאהר טאָר מען זיך דאָך נישט פערלאָזען אויף נסים. מיר מוזען זיך דאָך צוגרייטען צו דער מלחמה. מיר דארפען וואָס מעהר סאָלדאטען, געוועהר. מיר דארפען בעפעסטיגען די מויערן און אָנגרייטען שפייז וויפיעל נאָר מעגליך.

עטליכע עשירים האָבען זיך שטיל צונויפגערעדט און נקדימון האָט דערקלערט:

— שפייז נעמען מיר אויף זיך. איך גיב אוועק מיינע שפייכלער ווייץ און גערשטען פאַר דער שטאָדט און עס וועט גענוג זיין אויף פיעל יאָהרען פון בעלאַגערונג.

— איך גיב אוועק מיינע שפייכלער זאַלץ און די קעלערס וויין. און אויל — האָט בן כלבא שבוע זיך אָנגערופען — א דאנק גאָט, האָב איך זעהר פיעל.

— און איך גיב מיינע סקלאַדעס האָלץ — האָט צוגעגעבען בן צצית הכסת.

דער נשיא איז שטארק צופרידען געוועזן דאָס צו הערען. ער האָט געבענטשט די עשירים און דער גאַנצער עולם האָט נאָכגעזאָגט: אמן.

— וועגען פערפעסטיגען די מויערן — האָט דער הויפּט פון די קנאים, אלעזר בן חנניה דערקלערט — איז נישטאָ וואָס צו זאָרגען. ירושלים איז פעסט און זיכער. אונזער אַרמעע וואַקסט מיט יעדער רגע. פון אדיאבען זענען געקומען צוויי גרויסע קריעגס-פיהרער. קעניגליכע פּרינצען, מונבז און קנדאי, זיי זענען זיכער, אז פּארטיען וועט אַרויסטרעטען געגען רוים און בעפאלען סיריען. די רוימער וועלען זיין פערנומען מיט דער מלחמה מיט די פּארטיער און וועלען

נישט קענען שיקען גרויסע ארמעען אויף אונז.

— די גערמאַנער און גאַליער האָבען אויך רעוואָלטירט, די רוימישע לעגיאָנען זענען מיט זיי אויך פערנומען — האָט חנן דערצעהלט.

— אין דער צייט ווען די רוימישע מיליטער־פיהרער פיהרען גרויסע מלחמות אויף דער גאַנצער וועלט — האָט דער חתן אריינגערעדט — איז דער אימפּעראַטאָר נעראָן אין גריכענלאַנד און גיט זיך אָב מיט ווילדע צולאָזענע הו־ליאַנקעס. די מלוכה פיהרונג פון דער רוימישער אימפּעריע ליגט איהם נישט אין זינען, געהט עס אין רוים אויך נישט צו רוהיג. אין רוים קומען אויך אָפט פאָר פערשווערונגען און א סך בעריהמטע סענאַטאָרען האָבען שוין בעצאָהלט מיט זייער לעבען.

— אייך איז גרינג מבטל זיין רוים. זי מאכען צו גאָר־נישט — האָט יוסיפוס זיך אָנגערופען — הלואי וואָלט אזוי געווען. איך וואָלט זיך שטארק געפרעהט. איהר וועט מיר אָבער פערצייהען, איך דענק אנדערש. איך בין געווען אין רוים און געזעהן איהר מאכט. זי איז אן אלטע ריזיגע אימפּעריע. א סך וואסערן וועלען אָבלויפען ביז זי וועט אונטערגעהן. ביז דער צייט וועלען א סך פעלקער און קעניג־רייכען ליגען אונטער איהרע פיס, און וואס קענען מיר טאָן, א קליין, שוואך און ארים פאָלק ? אונזער ארמעע איז יונג, ניי. אייזענע וועגען האָבען מיר נישט. מיר האָבען נישט קיין מאשינען. דאָס אלץ וואָס מען דארף פאר א מלחמה האָ־בען מיר נישט. און ווען אפילו מיר וועלען האָבען אזויפיעל סאָלדאטען ווי דאָס זאמד ביים ים און יעדער איינער וועט זיין גוט בעוואפענט, וואו וועלען מיר נעמען קריעגס־פיה־רער ? ווער וועט פיהרען אונזערע ארמעען ? ווער וועט זיי פיהרען אנטקעגען די מלחמה־געאיבטע רוימישע לעגיאָנען, וואָס פון קינדוויים אויף לעבען זיי אין מלחמות ?

די רייד וואָס זענען נישט געווען פאלש האָבען געמאכט א שטארקען רושם. דער עולם איז געוואָרען צוטומעלט און גע־שוויגען. אפילו די פרויען האָבען זיך ערנסט איינגעהערט. יוסיפוס האָט געזעהן דעם שטארקען איינדרוק, וואָס ער האָט געמאכט, און ער האָט גערעדט ווייטער :

— דערפאר איז מיין עצה אזוי : אויב איהר ווילט מאכי מלחמה, מאכט עס קלוג. מיר קענען איצט מאכען נאָר פלוצלינגדיגע אטאקעס. צו שטעהן אין שלאכט מוזען מיר האָבען געבילדעטע פעלדמארשאלען, אזעלכע וואס האבען געזעהן רוימישע מלחמות, זענען בעקאנט מיט זייער קריעגס־טאַקטיק. אזעלכע פעלדמארשאלען דארפען מיר נישט נאָר אין ירושלים, נאָר אויך אין גאַנץ יהודה, אין גליל, אין עבר הירדן, אין אדום און אויף אלע ערטער וואו דער פיינד קען זיך וועלען דורך זיי אריינרייסען אין לאנד. ס׳איז בעסער ווען מען לאָזט דעם פיינד נישט אריבער געהן אונזער גרעניץ. ווען ער איז שוין אין לאנד, איז שווער איהם ארויסצוטרייבען. דערווייל פערנעמט ער שטעדט, די איינוואוינער מוזען איהם צאָהלען צינזען, ער בעפעסטיגט זיך אין זיי און קריגט פון זיי שפייז פאר זיין ארמעע.

— איך בין זיכער מיט מיין שטאָדט גמלא, אין מזרח גליל — האָט דערקלערט יוסף, צפורה׳ס פאָטער — דער פיינד וועט נישט קענען צוקומען צו אונז. גמלא איז שטארק בעפעסטיגט און אלע איינוואוינער זענען גרייט צו געהן אויף לעבען און אויף טויט. מיט גאָט׳ס הילף וועלען מיר דעם פיינד אָבשטויסען און פערניכטען.

— דאָס זעלבע האָט מיך פערזיכערט מיין פריינד יוחנן פון גוש חלב — האָט דער נשיא דערצעהלט — מיין פריינד יוחנן זאָגט, אז זיין שטאָדט גוש חלב אין דרום גליל איז א שטארקע פעסטונג און אלע אידען זענען גרייט צו געהן אין פייער און נישט צולאָזען דעם שונא. די צרה איז נאָר מיט די איינוואוינער פון צפורי, אין מערב גליל, זיי האלטען נאָך אלץ מיט אגריפאס׳ען "רוים׳ס פריינד" און די טבריה׳ר אידען זענען אויך צוטיילט צווישען זיך.

— דארף מען דאָרט בעשטימען א טיכטיגען און מוטיגען גענעראל, ער זאָל זיי פעראייניגען פאר דער מלחמה פאר גאָט און זיין פאָלק — האָט אלעזר בן חנניה געגעבען אן עצה.

— דאָס וועט געשעהן מאָרגען — האָט דער נשיא געזאָגט — מאָרגען רופען מיר א פערזאמלונג אויפ׳ן הר־הבית און דאָס פאָלק וועט אויסקלייבען די גענעראלען.

— מיר דארפען האָבען אזעלכע גענעראַלען — האָט יהושע בן גמלא זיך אָנגערופען — וואָס זאָלען קענען שליסען פרידען מיט רוים, אויב רוים וועט אויפהערען צערנען אויף אונז.

— אויפהערען צערנען איז ווייניג — האָט חנן געזאָגט — מיר דארפען אַ ריכטיגען פרידען. מיר זאָלען מעהר נישט האָבען קיין רוימישע גובערנאַטאָרען און מיר וועלען זיך קלייבען אונזערע הערשער.

— גוט, אָבער ווען מיר וועלען בעשטימען פאר גענעראל איינעם וואָס האָט געבראָכען אַן אָבמאַך און דערמאָרדעט דעם אונטערגעגעבענעם רוימישען לעגיאָן, וועט דאָך רוים קיינמאָל נישט וועלען שליסען פרידען מיט אונז — האָט געזאָגט יהושע בן גמלא.

ער האָט געמיינט אלעזר בן חנניה׳ן, וואָס האָט אָנגעפיהרט די קנאים מחנה, ווען די שאנדטאַט איז געשעהן. דאָס האָבען אפילו נישט געטאָן די קנאים, נאָר די מעסער־העלדען, דאָך האָבען אַ סך מענשען געהאַלטען אלעזר בן חנניה׳ן פאר שולדיג. אלעזר בן חנניה האָט זיך גלייך אָנגערופען:

— אויב איהר מיינט מיך, בין איך שוין מוחל דעם כבוד. איך וויל נישט קיין שום אמט. איך וויל נאָר אַ זיכערן און פעסטען פרידען פאר אונזער פאָלק.

— דאָס טאָר נישט געשעהן! — איז דער חתן אויפגעשפרונגען — אויב מיר וועלען אזוי האַנדלען מיט דעם מאַן, וואָס האָט געבראַכט אונזער הילף, וועלען מיר זיך פערזינדיגען אויף אייביג. איך וויל נאָר זעהן ווער עמען וואָלט איהר אויסגעקליבען אנשטאַט איהם, איך זעה דאָ נישט קיינעם, וואָס זאָל איהם קענען פערטרעטען.

— דעם חתן! דעם חתן! — האָבען אַ סך זיך אָנגערופען. —

אין קלוגשאַפט, העלדישקייט און מוטה איז דער חתן געווען גלייך צו אלעזר בן חנניה׳ן. זיי האָבען געוואָלט אויסקלייבען דעם חתן, אויב אלעזר בן חנניה קען נישט ווערען אויסגעקליבען.

— דער חתן טאָר נישט אַ יאָהר צייט געהן אין קריעג — האָט יהושע בן גמלא דערמאָנט.

און דער חתן איז אויך בעזייטיגט געוואָרען אלס קאַנ־דידאט פאַר גענעראַל. יעדער פון די ביידע אלעזר'ס איז גע־וועזן וויכטיגער אַנטקעגען די אַלע אַנדערע קאַנדידאַטען.

רבי זכריה בן אבקולוס האָט געראַטען מען זאָל בעשטי־מען די עלטסטע פון די כהנים פאַר פעלדמאַרשאַלען. רבי אליעזר בן הורקנוס איז געווען געגען. און אבא שאול האָט צוגעגעבען:

— דער אַמט פון כהן גדול איז דאָך איצט פערשוועכט. עס איז דאָך איצט געוואָרען ווי סחורה. ווער עס גיט מעהר קויפט עס. עטליכע רייכע פאַמיליעס, וואָס האָבען אָנגע־זאַמעלט זייערע פערמעגענס פון תרומה און מעשר, וואָס זיי האָבען גענומען מיט געוואַלט ביים פאָלק און גאָרנישט אוועקגעגעבען די אַרימע לייט, האָבען פערכאַפּט דעם היי־ליגען אַמט.

יהושע בן גמלא'ן האָבען די רייד געשטאָכען ווי מיט מעסערס. זיין ווייב מרתא בת ביתוס האָט דאָך געקויפט פאַר איהם פאַר א גרויסע סומע געלד, דעם אַמט פון כהן גדול.

אלעזר בן חנניה האָט געהאַט הנאה צו זעהן ווי זיין פיינד יהושע בן גמלא ווערט בעליידיגט און ער האָט געבעד־טען אבא שאול'ן, ער זאָל איבערזאָגען זיינע ווערטלעך, וואָס ער האָט וועגען די דאָזיגע רייכע כהנים־פאַמיליעס. אבא שאול האָט איהם צוליעב געטאָן און איבערגעזאָגט די ווערטלעך:

"די כנסת ישראל קלאָגט און וויינט און זאָגט אזוי:

אוי, וועה איז מיר דורך דער פאַמיליע ביתוס! אוי, וועה איז מיר פון זייערע שטעקענס!

אוי, וועה איז מיר דורך דער פאַמליע חנין! אוי, וועה איז מיר פון זייערע העצערייען!

אוי, וועה איז מיר דורך דער פאַמיליע קתרוס! אוי, וועה איז מיר פון זייערע שרייב פעדערן!

אוי, וועה איז מיר דורך ד'ער פאַמיליע פאַבי! אוי, וועה איז מיר פון זייערע קלעפּ!"

יהושע בן גמלא און חנן האָבען געוואָרפען בייזע בליקען אויף אבא שאול'ן און ער האָט צוגעגעבען:

— יאָ, אזוי איז דאָס! די העצערייען, די שלאָג־שטע־

קענס און די פויסטען פון אייערע כהנים פאמיליעס האָבען געבראכט דאָס אונגליק אויף אונזער פאָלק. אייערע פאמי־ליעס זענען אזוי: די טאטעס זיינען כהנים; די זיהן גבאים; די איידימעס—פערוואלטער און זייערע קנעכט שלאָגען דאָס פאָלק מיט שטעקענס...

יהושע און חנן האָבען זיך מעהר נישט געקענט איינ־האַלטען און אָנגעהויבען זיך קריגען מיט אבא שאול'ען. זייערע קרובים זענען צוגעשטאַנען צו זיי. יוסיפוס האָט זיך אריינגעמישט און אָנגעהעצטביידע צדדים, די מחלוקת זאָל זיך גאָר צופלאקערן. מרתא בת ביתוס האָט זיך אויך אריינגעמישט. זי האָט זיך געבייזערט וואָס מען האָט אריינ־געמישט איהר פאמיליע.

דאָ האָט דער נשיא זיך אריינגעמישט. ער האָט געזעהן אז די מחלוקה וועט נישט ברענגען קיין גוטס. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אינמיטען און זיך שטאַרק געבייזערט אויף זיי.

— דאָס בעסטע איז — שווייגען — האָט ער גע־טענה'ט — וואָס מעהר איהר רעדט, זינדיגט איהר מעהר.

די מחותנים האָבען זיך אויך אריינגעמישט און געבעטען מען זאָל זיי נישט פערשטערען די שמחה. עס איז געוואָרען רוהיג. די געסט האָבען זיך צוריק געזעצט ארום די טישען. די מחותנים האָבען נישט אָבגעלאָזט, ביז די וואָס האָבען זיך ערשט אזוי היים געקריגט האָבען זיך איבערגעבעטען טרינקענדיג וויין איינער צום אנדערנ'ס געזונד. די גאנצע מחלוקה איז אויסערליך גלייך געוואָרען פערגעסען. די מחיק האָט אָנגעהויבען שפּילען פרעהליכע נגונים און די געסט האָבען געטאַנצט פאר חתן־כלה.

---

דעם זעלבען אבענד האָבען חתן־כלה גערעדט מיט יוסף בן גמלא, צפורה'ס פאָטער וועגען שמעון בן יאיר. יוסף איז געווען צופרידען צו נעמען איהם פאר אן איידים און מען האָט גלייך אריינגערופען שמעון'ען אין א בעזונדער צימער און יוסף האָט איהם גערדיקט די האנד און געזאָגט:

— איך דאנק דיר וואָס דו האָסט געראַטעוועט מיין קינד'ס לעבען. איך האַלט דאָס פאר א גרויסען כבוד צו

קריגען דיך פאר אן אײדים. איך װעל דיך האלטען װי אן אײגען קינד. מיר מוזען אָבער אָבלײגען די חתונה ביז מיר װעלען איבערקומען די מלחמה מיט רוים. מיר קענען נישט פראװען נײע חתונות, װען דער פײנד װיל אונז פערניכטען.

— דעם טאָג װען אונזער לאַנד װעט אויסגעלײזט װערען װעט זײן אונזער חתונה — האָט צפורה זיך אָנגערופען.

שמעון איז בעשטאַנען. אַלע האָבען זיך געגעבען די הענד און דער חתן האָט געהײסען דערלאַנגען װײן און אויסגערו־פען, אז שמעון בן יאיר און צפורה זענען געװאָרען חתן־כלה.

אַלע געסט האָבען זיך געפרעהט מיט דער נײעס. האָבען לוסטיג אָבגעגעבען מזל־טוב און געבענטשט די נײע חתן־כלה. צװײ זענען געװען אונצופרידען. יוסיפוס און יהושע בן גמלא, צפורה׳ס פעטער. יהושע איז געזעסען פערכמורעט אין א װינקעל. יוסיפוס האָט אָבער געמאַכט דעם אָנשטעל װי ער איז זעהר צופרידען, איז גלײך צוגעקומען צו שמעון׳ען מיט צפורה׳ן און געזאָגט זײ מזל־טוב. אין זײנע אויגען האָ־בען זײ אָבער דערקענט דאָס פײער פון אײפערזוכט און כעס.

מען האָט װידער געטרונקען װײן לכבוד די תנאים. שמעון האָט געמוזט זינגען װידער. דער גאַנצער עולם האָט מיטגעזונגען און גרױס פרײד האָט אָנגעפילט אַלע הערצער.

פלוצלינג האָט זיך דערטראָגען א מורא׳דיגער יאָמער פון דרױסען. אַלע האָבען זיך דערשראָקען און אײנגעהערט. די שטימע האָט שרעקליך געקלאָגט און אויסגערופען:

א קול! א קול! א קול!
א קול פון מזרח־זײט!
א קול פון מערב־זײט!
א קול פון אַלע עקען װעלט!
דאָס קול פון גאָטס׳ טאָג,
ביטער שרײט:
אוי, װעה געשריגען אויף ירושלים!
אוי, װעה געשריגען אויפ׳ן היכל!
אוי, װעה געשריגען אויף חתן־כלה!
אוי, װעה געשריגען אויף דעם פאָלק יהודה!
אוי, װעה געשריגען פון אַלע עקען װעלט!

אוי, וועה פון מזרח־זייט !
אוי ,וועה פון מערב־זייט !
אוי, וועה ! אוי וועה ! אוי, וועה !

דאָס יאָמער־געשריי האָט געשניטען די הערצער. פאַר שרעק זענען אַלע געבליבען שטום. פּלוצלונג איז אין טיר פון זאַל געשטאַנען אַ מיטעל־יעהריגער מאַן, אנגעטאָן ווי אַ דאָרפסמאַן. דאַר און מאָגער, זיין לאַנגע באָרד און לאַנגער קאָפּ האָר ווילד צופּאַטעלט. די אויגען פערגליווערט און פון זיינע צושפּאָלטענע ליפּען רינט אַ שוים געמישט מיט בלוט.

אַלע האָבען איהם דערקענט. דער משוגע׳נער יהושע בן חנני, וואָס האָט זיך פּלוצלינג בעוויזען אין ירושלים צווישען די עולי־רגל און ער האָט מיט זיינע שרעקליכע געשרייען אויפגעשווידערט די שטאָדט.

קיינער האָט נישט געזעהן ווי אזוי ער איז אריין אין הויף. ער האָט אויף קיינעם נישט געקוקט. מען האָט איהם דערלאַנגט וויין, האָט ער נישט גענומען. מען האָט גערעדט צו איהם און ער האָט נישט געענטפערט. די קנעכט האָבען איהם געפּריווט פערהאַלטען ביי דער טיר, האָט ער זיך ארויסגעריסען און געגאַנגען גלייך צווישען די טישען, גע־קוקט אין דערהויך און געיאָמערט די שרעקליכע רייד.

אַ ווילדער פּחד איז אַלעמען בעפאַלען. פרויען האָבען גע׳חלש׳ט. די מענער זענען געבליבען זיצען ווי צוגעשמידט. דער משוגע׳נער איז אזוי ארומגעגאַנגען די טישען און געקלאָגט, צוגעגאַנגען צו דער טיר און ארויס און זיין יאָמער און קלאָג האָט אריינגעצויגען פון דרויסען.

דער משוגע׳נער האָט פערשטערט די שמחה. די חכמים האָבען געפּריווט בערוהיגען דעם דערשראָקענעם עולם. עס האָט אָבער נישט געהאָלפען. מען האָט אריינגעבראַכט רקח וויין, וואָס פערטרייבט יעדען אומעט, קיינער האָט זיך אָבער צו איהם נישט צוגעריהרט. באַלד האָט דער עולם זיך געזעג־נענט מיט חתן־כלה און שטיל זיך צוגאַנגען.

— פערגעסט נישט, מאָרגען איז די פערזאמלונג אויפ׳ן הר־הבית — האָט דער נשיא דערמאָנט פאַר׳ן אוועקגעהן — מיר דאַרפען קלייבען גענעראַלען און עלטסטע.

צוזאָרגענס האָט די שטאָדט געקאָכט ווי אין א קעסעל. די מורא׳דיגע בילדער אויפ׳ן הימעל און דעם משוגע׳נעם׳ס מורא׳דיגע געשרייען האָבען געוואָרפען א פחד אויפ׳ן פאָלק. די שלום-זוכער האָבען געפונען א געלעגענהייט אָבצושרעקען דאס פאָלק מיט די בייזע סימנים מען זאָל זיך נישט גרייטען צו קריעג.

אויף דער פערזאמלונג איז בעשלאָסען געוואָרען יא צו־צוגרייטען זיך צו מלחמה. די גענעראַלען זאָלען אָבער זיין נאָר אַזעלכע, וואָס האָבען זיך נישט בעטיילינגט אין קיין פערשווערונג געגען רוים, אפשר וועט דורך דעם געלינגען צו שליסען א זיכערען פרידען מיט׳ן פיינד.

אלעזר בן שמעון האָט דאָך געמוזט בלייבען מיט זיין יונג ווייב. אלעזר בן חנניה איז בעשטימט געוואָרען אלס פערוואַלטער פון אדום און אלס גענעראַלען אין ירושלים זענען אויסגעקליבען געוואָרען צוויי מעסיגע לייט: יוסף בן גוריון, נקדימונ׳ס ברודער און חנן, דער געוועזענער כהן גדול. דאָס סנהדרין פיהרט ווייטער די רעגירונג און רבן שמעון בן גמליאל בלייבט נשיא. דער נשיא האָט אפילו גע־האַלטען מיט די קנאים, צווישען סנהדרין זענען אָבער געווען אַזעלכע וואָס האָבען שטילערהייט געזוכט שלום מיט רוים און זיי האָבען איבערגערעדט דאָס פאָלק צו שטימען געגען די קנאים. שמעון בן יאיר איז אויך נישט אויסגעקליבען גע־וואָרען. דערפאַר איז גאָר יוסיפוס אויסגעקליבען געוואָרען אלס קאָמאנדיר פון גליל. ער האָט איינגערעדט דאָס פאָלק, אז ער וועט נישט דערלאָזען די רוימער זיך אריינרייסען אין גליל. און ער האָט געבראכט דאָס גרעסטע אונגליק אויף ארץ ישראל.

נאָך דער פערזאמלונג האָט דער נשיא גערופען שמעון בן יאיר׳ן צו זיך אהיים און ער האָט איהם איבערגעגעבען א וויכטיגע מיסיע. ער האָט איהם געגעבען בריעף צו דער קעניגליכער פאַמיליע אין אדיאבען און צו די אידישע פיהר־רער אין בבל און סיריען, זיי זאָלען שיקען געלד און געוועהר נאָך ארץ ישראל.

שמעון האָט זיך געזעגענט מיט זיין כלה און איהר פאַ־

טער. צפורה האָט איהם צוגעגעבען מוטה און ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין.

אין וואַלד ביים טייך חדקל, אויף דער גרעניץ פון אַדיאַבען האָט שמעון אָנגעבונדען זיין פערד צו א בוים און זיך אוועקגעלייגט אָברוהען. ס'איז געווען א שרעקליך הייסער טאָג. די זון האָט געברענט ווי פייער. מיעד איז ער געלעגען אין שאָטען פון א בוים און גערוהט. פּלוצלינג האָט א ווילד געשריי ווי א מורא'דיגער דונער זיך א טראָג געטאָן אין דער הויך. די ערד האָט אויפגעציטערט. דאָס פערד איז געשפּרונגען ווילד פאר שרעק.

שמעון האָט זיך א כאַפּ געטאָן אויף די פיס און געצויגען זיין שווערד. א ווילדער לייב איז געלאָפען צו איהם אויף דריי פיס און יאָמערליך געברומט. ווי דער לייב איז צוגעקומען צו איהם האָט ער זיך אויסגעצויגען אויף א זייט און ביטער געשריגען און אויסגעשטרעקט צו איהם דעם פירטען פוס און מיט די אויגען געבעטען הילף.

שמעון איז צוגעגאַנגען צו איהם און דערזעהן א דאָרן זיצט איהם טיעף אין פוס און בלוט גיסט זיך. ער האָט ארויסגעצויגען דעם דאָרן און ארומגעוואַשען די וואונד און פערבונדען. דער לייב האָט אויפגעהערט שרייען און געקוקט דאַנקבאַר אויף זיין רעטער.

א גאַנצען טאָג איז שמעון געבליבען אין וואַלד און געשפּייזט דעם לייב. ער האָט איהם געבראַכט וואַסער פון טייך, ביז די וואונד האָט זיך פערהיילט. צו־מאָרגענס האָט שמעון זיך אויפגעזעצט אויפ'ן פערד און געריטען אין וועג אריין, איז איהם דער לייב נאָכגעלאָפען ווי א געטרייער הונט, ביז זיי זענען צוגעקומען צום ישוב, האָט דער לייב זיך אוועקגעשטעלט און איהם אזוי לאַנג נאָכגעקוקט ביז שמעון איז פערשוואונדען אין א זייטיגער גאַס. שמעון האָט זיך שטאַרק געוואונדערט אויף דעם וואונדערליכען צופאַל און ער האָט מיטגענומען דעם דאָרן אויף אן אנדענקען.

---

פיער חדשים האָט שמעון פערבראַכט אין וועג. די קעניגליכע פאַמיליע פון אדיאבען און די אידען פון בבל האָבען זיך דערפרעהט מיט די נייעס, אז ארץ ישראל גרייט זיך

צו דער בעפרייאונגס־מלחמה. זיי האָבען איהם געגעבען א סך געלד. פיעל אידען זענען אוועק נאָך ירושלים אוועקצוגע־בען זייער לעבען פאר'ן הייליגען לאנד. נאָר די אידען אין סיריען האָבען זיך אָבגעזאָגט צו געבען שטיצע עפענטליך. זיי האָבען מורא געהאט פאר דעם רוימישען שטאַאטהאַלטער און די געצענדינער אין זייער לאַנד.

---

דער גליל איז געווען די געבענטשסטע געגענד אין ארץ־ישראל. די בערג און טאָלען זענען געווען פול מיט גאָט'ס ברכה און די ערד האָט געריגען האָניג מיט מילך. גליל האָט געהאט דעם בעסטען ווייץ, דעם פעטסטען בוימאויל, דעם טייערסטען וויין, די גרעאָטענסטע טייטלען. די בעסטע פיש זענען געווען אין ים כנרת. דאָרט זענען די טייערע ווארימע קוואלען, וואָס זענען א היילונג פאר מענשען. דאָרט האָבען געוואקסען די בעריהמטע "גינוסר" פרוכטען.

פינף מאָל מעהר איז דאָס גערעטעניש געווען אין גליל ווי אין גאנצען לאַנד. סטאדעס שאָף און רינדער האָבען פער־דעקט די לאָנקעס. דער גליל איז געווען דאס גן־עדן פון לאַנד.

האָבען זיך דאָ די אידען שטארק געמעהרט. דריי מיליאָן אידען האָבען געוואוינט אין גליל. עס איז דאָרט געווען פיער הונדערט און פיער קליינע און גרויסע שטעדט. צוויי הונדערט שטעדט האָבען געהאט ניט ווענינער ווי צו פופצעהן טויזענט נפשות. די דאָרטיגע אידען זענען געווען פראָסטע, עהרליכע און ארבייטסזאמע מענשען. געלערנט האָבען זיי ווייניג, האָבען אויך נישט אָבגעהיט די ריינקייט פון שפּראך. דערפאר זענען זיי אָבער געווען געזונד און ריזיג געבויט. העלדיש און מוטיג. האָבען ליעב געהאט די ערד און טיכטיג געארבייט. און איבערגעגעבען צו גאָט מיט לייב און לעבען.

זיי האָבען דאָך געוואוינט נאָהנט פון די געצענדינער אויף דער גרעניץ, זענען זיי געווען אויסגעצייכענטע קריעגס־לייט און געקענט צוריקשלאָגען דעם מעכטיגסטען פיינד. וואָלטען זיי געהאט א מוטיגען און עהרליכען גענעראל וואָלט גליל געווען די זיכערסטע פעסטונג פאר'ן לאַנד. האָבען זיי אָבער געהאט יוסיפוס'ען פאר קאָמאנדיר. ער האָט זיי אָב־גענאַרט, אָנגערייצט איינעם אויפ'ן אנדערן און דורך זיינע

אינטריגעס האָבען זיי זיך נישט פעראייניגט אנטקעגען דעם מעכטיגען שונא.

יוסיפוס איז געווען א פאלשער, צוויי־פנים׳דיגער. פאר מענשען האָט ער זיך געוויזען אלס אנהענגער פון די קנאים. שטילערהייט האָט ער אָבער געהאַלטען מיט זיין פריינד אגריפאס, וואָס איז מיט זיין ארמעע צוגעשטאַנען צו דער פיינדליכער ארמעע. יוסיפוס האָט שטאַרק געציטערט פאר רוים און דאָס האָט געבראַכט די גרויסע צרות.

אין אָנפאַנג האָט יוסיפוס צוזאַמענגעשטעלט א גרויסע אַרמעע אין גליל און האָט געמאַכט מיט זיי מאַנעווורעס. ער האָט זיך אויסגעקליבען אן אבטיילונג רייטער אלס זיין לייב־וואַך. מיט דער לייב־וואַך האָט ער בעשיצט צפורי און די אַנ־אַנדערע שטעדט, וואָס זענען געווען גענייגט פאר רוים. טבריה און גוש־חלב און די שטעדט, וואָס האָבען רעוואָל־טירט געגען רוים, האָט ער שטאַרק אונטערדריקט. ער האָט דאָס אַלץ געטאָן אזוי קונציג, אז די פשוט׳ע עהרליכע גליל׳ער אידען האָבען נישט פערשטאַנען זיין פאַלשקייט און נעגלויבט אין איהם. און אז מען האָט זיי שפּעטער אויפ־געוויזען, אז יוסיפוס פערראַט זיי, האָבען זיי זיך נישט גע־וואָלט צוהערען, אזוי האָט ער זיי פערדרעהט די קעפּ מיט זיינע פאַלשע רייד.

אין גליל זענען געווען פיעל אידען, וואָס האָבען דערזעהן אין יוסיפוס׳ען גרויס געפאהר פאר׳ן לאַנד, זייער פיהרער איז געווען יוחנן פון גוש־חלב, א זעלטען קלוגער און מוטי־גער מאַן. ער האָט פערקלאָגט יוסיפוס׳ען פאר׳ן נשיא אין ירושלים. דער נשיא האָט גלייך געשיקט שלוחים נאָך גליל, אויסצופאָרשען יוסיפוס׳עס מעשים און אויב זיי וועלען איהם געפינען שולדיג, זאָלען זיי איהם אראָפּזעצען פון אמט.

דער נשיא האָט דאָס געטאָן בסוד. יהושע בן גמלא האָט זיך דערפון דערוואוסט און ער האָט אָנגעזאָגט יוסיפוס׳ען, ער זאָל זיך היטען פאר די אויספאָרשער. האָט יוסיפוס גלייך אָנגערייצט דאָס פאָלק אין גליל אויף די שלוחים און געזאָגט, אז זיי זענען געשיקט פון זיינע געגנער אין ירושלים, וואָס ווילען איהם אונשולדיג בעזייטיגען פון אמט.

די פערפיהרטע גליל׳ער האָבען זיך געלאָזט איינרעדען,

זענען בעפאלען די שלוחים און זיי געוואלט דער׳הרג׳ענען. דא האט יוסיפוס זיך אנגענומען פאר זיי און זיי נישט גע־לאזט אנריהרען. דורך דעם איז ער נאכמעהר בעליעבט גע־ווארען ביי די גליל׳ער, ער נעמט זיך אן פאר זיינע שונאים. ער האט אנגערעדט זיינע אנהענגער, זיי זאלען אין גרויסע מאסען געהן נאך ירושלים און זיך בעקלאגען פאר׳ן פאלק פון דער הייליגער שטאדט, אז דער נשיא וויל זיי אונגליקליך מאכען און אוועקנעמען זייער בעשיצער.

זיי האבען איהם געפאלגט. אין ירושלים האבען זיי געמאכט גרויס טומעל. דאס פאלק אין ירושלים האט זיך געלאזט אנרעדען און בעפאלען דעם נשיא׳ס הויז און גע־וואלט עם אונטערציגדען. דאס סנהדרין איז געצוואונגען גע־ווארען צוריקצורופען די שלוחים. האט זיי דעמאלט יוסיפוס ארעסטירט און געשמידט אין קייטען און אזוי זענען זיי צוריקגעקומען נאך ירושלים.

איצט האט דאך זיי קיינער נישט געוואלט גלויבען, וואס זיי האבען דערצעהלט וועגען יוסיפוס׳עס פאלשקייטען. אז ער האט זיי בעשטראפט, האבען אלע געזאגט, זענען זיי אויף איהם בייז. איצט האט יוסיפוס זיך געפיהלט פעסטער אין מאכט און ער האט געצוואונגען יוחנן פון גוש־חלב׳ס ארמעע פונאנדערצוגעהן זיך. גוש־חלב איז אבער געבליבען געטריי צו איהר העלד יוחנן, איז יוסיפוס פלוצלונג בעפא־לען די שטאדט און שווער בשטראפט.

טבריה איז אויך מיעד געווארען צו ליידען די מחלוקת, וואס יוסיפוס האט אנגעהעצט אין שטאדט און זי האט זיך אונטערגעגעבען אגריפס׳ען. דאס האט שוין פערדראסען די גליל׳ער ארמעע און זי האט פערלאנגט פון יוסיפוס׳ען, ער זאל זי פיהרען אויף טבריה, האט ער זיי מיט זיינע פאלשע זיסע רייד אבגערעדט פון דעם. אויף צפורי זענען זיי שוין יא געגאנגען. יוסיפוס איז געוועזן געצוואונגען זיי נאכצוגע־בען. האט ער זיי אבער אינמיטען וועג איבערגעשראקען מיט א געשריי : ״די רוימער געהן !״ זיין שרעק־געשריי האט זיי אנגעפילט מיט מורא און זיי האבען זיך צוריקגע־צויגען.

אזוי האט ער פערשלעפט די צייט. יוסיפוס האט גאר

נישט געטאָן צו בעפעסטיגען דאָס לאַנד, ער האָט אַנדערע נישט געלאָזט דאָס טאָן. נישט נאָר האָט ער נישט פעראייניגט דעם גליל, נאָר די וואָס האָבען זיך געוואָלט פעראייניגען האָט ער געשטערט, ביז ס'איז אָנגעקומען די מעכטיגע רוימישע ארמעע מיט דעם גרויסען קריעגס־פיהרער וועספאסיאנוס.

וועספאסיאנוס האָט געשטאַמט פון פּראָסטען רוימישען פאָלק. זיין זיידע איז געווען א געוועהנליכער סאָלדאַט, וואָס איז געוואָרען א משרת ביי א רוימישען באנקיר. זיין פאָטער סאבעיאנוס איז געווען א טאקסען־מייסטער אין אזיע און האָט אָנגעקליבען א גרויס פערמעגען. דערנאָך איז ער אוועק נאָך העלוועציע (שווייץ) און דאָרט געוואָרען א פּראָצענטניק. זיין זוהן וועספאסיאנוס האָט געדינט אין דער רוימישער ארמעע און זיך שטארק אויסגעצייכענט אין מלחמות. ער האָט בעוויזען אסך העלדישקייט אין גערמאניען, אין בריטאניען און נעראָן קייסער האָט איהם דערנאָך געשיקט מיט אַן ארמעע נאָך אפריקא. פון אפריקא איז ער צוריק געקומען אַן אָרימאַן און געוואָרען א פערד־הענדלער און שקלאַפען סוחר. נעראָן האָט געמאכט חוזק פון איהם און איהם גערופען: "אנטרייבער".

ווען די אידען האָבען פערטריבען דעם רוימישען שטאַאט־האלטער צעסטיוס, איז נעראָן געווען אין גריכענלאַנד און פערבראַכט זיין צייט מיט די גריכישע שפּילערייען. ער האָט דערהערט פון דעם אידישען אויפשטאַנד, האָט ער זיך דערשראָקען, אז דאָס זאָל נישט זיין א צייכען פאר אלע אונטערטעניגע לענדער זיך אָבצורייסען פון רוים, און ער האָט מורא געהאט פארטיען זאָל איהם נישט דערקלערען קריעג און איינגעמען סיריען, האָט ער בעשטימט וועספאסיאנוס'ן אלס הויפּט־פיהרער פון דער ארמעע צו דערשטיקען דעם אידישען אויפשטאַנד.

דעם זעלבען ווינטער איז וועספאסיאנוס אָנגעקומען מיט'ן ים נאָך עכו און ער האָט צוזאמענגעשטעלט זיין ארמעע. זיין זוהן טיטוס האָט איהם געבראכט דעם פינפטען און צעהנטען לעגיאָן פון אלעקסאנדריא. די ארומיגע לענדער זענען צו איהם צוגעשטאנען און ער האָט געהאט אַן ארמעע

פון זעכציג טויזענד סאָלדאַטען חוץ די קנעכט, וואָס האָבען געטראָגען דאָס געוועהר. אגריפּאס דער צווייטער, וואָס איז געוועזען א איד, איז מיט זיין ארמעע געקומען צו הילף ועספּאַסיאַנוס'ען און אַזוי האָט אַ איד געהאָלפען רוים צו בע־זיעגען ארץ ישראל.

אגריפּאס איז שטילערהייט געוועזען צופרידען מיט דעם אויפשטאַנד. ער האָט געהאָפט, אז ווען די מלחמה וועט זיך פערציהען, וועט רוים שליסען שלום און איהם מאַכען פאר קעניג פון ארץ ישראל. דערפאר האָט ער אָנגערעדט די ירושלים'ער אַריסטאָקראַטען צו בעשטימען זיין פריינד יוסיפוס אלס קאָמאַנדיר פון גליל, ער האָט דאָס אויסגע־פיהרט. ער האָט אויך פּרובירט געווינען יוסף בן גמלא'ן אויף זיין זייט. דאָס איז איהם נישט געלונגען. גמלא האָט זיך בעפעסטיגט געגען רוים און אויסגעקליבען יוסף'ען, צפורה'ס פאָטער פאר עלטסטען.

אגריפּאס האָט געהאַט א סך פיינד צווישען די געצענ־דינער. האָבען זיי איהם פער'מסר'ט פאר ועספּאַסיאַנוס'ען, אז שטילערהייט האַלט ער מיט די קנאים. האָט ער זיך דער־שראָקען און צוגעשטאַנען מיט זיין ארמעע צו די רוימער. ער האָט מיטגענומען זיין שוועסטער בעראַניקא, וואָס איז געוועזען א זעלטענע שעהנהייט און אויך א סך געלד און גע־וועהר.

יוסיפוס האָט געהאַט א גוטען פריינד אין גמלא, וואָס האָט געהאַלטען מיט אגריפּאס'ען. האָט יוסיפוס שטילערהייט געשיקט צו איהם א בריעף. יוסף בן גמלא, דער עלטסטער, האָט איבערגענומען דעם בריעף און ער האָט אויסגעפונען פון איהם, אז יוסיפוס האַלט מיט אגריפּאס'ען און ער האָט דאָס איהם געראַטען, ער זאָל ברענגען זיין ארמעע די רוימער צו הילף. און אויף יוסיפוס'ס עצה האָט אגריפּאס מיטגע־נומען זיין שעהנע שוועסטער צו קענען קריגען אן איינפלוס אויף ועספּאַסיאַנוס'ען. אין דעם בריעף האָט יוסיפוס גע־בעטען זיין פריינד, ער זאָל ווירקען אויף צפורה'ן און איהר פאָטער, זיי זאָלען אָבלאָזען דעם שדוך מיט שמעון בן יאיר און נעמען איהם פאר אן איידים. ער האָט צפורה'ן שטאַרק ליעב, האָט ער געשריבען, עס וואַרט אויף איהם א גלענצענ־

דע צוקונפט, ער וועט דורך בעראניקא׳ן געווינען דעם אלטען וועספאסיאנוס און אגריפאס וועט ווערען קעניג, וועט ער ווערען זיין רעכטע האנד.

---

שמעון בן יאיר האט זיך אומגעקערט נאך ירושלים און איבערגעגעבען דעם נשיא אלץ וואס ס׳איז איהם געלונגען אויפצוטאן אויף׳ן וועג. דער נשיא האט איהם דערצעהלט די געשיכטע מיט יוסיפוס׳ען אין גליל און געהייסען איהם פאהרען מאכען אן אויספארשונג. ער האט איהם מיטגעגעבען א בריעף צו די עלטסטע פון גליל, אויב עס וועט נויטיג זיין, זאל ער זיי איבערגעבען דעם בריעף און ער האט איהם אנגעזאגט צו זעהן זיך מיט יוחנן פון גוש־חלב.

שמעון האט איבערגענעכטיגט אין ירושלים און זיך גלייך ווידער געלאזט אין וועג אריין. דאס ערשטע איז ער געפאהרען נאך גמלא. דער מחותן יוסף האט זיך שטארק דערפרעהט מיט איהם. צפורה האט פאר איבערראשונג נישט געקענט ארויסרעדען א ווארט. ס׳איז איצט נאכמעהר געוואקסען זיין ליעבע צו איהר. אין ירושלים האט ער זי געזעהן אויסגעפוצט, גרויסשטאדטיש. דא האט ער זי געזעהן איינפאך, פשוט געקליידט און זי איז אין איינפאכע קליידער געוועזן הונדערט מאל שענער.

נאך דער ערשטער איבערראשונג האבען זיי אנגעהויבען שמועסען וועגען די קריעגס־פארברייטונגען און שמעון האט זיי דערצעהלט אז דער נשיא פערדעכטיגט יוסיפוס׳ען און ער פאהרט איצט מאכען אן אויספארשונג וועגען זיינע מעשים. יוסף און צפורה האבען ביטער געשמייכעלט און זיך איבערגעקוקט.

— וואס שמייכעלט איהר ? — האט ער זיי געפרעגט.

האבען זיי איהם דערלאנגט יוסיפוס׳עס בריעף, וואס זיי האבען איבערגענומען. ער האט געלייענט און געציטערט פאר אויפרעגונג און ער האט געפאדערט, זיי זאלען איהם געבען דעם בריעף, אלס בעווייז אויף יוסיפוס׳עס פערראט.

יוסף האט זיך געקווענקעלט. עס איז דאך א סוד, האט ער געזאגט, און איך האב נישט קיין רעכט צו אנטפלעקען יענעמ׳ס סודות. צפורה האט אבער גע׳טענה׳ט, אז דא האנ־

דעלט זיך אין פּאַלק'ס לעבען און ער מוז געבען. האָט יוסף איהם געגעבען דעם בריעף. שמעון האָט אפילו נישט אי־בערגענעכטיגט. ער האָט זיך געזעגענט מיט זיין כלה און מחותן, האָט זיך הייס צוקושט מיט זיי און אוועק אין דער פינסטערער נאַכט. ער איז גלייך געגאַנגען נאָך גוש־חלב. ס'איז איהם אָנגעקומען נישט גרינג דער וועג. רוימישע סאָל־דאַטען זענען געשטאַנען אין צפורי און אַפּט אַרוים אויפ'ן וועג און דערמאָרדעט יעדען דורכגעהער. זיי זענען אויך בע־פאַלען שטעדט און דערפער און זיי אונטערגעצונדען. דאָס האָבען זיי אָבגערייניגט דעם וועג פאַר וועספּאַסיאַנוס'ען. מיט גרויס מיה און לעבענס־געפאהר איז שמעון'ען געלונגען זיך דורכצו'גנב'ענען דעם וועג און קומען נאָך גוש־חלב צו יוחנן.

יוחנן, דער קנאים פיהרער, איז געווען אין די פערציגער יאָהרען. א קליינער, דארער און קראנקער מענש. נאָר זיינע אויגען האָבען געשאָסען מיט פייער, און אז ער האָט גע־רעדט וועגען דעם פעררעטער יוסיפוס, האָט ער געגאָסען אויף איהם שוועבעל און פעך. יוחנן האָט שטאַרק מורא גע־האַט, אז דער גליל וועט נישט קענעןביישטעהן, ווייל יוסיפוס האָט נישט געלאָזט מאַכען די קריעגס הכנות. יוסיפוס'עס אַרמעע איז עטליכע מאָל צושלאָגען געוואָרען פון די קליינע רוימישע אבטיילונגען. די מעהרסטע אידישע קריעגער זע־נען זיך צולאָפען און יוסיפוס האָט זיך פערקליבען נאָך טבריה און פון דאָרט האָט ער געשיקט אָנזאָגען דאָס סנהדרין אין ירושלים, צו בעטען פרידען פון וועספּאַסיאַנוס'ען. נאָר אויב זיי ווילען דוקא מלחמה, זאָלען זיי איהם שיקען מילי־טער פון ירושלים.

---

באלד אין אָנפאַנג האָט וועספּאַסיאַנוס בעוויזען, אז ער האָט נישט אין זינען קיין פרידען. ער איז בעפאַלען די גרוי־סע שטאָדט גאבאַראָ און זי לייכט איינגענומען. זי איז גע־ווען אַן אָפענע שטאָדט. דאָך האָט ער אויסגעגאָסען זיין גאַנצען צאָרן אויף איהר. ער האָט זי אונטערגעצונדען און אַלע איינוואוינער פערטיליגט. אזוי האָט ער געטאָן מיט די אַרומיגע שטעדטלעך און דערפער. די הייזער האָט ער

פערברענט און די מענשען אויסגעקוילעט. נאָר די יונגע, געזונטע בחורים און שעהנע מיידלעך האָט ער געלאָזט לע־בען און זיי אוועקגעשיקט צו פערקויפען פאר קנעכט. די איבעריגע האָט ער אויסגעראָט און נישט געלאָזט קיין לע־בעדיג נפש.

פון דאָרט איז ער געגאנגען אויף דער פעסטונג יודפת. יודפת איז געווען אַ זעלטען שטארקע פעסטונג. געשטאַנען אויף אַ הויכען פעלז און ארומגערינגעלט מיט טיפע טאָלען. נאָר איין זייט, פון צפון איז געווען א גלייכער וועג אין פעס־טונג. האָט מען דאָרט אויפגעבויט א פעסטע מויער מיט הויכע טורעמס און זיך אָנגעגרייט מיט א סך געוועהר און שליידער־שטיינער צו בעווארפען דעם פיינד.

שמעון בן יאיר און יוחנן פון גוש־חלב האָבען אריינגע־שיקט אין דער פעסטונג די שטארקסטע אידישע סאָלדא־טען. זיי האָבען געוואוסט אז כל־זמן די פעסטונג וועט זיך האַלטען, וועט דער פיינד נישט וואגען געהן אויף ירושלים.

וועספּאסיאַנוס איז אָנגעקומען מיט זיין גאַנצע אַרמעע און זיך אוועקגעשטעלט אויף דעם גלייכען וועג, וואָס פיהרט אין פעסטונג. ער האָט אויסגעבויט שאַנצען, אנגעשאָטען הויכע בערג מיט זאמד און שטיינער און אוועקגעשטעלט דאָס געוועהר. די פיינדליכע ארמעע האָט אָנגעהויבען שיסען אויף דער פעסטונג. זי האָט געשאָסען מיט שליידער־שטיינער, פיילען און פייער פלאַקערס.

די בעלאַגערטע האָבען אָבער בעוויזען גרויסע גבורות. אַלע מאָל האָבען זיי זיך געוואָרפען מיט שטורם אויף די שאַנ־צען מיט דעם רוימישען געוועהר, פערברענט און פערניכטעט אלסדינג און אָבגעשטויסען דעם פיינד. דאָס האָבען די בע־לאַגערטע געטאָן אליין אָהן א קריעגס־פיהרער און אָהן א קאָמאַנדיר.

יוחנן פון גוש־חלב איז געווען זיכער מיט זייער מוטה און העלדישקייט און ער האָט דערווייל בעפעסטיגט די ארומ־מיגע שטעדט און צוזאמענגעשטעלט נייע סאָלדאטען אָב־טיילונגען, וואָס זאָלען פערשטעלען דעם שונא דעם וועג. שמעון בן יאיר האָט דאָס זעלבע געטאָן אין אנדערע ערטער

און זיי האָבען אָרגאַניזירט די געגענד זי זאָל קענען ביי־שטעהן דעם פיינד'ס שאַרפע אַטאַקעס.

אז יוסיפוס האט געהערט ווי יודפת שלאָגט זיך העלדיש, האָט ער זיך נישט געקענט העלפען און איז אויך געקומען נאָך יודפת. די עהרליכע אידישע העלדען האָבען זיך דער־פרעהט מיט איהם. דער הויפט קאָמאַנדיר איז געקומען זיי פיהרען. מיט זיינע גלאַטע רייד האָט ער געוואונען זייער צוטרויען און זיי האָבען געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט.

וועספּאַסיאַנוס האט געמאַכט אַ סך אַטאַקעס אויף דער פעסטונג, ער איז אָבער אַלע מאָל שאַרף צוריקגעשטויסען געוואָרען. פיעל מאָל האָט זיין אַרמעע געקראָגען אַזעלכע קלעפּ, אַז ס'האָט אויסגעזעהן, אַז זי ווערט בעלאַגערט פון די אידען. אין איינע פון די שלאַכטען איז וועספּאַסיאַנוס גע־וואָרען פערוואונדעט. אַ אידישער סאָלדאַט פון מויער האָט געציעלט אין איהם און געטראָפען אַ פייל אין זיין פוס. דאס בלוט האָט אָנגעהויבען רינען און טיטוס מיט דער גאַנצער אַרמעע האָבען זיך שטאַרק דערשראָקען. די וואונד איז אָבער נישט געווען טיעף און וועספּאַסיאַנוס איז באַלד געוואָרען געזונד.

ער האָט געזעהן אַז מיט שטורמען די פעסטונג וועט ער גאָרנישט דערגרייכען, האָט ער אָבגעשטעלט די אַטאַקעס און געהייסען די אַרמעע ארומרינגלען די פעסטונג און אנהאַל־טען די בעלאַגערונג אַזוי לאַנג ביז די בעלאַגערטע חעלען שטאַרבען פאַר הונגער.

די בעלאַגערטע האָבען זיך נישט געשראָקען פאַר הונ־גער. שפּייז האָבען זיי געהאַט זעהר פיעל. וואַסער איז אבער נישט געווען גענוג. אין יודפת איז נישט געווען קיין טייך אָדער קוואַל. עס איז געווען זומער. עס רעגענט נישט. און דאָס וואַסער אין די ברונענס איז געוואָרען וויינינגער. האָ־בען די מיליטער עלטסטע אָנגעהויבען טיילען וואַסער אויף דער מאָס.

די רוימער האָבען דאָס געזעהן שטעהענדיג אויף זייערע הויכע שאַנצען און זיי האָבען געיובעלט פאַר פרייד. יוסיפוס האָט געזאָגט, אז ער וויל מען זאָל פערשטערען די רוימער'ס פרייד און ער האָט געהייסען אַלע זאָלען איינטונקען די

קליידער אין וואסער און אויסהעגגען אויף דער מויער צום טריקענען, וועלען די רוימער זעהן אז ס'איז נאָך דאָ א סך וואסער, אויב מען וואשט די קליידער און זיי וועלען זיך אויפהערען פרעזען. די עהרליכע איינגעגלויבטע סאָלדאטען האָבען איהם געגלויבט און אזוי געטאָן און זיי האָבען פער־נוצט א סך וואסער, וואָס האָט דערנעהנטערט דאָס אונגליק.

איין אריינגאנג אין פעסטונג איז געבליבען פריי. איבער די בערג פון מערב־זייט טאָל. ביינאכט זענען די אידען ארויס פון פעסטונג דורך דאָרט. זיי זענען געגאנגען אָנגע־טאָן אין פעל און געקראָכען אויף אלע פיער. די רוימער האָ־בען געמיינט, אז דאָס קריכען פוקסען און זיי נישט געשטערט. דורך דאנען האָבען זיי אין די פינסטערע נעכט געבראכט וואסער אין פעסטונג.

ווען יוסיפוס האָט געזעהן אז די פעסטונג וועט באלד פאלען האָט ער דורך דעם וועג געוואָלט אנטלויפען. ער האָט איינגערעדט די עלטסטע פון שטאָדט, זיי זאָלען איהם לאָזען אנטלויפען, וועט ער אָנקלייבען נייע מיליטער אין גליל און זיי קומען צו הילף. די עלטסטע האָבען דאָס נישט געוואָלט הערען. די סאָלדאטען וועלען פערלירען דעם מוטה, האָבען זיי געזאָגט, ווען זיי וועלען הערען אז דער הויפט־קאָמאנדיר איז אנטלאָפען. האָט ער געמוזט בלייבען.

ס'האָט נישט געדויערט לאנג און די רוימער האָבען גע־וואָהר געוואָרען דורך וואנען די אידען קריגען וואסער אין פעסטונג, האָבען זיי דאָרט אויסגעשטעלט סאָלדאטען און מען האָט מעהר נישט געקענט קריגען קיין וואסער. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען ליידען פון דורשט און די רוימער האָבען אויסגעבויט זעהר הויכע שאנצען און טורעמס, העכער פון דער פעסטונג מויער און אָנגעהויבען ארייגשיסען אין שטאָדט.

האָבען די בעלאגערטע העכער געמאכט די מויער אויף צוואנציג איילען און די פיילען און שליידער־שטיינער זענען צוריקגעשלאָגען געוואָרען פון דער פעסטער מויער־וואנד. דעמאָלט האָט וועספאסיאנוס אויסגעשטעלט די "שטורם־בעק" און אנדערע אייזענע מאשינעס און גענומען שטורמען די מויער זי איינצוברעכען.

די רוימער האָבען אויסגעבראָכען א שטיק מויער און זיך געוואָלט אריינרייסען אין פעסטונג. ווי זיי זיינען אבער צו־געקומען צו דער עפענונג האָט פון מויער געגאָסען אויף זיי קאָכעדיגען אויל און זיי זענען אָבגעקאָכט געוואָרען אויף טויט. ביינאַכט האָט מען אויסגעשיט ארום דער מויער גע־קאָכטע שטרוי און היי און אז די רוימער זענען געטרעטען אויף דעם האָבען זיי זיך אויסגעגליטשט און געפאלען און מען האָט זיי דער׳הרג׳עט מיט פיילען און שליידער־שטיינער. אז זיי האָבען אָבגעטרעטען האָט מען גיך צוריק פערמויערט די עפענונג און ווידער איז די וואנד געווען פעסט פערמאַכט פאר׳ן פיינד.

די צאָהל פון די אידישע העלדען האָט זיך פערקלענערט. א טייל איז געפאלען אין די שלאַכטען, אנדערע זענען גע־פאלען פון די פיס פאר דורשט. די פיינדליכע ארמעע איז אָבער געוואָרען גרעסער און גרעסער. יעדען טאָג זענען צו איהר צוגעשטאָנען א סך געצענדינער פון די ארומיגע לענ־דער. די בעלאַגערטע האָבען זיך אָבער געהאַלטען פעסט און אָנגעשטרענגט די לעצטע קרעפטען בייצושטעהן דעם שונא.

פיער און פערציג טעג האָט געדויערט די בעלאַגערונג און די רוימער זענען שוין מיעד געוואָרען, האָט זיך ארויס־גע׳גנב׳עט א איד פון פעסטונג און דערצעהלט וועספאסיא־נוס׳ען, אז פיער פארטאָג לייגט זיך די פעסטונגס־וואך שלאָ־פען, ווייל זיי זענען זיכער, אז די רוימער שלאָפען דעמאָלט און וועלען נישט אטאקירען. דער פעררעטער האָט איהם גע־ראָטען פלוצלונג צו בעפאלען די פעסטונג אום פיער פאר־טאָג, וועט ער זיכער געווינען.

ער האָט געפאָלגט דעם פעררעטער. פארטאָג איז ער שטיל צוגעקומען מיט דער ארמעע צו דער מויער. טיטוס מיט אן אבטיילונג אויסגעצייכענטע קריעגער זענען שטיל ארויף אויף דער מויער און דער׳הרג׳עט די דרימלענדיגע וועכטער און אריין אין שטאָדט. די ארמעע איז גלייך אריין נאָך זיי און איידער די שטאָדטלייט האָבען זיך געכאפט וואָס דאָ איז געשעהן, זענען זיי געלעגען דערשטאָכענע. פיעל אידען האָבען זיך גענומען דאס לעבען זעהענדיג אז דער סוף איז געקומען.

די ווילדע רוימער האָבען זיך בלוטיג נוקם געווען אין די איינוואוינער. זיי האָבען נישט געשאָנעוועט די געפעהר־ליך קראַנקע. ווער ס'איז אריינגעפאלען אין זייערע הענד האָבען זיי געטויט אויפ'ן אָרט. א סך האָבען זיך געהאַט בעהאַלטען אין היילען און גריבער, האָבען די ווילדע רוימער זיי אויפגעזוכט און אויסגע'הרג'עט אָהן רחמנות. פערציג טויזענד טויטע זענען יענעם טאָג געפאלען. עלף טויזענט יונגע בחורים און מיידלעך האָט ועספאַסיאַנוס געפאַנגען פאר שקלאַפען. זיי האָבען צושטערט די מויער און נישט געלאָזט קיין צייכען פון איהר, די הייזער פערברענט און אָבגעווישט די שטאָדט פון דער ערד.

ווען די רוימער האָבען זיך אריינגעריסען אין יודפת האָט יוסיפוס זיך אוועקגע'גנב'עט פון דער אידישער אַרמיי און זיך בעהאַלטען אין א טיפע הייהל. אין דער הייהל האָבען זיך אויך בעהאַלטען פערציג העלדען, וואָס זענען אַנטלאָ־פען אין דער לעצטער מינוט. צוויי טאָג זענען זיי דאָרט געווען בעהאַלטען. אויפ'ן דריטען טאָג האָבען די רוימער זיך דערוואוסט פון דער בעהעלטעניש און אז יוסיפוס איז אויך דאָרט.

ועספאַסיאַנוס האָט געשיקט עטליכע מיליטער־פיהרער צו דער הייהל, זיי זאָלען ברענגען יוסיפוס'ען. ער האָט גע־הערט מען רופט איהם ארויס, איז ער אויפגעשפרונגען און געוואָלט אַרויסגעהן. האָבען איהם די פערציג העלדען פער־שטעלט דעם וועג און געפאָדערט ער זאָל שטאַרבען מיט זיי אינאיינעם א העלדישען טויט און זיך נישט איבערענטפערן צו די רוימער. אויב ער וויל נישט שטאַרבען מיט זיי אינ־איינעם, האָבען זיי איהם געזאָגט, וועלען זיי איהם טויטען אַלס פעררעטער.

ער האָט זיי געפּרואווט אָברעדען דערפון. ער האָט זיי גע־וואָלט איינרעדען, אז א מענש טאָר נישט בעגעהן זעלבסט־מאָרד, האָבען זיי איהם שטאַרק געזידעלט און געוואָלט דער'הרג'נען.

יוסיפוס האָט געזעהן אז ער וועט נישט ראַטעווען זיך פון טויט, איז ער געפאַלען אויף א כיטרען פּלאַן. ער האָט געזאָגט, אז ער זעהט איין, זיי זענען גערעכט. בעסער שטאַר־

בען העלדיש איידער אריינפאלען אלס קנעכט צו די רוימער. נאָר אנשטאט וואָס יעדער איינער זאָל בעגעהן זעלבסטמאָרד, זאָלען זיי וואַרפען גורל, ווער וועמען עס זאָל דער'הרג'נען און דער לעצטער זאָל זיך דערשטעכען מיט זיין אייגענע שווערד.

די עהרליכע אָרנטליכע העלדען האָבען איהם געגלויבט, אז ער מיינט אזוי און מסכים געווען. ער האָט געוואָרפען דעם גורל און ער האָט אזוי געמאכט, אז ער זאָל בלייבען דער לעצטער. יעדער איינער פון די פערציג האָט אליין אויסגעשטרעקט דעם האלז פאר דער שווערד און זיך געלאָזט קוילען. דעם לעצטען האָט ער דערשטאָכען און ער איז ארויס צו די רוימער.

ער האָט דערצעהלט וועספאסיאָנוס'ען פון זיין לעצטען איינפאל. האָט געזאָגט, אז ער איז א נביא פון גאָט און איהם פערזיכערט, אז עס דערוואַרט איהם א גרויסע צוקונפט. וועספאסיאָנוס האָט איהם אויפגענומען מיט כבוד, האָט איהם געגעבען א סך מתנות און בעשטימט אלס זיין ראטגעבער.

---

די אנדערע פעסטונגען פון גליל און עבר הירדן האָבען געהאט דעם זעלבען סוף, וואָס יודפת. די רוימישע סאָלדאַטען זענען אויפגעצויגען געוואָרען אויף מלחמות און בלינד געפאָלגט זייערע קאָמאַנדירען. זיי האָבען אויך געהאט אלע סאָרטען געוועהר אָהן א שיעור. און זיי האָבען איבערגעשטיגען מיט מאכט און צאָהל די אידישע קעמפער.

די אידישע ארמעע איז בעשטאַנען ס'רוב פון פעלד־ארבייטער און פאסטוכער, האָבען זיך קיינמאָל נישט גע־לערנט די מלחמה־קונסט און געוועהר האָט אויך געפעהלט. די אידישע קעמפער האָבען געהאט א סך מוטה און זייערע הערצער זענען געווען פול מיט פייערליכער איבערגעבענ־הייט און פאטריאָטיזם צום פאָלק, האָט זיי אבער געפעהלט דיסציפלין, זיי האָבען אויך פערלוירען דאָס גלויבען אין זייערע רייכע פיהרער און עס זענען געווען א סך פערדעטער, וואָס האָבען געהאָלפען ברענגען דעם בייזען סוף וואָס גיכער. לעבען יודפת איז געווען נאָך א פעסטונג יפיע. יפיע איז

געוועזן אזוי שטארק ווי יודפת. די העלדישע קריעגער זענען ארויס פון יפיע און אטאקירט דעם שונא. זיי זענען אבער צושלאגען געווארען און זיך אומגעקערט אין פעסטונג. די שטאדט־לייט האבען זיי אבער פערראטען. זיי האבען מורא געהאט, אז די רוימער וועלען אריין אין שטאדט, ווען זיי וועלען אריינלאזען די אידישע קריעגער, האבען זיי פער־שלאסען די טויערן און זיי נישט אריינגעלאזט. די רוימער זענען צוגעקומען און אויסגעקוילעט די העלדען לעבען טויער און דערנאך האבען זיי געשטורמט די פעסטונג און זי איינ־גענומען. די יפיע׳ר האבען מיט דעם פערראט נישט געראַ־טעוועט זייער לעבען. די רוימער האבען זיי אויסגע׳הרג׳עט און פערברענט די שטאדט.

די כחות פון דער נאטור האבען אויך געהאלפען די רוי־מער. די אידען האבען זיך בעפעסטיגט אין יפו און פון פארט האבען די אידען זיך אויפגעזעצט אויף שיפען און געלויערט אויף די רוימישע שיפען, וואס האבען געפיהרט שפייז פון עגיפטען נאך קסריה פאר דער רוימישער ארמעע. וועספאס־יאנוס האט געזעהן, אז די יפו׳ער קעמפער זינקען זיינע שי־פען, האט ער געפיהרט זיין ארמעע אויף יפו און זי איינ־גענומען.

די שטאדטלייט האבען זיך געראטעוועט אויף די שיפען און אוועק אין מיטען ים. איז געווארען א גרויסער שטורם און די שיפען מיט די אידישע קעמפער זענען אונטערגע־גאנגען.

טבריה האט גלייך געבעטען פרידען פון רוים. זענען די קנאים אוועק פון שטאדט און זיך בעפעסטיגט אין טרי־כיען. דער שונא איז צוגעקומען, האבען זיי איהם דערלאנגט גרויסע קלעפ. איז אבער אויסגעבראכען א גרויסע מחלוקה אין שטאדט. די רייכע איינוואוינער האבען געשריגען, אז זיי ווילען, ווי טבריה, בעטען שלום. אז מען האט זיך ארומ־געריסען אין שטאדט האט דער פיינד געזיעגט אין דריסען.

די העלדישסטע קעמפער זענען געפאלען אין שלאכט און די פערבליבענע האבען אוועקגעווארפען דאס געוועהר און געבעטען גענאד. וועספאסיאנוס האט זיי צוגעזאגט, אז ער

וועט זיי שענקען זיין גענאָד, אויב זיי וועלען איהם פאָלגען און געהן וואו ער וועט זיי הייסען.

זיי האָבען איהם געפאָלגט און ארויסגעגאנגען פון שטאָדט. זענען דורכגעגאנגען דורך צוויי רייהען רוימישע סאָלדאטען און מען האט זיי געהייסען געהן אויפ'ן וועג נאָך טבריה.

ווען אלע זענען שוין געווען ארויס פון שטאָדט איז וועספאסיאָנוס אנגעקומען און ער האָט בעפוילען די סאָל־דאטען זאָלען דערמאָרדען די אַלטע און שוואכע. צוועלף הונ־דערט זקנים און שוואכען לייט זענען דעמאָלט אומגעבראכט געוואָרען. זעקס טויזענט יונגע בחורים האָט ער אוועקגע־שיקט נאָך גריכענלאנד אויף שווערע ארבייט און דרייסיג טויזענט פינף הונדערט האָט ער פערקויפט פאר קנעכט.

דאָס איבריגע פאָלק האָט ער געשאָנקען אגריפאס'ען, ער זאָל טאָן מיט זיי וואָס זיין הארץ גלוסט. די שטאָדט האָט געהערט צו אַגריפאס'עס קעניגרייך. האָט ער זיך געוואָלט אויסצייכענען פאר וועספאסיאָנוס'ען מיט זיין גרויזאמקייט און ער האָט זיי אויך פערקויפט פאר קנעכט. דאָס זעלבע האָט אַגריפאס געטאָן מיט די אידען פון אלע שטעדט אונ־טער זיין רעגירונג. די אידען פון חיפה, גדרה, גאַנץ ארגב און גולן האָט ער פערקויפט פאר שקלאפען.

---

ווייניגער ווי א יאָהר איז אריבער זייט די אידען האָבען אויפגעהויבען דעם פאָהן פון בעפרייאונגס־קריעג און גאַנץ גליל און די צפון־זייט פון עבר הירדן איז איינגענומען גע־וואָרען פון שונא און געוואָרען פערוויסט. אויסער עטליכע שטעדט וואָס האָבען גלייך פון אָנפאַנג געבעטען פרידען איז פון אלע שטעדט מעהר נישט געבליבען נאָר די פעס־טונגען פון בארג תבור, גוש־חלב און גמלא.

די פעסטונג פון בארג תבור איז געפאלען ווייל די אי־דישע העלדען האָבען זיך געלאָזט אָבנארען פון שונא. די איינוואוינער זענען אויסגעגאנגען פאר דורשט, האָבען די קעמפער זיך געוואָרפען אויף דער פיינדליכער ארמעע און מיט שטורם זי געוואָלט פערטרייבען. די רוימער האָבען

כלומר'שט אַבגעטראָטען און די אידען האָבען זיי געהאַלטען אין איין יאָגען.

ווען זיי זענען שוין געווען ווייט פון פעסטונג האָבען די רוימער זיך אויסגעדרעהט צו זיי און די רייטער זענען פער־לאָפען דעם וועג אויפ'ן באַרג און האָבען ארומגערינגעלט דאָס אידישע מיליטער. פיעל קעמפער זענען דעמאָלט גע־פאַלען. די וואָס האָבען זיך געראַטעוועט זענען אַנטלאָפען נאָך ירושלים.

גוש־חלב איז געפאַלען זעהר גרינג. זי האָט זיך אונטער־געגעבען. די איינוואוינער זענען געווען רייכע לייט, אייגענ־טימער פון א סך פעלדער און ווייַנגערטנער. און זיי האָבען געוואָלט בעטען פרידען. יוחנן האָט פערלוירען דאָס הארץ איבערערדענדיג זיי צו שטעלען זיך געגען שונא. נאָר פאר שרעק פאר יוחנן מיט די קנאים האָבען זיי געהאָלפען בע־פעסטיגען די שטאָדט. א סך פרייוויליגע האָבען זיך אָנ־געקליבען אין גוש־חלב פון דער סביבה און יוחנן האָט זיי געלערנט קריעגס־פיהרונג. פון זיי האָט ער אויסגעטיילט מחנות און זיי געשיקט פערטיידיגען ארומיגע שטעדט. א מחנה קנאים מיט שמעון בן יאיר בראש זענען אוועק נאָך גמלא פערטיידיגען די פעסטונג. שמעון האָט געוואָלט פער־טיידיגען די שטאָדט, וואו זיין כלה און איהר פאָטער האָ־בען געלעבט. ער האָט געוואָלט זיעגען מיט זיי אָדער פאַלען אינאיינעם.

טיטוס האָט בעלאַגערט גוש־חלב. ער האָט זיך דערוואוסט אַז דער אונערשראָקענער יוחנן איז דער קאָמאַנדיר פון פעס־טונג, האָט ער פערשטאַנען, אַז דאָ וועט ער האָבען א לאַנגען און שווערען קאַמף, האָט ער געשיקט אָנזאָגען יוחנן, ער זאָל זיך אונטערגעבען אָהן א שלאַכט.

יוחנן האָט פון דעם נישט געוואָלט הערען. די רייכע שטאָדטלייט האָבען זיך אָבער דערפרעהט מיט טיטוס'עס שלום־פאָרשלאַג און געוואָלט צווינגען יוחנן'ען, ער זאָל זיך אונטערגעבען. ער האָט געזעהן אַז ער קען זיך נישט פער־לאָזען אויף די שטאָדטלייט, זיי קענען איהם פערראַטען, האָט ער געלאָזט ענטפערען טיטוס'ען, אַז ער וויל פייער און צוואַנציג שעה צייט צו בעטראַכטען דעם פאָרשלאַג.

טיטוס האט מסכים געווען און פיער און צוואנציג שעה געשטאנען רוהיג און נישט געטשעפעט די פעסטונג. ביי־נאכט האט יוחנן גענומען זיינע טרייע אנהענגער און זיי זענען שטילערהייט ארויס פון שטאדט און אוועק נאך ירושלים.

צומארגענס האבען די שטאדטלייט געעפענט די טויערן און ארויס אנטקעגען טיטוס'ען. טיטוס האט געוואהר געווא־רען, אז יוחנן איז אנטלאפען, האט איהם פערדראסען, וואס ער האט זיך געלאזט אבנארען און ער האט געשיקט זיינע רייטער נאכיאגען יוחנן מיט זיינע אנהענגער. יוחנן מיט די העלדישע קנאים זענען שוין געווען ווייט אוועק און זיי זענען אנגעקומען נאך ירושלים. נאר עטליכע שוואכערע וואס זענען אבגעשטאנען אינמיטען וועג, האבען די רייטער אנגעיאגט און געטויטעט אויפ'ן ארט.

דעם שווערסטען און ביטערסטען קאמף האבען די רוי־מער געהאט ארום גמלא. די ערד האט זיך זאט אנגעטרונקען מיט רוימיש בלוט ביז זיי האבען בעזיגט די פעסטונג.

גמלא איז געשטאנען אויף א הויכען שיפען בארג, ארומ־גערינגעלט פון זעהר טיעפע טאלען ווי אן אבגרונד. אויף יוסף'ס בעפעהל איז אויסגעבויט געווארען א פעסטע מויער מיט הויכע טורעמס ארום שטאדט. איבער דער זיכערקייט פון דער פעסטונג האבען זיי נישט געפלייסט זיך צו האבען גענוג קעמפער, וואס זאלען אבהיטען די פעסטונג אויף אלע זייטען, נאר זיי האבען ברייט געעפענט די טויערען פאר אלע אנטלאפענע, וואס האבען זיך דא געראטעוועט. א צייט איז אגריפאס געשטאנען מיט זיין ארמעע און בעלאגערט גמלא און ער האט זי נישט געקענט בייקומען.

דעמאלט איז געקומען וועספאסיאנוס מיט זיין גרויסע ארמעע. די רוימער האבען צוגראבען די בערג און פערשא־טען די טאלען און אויסגעבויט הויכע שאנצען. טויזענטער רוימער זענען געפאלען ביי דער ארבייט. די קנאים האבען זיי געשניטען ווי זאנגען אויפ'ן פעלד. זיי זענען אבער נישט מיעד געווארען. אויפ'ן ארט פון די געפאלענע זענען געקו־מען פרישע מחנות ביז זיי האבען אויסגעגלייכט די טאלען און אויפגעשטעלט הויכע שאנצען.

אז די רוימער האָבען זיך ארויפגעכאפּט אויף די שאנ־צען און גענומען בעשיסען די שטאָדט, האָבען די אידישע קעמפּער מעהר נישט געקענט זיי ביישטעהן. די רוימער האָ־בען אויסגעשטעלט די שטורם־בעק און גענומען שטויסען די מויער. זיי האָבען אויפגעריסען א שטיק מויער און זיך גע־וואָלט אריינרייסען אין שטאָדט. זיי זענען אָבער עטליכע מאָל געוואָרען צוריקגעשטויסען און אוועק מיט גרויסע פער־לוסטען.

צום סוף האָבען די רוימער פערפלייצט די אידישע קעמ־פער מיט מאסען מיליטער און זיך אריינגעריסען אין שטאָדט. די קנאים האָבען געקעמפט פערצווייפעלט. די גאנצע שטאָדט איז צוגעשטאנען. פרויען און קינדער האָבען גע־קעמפט פערביטערט און מיט שטיינער און שווערע באל־קענס געשליידערט אויף די רוימער. זיי האָבען נישט גע־קענט פערטראָגען די שווערע קלעפּ און צוריקגעטראָטען. די רוימישע ארמעע האָט געהאלטען אין איין שטראָמען און פערשטעלט דעם וועג פאר די צוריקטרעטענדע. זיי האָבען געזעהן אז זיי האָבען נישט וואו צו געהן, האָבען זיי זיך מיט די לעצטע קרעפטען ארויפגעשלעפט אויף די דעכער פון די הייזער, וואָס זענען געשטאנען אויף די זייטען פון בארג.

זיי האָבען אָבער אראָפּגעשווערט די דעכער און זיי האָ־בען אָנגעהויבען איינפאלען. די הייזער זענען אויך איינגע־פאלען און פאלענדיג פון בארג אראָפּגעוואָרפען די הייזער וואָס זענען געשטאנען אויף זייער וועג. א גרויסע צאָהל רוימער איז געפאלען דעמאָלט. די קנאים האָבען געקראָגען פרישען מוטה, זיי האָבען געזעהן אין דעם גאָט'ס הילף און זיי זענען מיט שטורם בעפאלען די שטראָמענדע ארמעע, דעם גאנצען אונטערשטען קווארטאל האָבען זיי איינגעריסען און געשליידערט אויף די רוימער און פון דער גאנצער ארמעע וואָס האָט זיך אריינגעריסען אין שטאָדט, האָבען זעהר ווייניג געראטעוועט זייער לעבען און אנטלאָפען אין לאגער.

דאָס איז געווען דעם ערשטען טאָג סוכות אין יאָהר דריי טויזענט אכט הונדערט אכט און צוואנציג. די שמחה מיט

דעם אידישען זיעג איז געװען זעהר גרויס. גאָט האָט געשיקט זיין הילף צו זיין פאָלק און פערטריבען דעם שונא. א גאַנצען טאָג האָט די גאַנצע שטאָדט געארבייט ביי דער מויער און צוריק פערמויערט די אויפגעריסענע עפענונג. די ארבייט איז געטאָן געװאָרען מיט געזאַנג און לויב צו גאָט. קיינער האָט זיך נישט געפיהלט מיעד און קיינער האָט נישט געװאָלט אָברוהען. די פרויען און די קינדער האָבען געזונגען לויב ליעדער צו גאָט און געטאַנצט פאַר פרייד.

אָנגעפיהרט דאָס געזאַנג האָט צפורה, שמעון׳ס כלה. ער איז שטארק צופרידען געװען הערען זי זינגען. צעהן חדשים פון זיין חבר׳ס חתונה אָן האָט ער זי נישט געהערט זינגען. די איידעלע צפורה האָט װאָכען לאַנג געארבייט שװער און זיך נישט אָבגערוהט. װי איהר פאָטער, װאָס האָט העלדיש געקעמפט געגען פיינד האָט זי בעװיזען גרויס מוטה. זי איז ארומגעגאַנגען די קראַנקע, האָט געהיילט די פערװאונדעטע, האָט געטרייסט די בעטריבטע און געשפייזט יתומים און אלמנות. זי האָט געבראַכט עסען און טרינקען פאַר די קעמפער אויף דער מויער און האָט זיי צוגעגעבען פרישען מוטה.

איהר יונגע שװעסטער, אסתר, א פערצעהן יאָהריג מיידעל האָט אויך געטאָן װאונדער מיט איהר איבערגעבענהייט און געטרייישאַפט צו אלע נויטבעדערפטיגע. שמעון איז געװען שטאָלץ מיט זיין כלה און איהר פאָטער און שװעסטער און ער האָט געטראַכט: װי געעהרט און בעליעבט װעלען זיי זיין ביים פאָלק אז גאָט װעט שיקען זיין ישועה!

גאָט האָט זיך אָבער ניט דערבאַרימט און נישט געשיקט זיין הילף.

גמלא האָט געהאַט אונטערערדישע דורכגאַנגען, צו קענען אנטלויפען דורך זיי, װען דער פיינד רייסט זיך אריין אין שטאָדט. די קנאים האָבען דאָרט נישט אװעקגעשטעלט קיין װעכטער, װייל זיי האָט געפעהלט מיליטער.

אין אגריפאַס׳עס ארמעע זיינען געװען מענשען, װאָס האָבען געװאוסט דערפון. און זיי האָבען אָנגעװיזען דעם װעג צו די רוימער. ביינאַכט האָבען רוימישע סאָלדאַטען זיך דורכגעגנב׳עט דורך די דורכגאַנגען און צוגעקומען צום

גרויסען טורעם אויף צפון זייט פון דער מויער. זיי האָבען אונטערגעגראָבען דעם פונדאמענט און צוריקגעלאָפען אין לאַגער. אין דער פריה האָבען זיך די רוימער זיך אויסגע־שטעלט אנטקעגען דעם טורעם. די אידישע וועכטער האָבען געגעבען א סיגנאַל און די קנאים זיינען גיך צוגעלאָפען צום טורעם. יוסף, צפורה'ס פאָטער מט א מחנה קעמפער זיינען ארויף אויפ'ן טורעם און שמעון מיט זיין מחנה האָבען זיך געאיילט נאָכקומען.

ווי שמעון איז צוגעקומען צום טורעם האָט זיך דערהערט א גרויסער קראַך און דער טורעם איז איינגעפאַלען און צו־שמעטערט געוואָרען אויף שטיקלאַך. אלע וואָס זיינען גע־ווען אויפ'ן טורעם זענען אין אַן אויגענבליק אומגעקומען. דער קלאַפּ איז געווען אזוי גרויס, אז מען האָט געמיינט די ערד ציטערט. די קעמפער זענען זיך אין טויט שרעק צולאָ־פען אויף אלע זייטען.

---

שמעון בן יאיר איז געקומען צו זיך און אויפגעעפענט די אויגען און ער האָט דערזעהן א שוידערליך בילד. ער איז געלעגען אויסגעצויגען לעבען צושמעטערטען טורעם. ארום איהם קופעס שטיינער און בערג טויטע, צושפּאָלטענע שאַר־בענס, אָבגעריסענע הענד און פיס און די ערד איז אויסגע־ווייקט אין בלוט.

א ווילד געשריי פון ראָבען און בארג קראָהען האָט זיך געטראָגען פון דער הויך. די ווילדע פויגעל זענען מחנות־ווייס אַנגעפלויגען און זיך געוואָרפען אויף די טויטע. שמעון האָט געזעהן, ווי עטליכע קראָהען צושלאָגען זיך איבער א טויטען און מיט ווילדע קולות רייסען זיי זיך איבער די געדערים פון א טויטען...

איז דאָס א חלום אָדער אויף דער וואך זעה איך דאָס? — האָט שמעון דערשראָקען זיך געפרעגט — וואו בין איך? ווי קום איך דאָ אהער?

פלוצלינג האָט ער זיך דערמאָנט, אז לויפענדיג נאָך זיין מחותן יוסף צום טורעם האָט ער דערהערט א גרויסען קראַך. עס איז איהם קלאָר געוואָרען דאָס אונגליק. אונטער דער חורבה ליגען איצט בעגראָבען יוסף מיט די געקליבענסטע

העלדען. וואס איז אבער אזוי שטיל דא ! מען זעהט נישט קיין לעבעדיגען מענשען ! זיין הארץ האט איהם געזאגט אז דאס איז די שטילקייט פון טויט און פארוויסטונג. די רוימער האבען שוין איינגענומען די פעסטונג און אלעמען אויסגע'הרג'עט. ער האט זיך נאר געוואונדערט ווי אזוי ער איז ארוים לעבעדיג פון דאנען. וואו זענען איצט צפורה און אסתר ? וואס איז מיט זיי געשעהן ?

ער האט זיך געוואלט אויפשטעלען און געהן אין שטאדט. זענען איהם די פיס געווען אבגענומען און ער האט זיי נישט געקענט ריהרען. ער איז געלעגען אויסגעצויגען און נישט געקענט בעוועגען מיט קיין אבר, ווי מען וואלט איהם ארומגעשמידט מיט אייזען זיין לייב.

מיט אמאל האט ער דערהערט עטליכע שטימען רעדען. ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן אגריפאס'עס רייטער קאמאנדיר פיליפוס רייטען אויף א פערד און נאך איהם געהט א קעמעל, און צוויי מיידלעך רייטען אויף איהם. עטליכע סאלדאטען פיהרען דעם קעמעל און האלטען אן די מיידלעך.

אז זיי זענען צוגעקומען לעבען דער חורבה האבען די מיידלעך זיך גענומען רייסען די האר פון קאפ און אויסגעבראכען אין גרויס יאמער. שמעון האט געהערט ווי פיליפוס האט זיי געזאגט :

— בערוהיגט אייך, קינדער. אייער פאטער איז געפאלען ווי א העלד. איהר זענט די איינציגע לעבעדיג געבליבענע פון גאנץ גמלא. די רוימער האבען דאך אפילו די קליינע קינדער צושמעטערט אויף די פעלזען.

פיליפוס האט גערעדט העברעאיש, די רוימער זאלען איהם נישט פערשטעהן. דא האט צפורה געקלאגט פאר איהם:

— נישט נאר מיין טייערן פאטער האב איך דא פערלוירען. דא ליגט אויך בעגראבען דער מאן, וואס איך האב איהם אזוי ליעב געהאט ווי מיין טאטע. הלואי וואלט איך געשטארבען אינאיינעם מיט זיי ! וואס דארף איך לעבען, אז מיין טאטע און שמעון זענען טויט ? אונזער פאמיליע, די גאנצע שטאדט איז פערטיליגט — וואס ברויך איך לעבען, וואס טויג מיר לעבען ? וואו זאל איך איצט געהן ?

שמעון האָט זיך מעהר נישט געקענט איינהאַלטען און געוואָלט זיך אויפהויבען. די פיס זענען איהם אָבער געווען פערגליווערט. די סאָלדאַטען האָבען אָבער בעמערקט זיינע בעוועגונגען און צוגעלאָפען צו איהם. צפורה האָט איהם דער־זעהן און א מורא'דיג געשריי האָט געשפאָלטען די לופט און זי איז געפאַלען חלשות.

די סאָלדאַטען האָבען איהם צוגעטראָגען צום קאָמאַנ־דיר און געוואָלט איהם אָוועקשטעלען, האָט ער זיך אָבער נישט געקענט האַלטען אויף די פיס. דער קאָמאַנדיר האָט איהם געפרעגט, ווער ער איז? האָט ער אָבער נישט געקענט רעדען פאר שוואַכקייט. האָט איהם אסתר אַלץ דערצעהלט. צפורה איז אויך געקומען צו זיך. איהרע אויגען האָבען גע־קראָגען א פונק פון פרייד, שמעון לעבט!

פיליפוס האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט געהאַט רחמנות אויף שמעון'ען. באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין פליכט און בעפוילען זיינע סאָלדאַטען צו בינדען שמעון'ען און האַלטען איהם ווייט פון די מיידלעך.

— מיר וועלען איהם ברענגען נאָך קסריה צו קעניג אג־ריפאס — האָט ער געזאָגט — איהם קומט טויט־שטראָף. פערגעסט נישט, איך האַלט אייך פעראַנטוואָרטליך פאַר איהם. אויב ער וועט אַנטלויפען וועל איך אייך טויטען.

ער האָט געגעבען א פּאָר גוטע שמיץ זיין פערד און אָוועקגעריטען. די סאָלדאַטען האָבען אויפגעזעצט שמעון'ען אויף א פערד און פעסט צוגעבונדען און איהם געהאַלטען גאַנץ ווייט פון די מיידלעך. עס האָט נישט געהאָלפען דאָס געוויין און געבעט פון די מיידלעך, מען זאָל זיי פיהרען אינ־איינעם. צוויי טעג האָבען די סאָלדאַטען זיי געפיהרט פער־ביי דעם כנרת און בארג תבור, דורך עמק יזרעאל. אומעטום האָבען זיי געזעהן חורבות. דאָ וואו ס'איז ערשט נישט לאַנג צוריק געווען די געבענטשטע געגענד, איז געווען חרוב און וויסט. אויפ'ן דריטען טאָג זענען זיי געקומען נאָך קסריה און אריינגעוואָרפען שמעון'ען אין געפענגנים.

דריי טאָג איז שמעון געזעסען אין געפענגנים און נישט געהערט קיין וואָרט פון צפורה'ן מיט אסתר'ן. אין אָבענד האָט די טיר פון תפיסה זיך געעפענט און עס איז אריינגע־

קומען א אינגעל, אנגעטאָן ווי א קעניגליכער דינער. שמעון האָט זיך גוט איינגעקוקט און דערזעהן — אסתר, צפורה'ס שוועסטער. —

אין די עטליכע טעג האָט זי זיך שטארק געענדערט. פון א יונג לוסטיג מיידעל איז זי געוואָרען א רייפע, געזעצטע פרוי. זי האָט איהם געגעבען א וואונק ער זאָל שווייגען און זי האָט שטיל געזאָגט:

— צפורה האָט מיך געשיקט צו דיר. מאָרגען וועט אַנ־ריפאס דיך משפט'ען. גיב א קוק, אפשר האָסטו פערבאָרגענע פאַפּירען, גיב זיי מיר. זאָלען זיי נישט האָבען קיין בעווייזען וועגען דיין טעטיגקייט.

— איך וועל דיר געבען אלע בריעף און פּאַפּירען — האָט ער איהר געזאָגט — איך וועל אָבער אויסזאָגען דעם אמת פון מיין טעטיגקייט.

ער האָט איהר געגעבען אלע פּאַפּירען און זי האָט זיי בעהאַלטען ביי זיך.

—צפורה האָט מיך געבעטען נאָך עפּעס דיר זאָגען — האָט אסתר זיך דערמאָנט — יוסיפוס איז איצט דאָ אין פּאַ־לאַץ. ער וויל געווינען צפורה'ן פאר זיך. וועט ער מסתמא שיקען צו דיר זיינע מענשען און אנרעדען שלעכטס אויף צפורה'ן, דו זאָלסט זי פיינט קריגען, בעט דיך צפורה, דו זאָלסט גאָר נישט גלויבען אויף איהר. זי איז דיר געטריי אויף איהר גאַנץ לעבען. אויב אָבער עס וועט נישט זיין קיין אַנ־דער רעטונג פאר דיין לעבען נאָר איהר ליעבע, אויב דו וועסט זיך דערמיט קויפען דיין פרייהייט, וואָס דו וועסט זי אויפגעבען, זאָלסטו זי אויפגעבען, דאָס וועט זיין איהר טרייסט, וואָס דו וועסט בלייבען לעבען. פאר אונז זאָרג נישט, שמעון, דיך דארף אָבער האָבען אונזער פאָלק, דו מוזט לעבען.

די לעצטע ווערטער זענען איבערגעריסען געוואָרען פון איהר שטיל וויינען. שמעון האָט דערפיהלט ווי מען וואָלט איהם א שטיק הארץ ארויסגעריסען. דער פעררעטער יוסיפוס האָט פעררעטען זיין פאָלק, דורך איהם איז גליל געוואָרען פערוויסט. ער זיצט זיך איצט רוהיג אין אגריפאס'עס פּאַ־לאַץ און לעבט אין פערגעניגענס און וויל נאָך צורייבען

צפורה׳ן. די אָרימע ! זי איז געפאַנגען ווי אין א שטייג און קען זיך נישט העלפען !

— איך קען צפורה׳ן — האָט שמעון געזאָגט אויפגע־רעגט — הלואי וואָלט זי מיך אַזוי געקענט. יעדע רגע בין איך גרייט מיין לעבען אוועקצוגעבען פאַר איהר. איך וויל אָבער נישט לעבען אָהן איהר. איהר מאַכט א טעות, אויב איהר דענקט, אַז איך וועל נאָך קענען דינען מיין פאָלק. וועלען מיך משפט׳ען די רוימער, וועלען זיי מיך אויפהענ־גען. משפט מיך אַגריפּאַס, וועט ער מיך פערקויפען פאַר א קנעכט. קנעכטשאַפט איז דאָך נאָך ערגער פון טויט.

אסתר האָט איהם בערוהיגט, ער זאָל נישט פערלירען דעם מוטה. צפורה׳ן איז געלונגען איבערצורעדען אגרי־פאס׳עס ראטגעבער שילה פון בבל און ער האָט דאָס א־הר ערלויבט זיך איבערצוקליידען פאַר א אינגעל און אר־ינ־געהן צו איהם אין תפיסה. עס איז דאָ האָפנונג. צפורה האָט עפּיס א סוד אין דעם. זי איז אויך זיכער, אַז צפורה וועט איהם זעהן.

זי האָט איהם אַרומגענומען. זיי האָבען זיך ברידערליך צוקושט און זי איז אַרויס.

---

שמעון האָט געהערט אַז שילה איז ביי אגריפּאס׳ען און ער האָט געקאָכט פאַר כעס. שילה איז געווען מיט די קנאים. ווי קומט ער צו זיין אגריפּאס׳עס ראטגעבער ? האָט ער אויך פערראַטען דאָס פאָלק ? און ווי קומט דאָס וואָס ער העלפט שטילערהייט צפורה׳ן ?

ווי שמעון האָט אַזוי געטראַכט, האָט זיך געעפענט די טיר און עס איז אַריין שילה.

— רוהיג, האָב נישט מורא, מיין העדר — האָט א־הם שילה געזאָגט — איך בין מיט דיר, נישט מיט דיינע פיינד. איך בין דיך געקומען װאָרנען פאַר די וואָס האָבען מיך געשיקט צו דיר. זיי שפּרייטען אויס א נעץ פאַר דיר.

— מיט וואָס בין איך זיכער, אַז דו נאַרסט מיך נישט ? — האָט שמעון געפרעגט.

— א סימן האָסטו, וואָס איך האָב איינגעשטעלט מיין לעבען און געהאָלפען אסתר׳ען קומען צו דיר.

טאָ, וואָס טוסטו דאָ אין קסריה? און וואָס דינסטו אין אגריפּאס׳עס ארמעע?

— דיין חבר אלעזר בן שמעון האָט מיך געהייסען, איך זאָל דאָ זעהן וואָס דער פיינד גרייט זיך טאָן צו ירושלים.

— האָסט נישט מורא עמיצער וועט דיך מסר׳ען? און ווי גלויבען זיי דיר?

— ווער וועט מיך מסר׳ען? קיינער ווייס נישט, אז איך בין געוועזען מיט די קנאים. גאָר איינער ווייס, דאָס איז יוסיפוס. ער וועט מיך אָבער נישט אויסגעבען, ווייל ער איז דאָך אויך געוועזען אין מלחמה געגען די רוימער. קען ער דענקען, אז אזוי ווי ער, האָב איך זיך איבערגעקערט און געוואָרען א פעררעטער. אויסער דעם האָט ער מורא פאר מיין קרוב פיליפּוס. דורך איהם וויל ער פועל׳ן צפּורה זאָל איהם וועלען פאר א חתן. דאָך דראָהט ער מיך, אויב איך וועל איהם נישט זיין געטריי, וועט ער מיך פער׳מסר׳ען.

— וואָס רודפ׳ט אונז אגריפּאס אזוי שטארק? — האָט שמעון געפרעגט שילה׳ן — ער וויל קעניגען איבער אונז, אָבער איבער וועמען וועט ער קעניגען, אז ער וועט אלעמען אומברענגען?

— אגריפּאס איז שטארק פערפּלאָנטערט. אז צעסטיוס האָט פערלאָרען איז ער געוועזען צופרידען. ער האָט געדענקט, רוים וועט מאַכען שלום, ס׳וועלען נישט זיין קיין גובערנאַ־טאָרען מעהר און ער וועט זיין קעניג. האָט ער זיך אָבער דערוואוסט, אז דאָס פאָלק האָט איהם שטארק פיינד, האָט ער געוואָלט יהודה זאָל קריגען א גרויסען קלאפּ און ער וועט זיך בעפעסטיגען אין גליל. און דאָס וואָס זיין פריינד יוסי־פוס איז געוואָרען אויבער־קאָמאנדיר פון גליל האָט איהם שטארק געפרעהט. יוסיפוס האָט געטאָן וואָס אגריפּאס האָט איהם געהייסען. אז וועספּאסיאָנוס איז געקומען מיט זיין ארמעע האָט אגריפּאס געוואָלט שטעהן אָן א זייט, ער זאָל שפּעטער קענען זיין דער שלום־מאַכער. האָבען איהם אָבער די פיניקער פער׳מסר׳ט פאר וועספּאסיאָנוס׳ן, אז ער האַלט מיט די מורדים, האָט ער זיך דערשראָקען און אלס בעוויי, אז ער איז געגען אויפשטאנד, איז ער מיט זיין ארמעע צו־געשטאַנען צו די רוימער. איצט מוז ער זיך פיהרען ווי וועס־

פאסיאנוס. וועספּאסיאנוס וויל נישט קיין פרידען, ער וויל אויסראָטען. אלע אידען. דערפאר פיהרט זיך אגריפּאס אויך אזוי שטרענג.

— פאר וואָס איז בעראניקא אונזער פיינד ? — האָט שמעון זיך געוואונדערט — זי איז דאָך אלעמאָל געווען גע־טריי איהר פאָלק. ווי צולאָזען זי איז געווען, איז זי דאָך געווען גאָטספאָרכטיג און ירושלים האָט זי דאָך ליעב גע־האט ווי איהר לעבען ? פאר וואָס האָט זי אונז איצט פיינד ?

— אויך זי האָט זיך פערפלאָנטערט מיאוס — האָט שילח איהם דערקלערט — צוערשט איז זי דאָ געקומען אויפ'ן פערלאנג פון אגריפּאס'ען, זי זאָל מיט איהר שעהנקייט פאנ־גען וועספּאסיאָנוס'ען. דער אלטער וואָס האָט שטענדיג ליב געלד און פרויען, לאָזט זיך איצט נישט פאנגען. ער איז זעהר פאָרזיכטיג. בעראניקא'ס שמייכלען און אגריפּאס'עס מתנות קענען איהם נישט בעוועגען, ער זאָל ענדערן זיין בייזען פּלאָן אין דער קריעג. דערפאר האָט דער יונגער טיטוס זיך פער־ליעבט אין איהר. זי האָט זיך אויך פערליעבט אין איהם. און איבער איהר ליעבע האָט זי פערגעסען איהר לאנד און פאָלק. דאָך האָב איך געהערט מענשען זאָגען, אז דאָס וואָס זי געהט מיט טיטוס'ען איז נאָר צוליעב איהר פאָלק. זי איז נאָך אלץ געטריי און איבערגעגעבען דאָס לאנד. זי האָפט דורך טיטוס'ען צו העלפען אונז. אזוי זאָגט מען. נאָר, ווער ווייס ? זי איז דאָך נאָר א פרוי. און ווער קען פערשטעהן דאָס הארץ פון א פרוי ?

— וואָס טוט דאָ יוסיפוס ? ווי איז ער זיך נוהג ? — האָט שמעון געוואָלט וויסען.

— קענסט דאָך איהם דעם פאלשען. ער חנפ'עט וועס־פּאסיאָנוס'ען און האָט ערפאָלג. אלע גלויבען איהם און גיבען איהם אָב כבוד. וועספּאסיאנוס האלט איהם פאר זיין נביא. טיטוס האָט איהם געמאכט פאר זיין טרייעסטען ראָט־געבער. איך האָס איהם שרעקליך. איך האָב איהם שוין גע־וואָלט שטילערהייט דערמאָרדען. כ'האָב מיך אָבער בע־טראכט: וואס וועט שוין ארויסקומען, אז ער וועט זיין טויט ? די ירושלים'ער אריסטאָקראטען וואָס האָבען איהם אויסגעקליבען פאר הויפּט־קאָמאנדיר, זענען דאָך מעהר

שולדיג פון איהם. זאָל בעסער לעבען דער פערדעטער און זיין א דערמאָנונג פון די זינד פון זיינע אויסקלייבער.

— האָט דיך יוסיפוס געשיקט צו מיר, זאָלסט רעדען צו מיר ? — האָט איהם שמעון געפרעגט.

— יאָ, יוסיפוס האָט מיך געשיקט. אָבער דאָס וואָס ער האָט מיך געהייסען דיר זאָגען, פאָדערן אויך אגריפאס און פיליפוס.

— לאָמיך הערען.

— יוסיפוס האָט שוין א צייט לאַנג ליעב צפורה'ן. זי וויל איהם אָבער נישט. זי האָט דיך אויסגעקליבען. די און זי זענט דאָ איצט געפאנגען. ווי יוסיפוס האָט געהערט, אז זי איז דאָ, האָט ער זי געוואָלט קריגען פאר זיך. ער האָט געפרואווט זיך פערענטפערען פאר איהר פאר זיין פערראַט און איהר אָנדערצעהלט פון זיין גרויסען נאָמען ביי וועס־פאסיאָנוס'ען. ער האָט אָבער געזעהן, אז זי פעראכט איהם איצט נאָכמעהר ווי פריהער, איז ער אוועק צו וועספאסיאָ־נוס'ען און איהם געבעטען, ער זאָל איהם געבען צפורה'ן פאר א ווייב. וועספאסיאנוס האָט איהם געגעבען א געשריי־בען פאפיר מיט זיין זיגעל, אז צפורה געהער צו איהם. איצט איז צפורה זיין שקלאַפין. ער קען זי אָבער נישט נעמען מיט געוואלט, ווייל ער האָט מורא פאר פיליפוס'ען, וואָס איז צפורה'ס פעטער. דערפאר האָבען זיי בעשלאָסען צו פועל'ן ביי צפורה'ן דורך דיר. אזוי ווי דו ביזט א קנזי, מען האָט דיך געפאנגען אין גליל'ער קריעג, קומט דאָך דיר דער טויט, נאָר די רוימער ווייסען דאָס נאָך נישט, קען אגריפאס דיך בעפרייען. אויב דו וועסט ערקלערען צפורה'ן אז דו ווילסט ראטעווען דיין לעבען און זאָגסט זיך אָב פון איהר און פון דיין פאָלק. אז צפורה וועט דאס הערען וועט זי זיין פריי פון דער שבועה, וואָס זי האָט דיר געגעבען און דו וועסט ביי איהר ווערען נידריגער פון יוסיפוס'ען. דו ביזט איהר גע־וואָרען פאלש און ער האָט זי נאָך אַלץ ליעב. דעמאָלט וועט יוסיפוס'ען גרינגער זיין צו געווינען איהר ליעבע.

— וואָס ראטסטו מיך צו טאָן ? — האָט שמעון איהם געפרעגט.

— איך וואָלט זיך טויזענט מאָל געלאָזט טויטען און

נישט געזאָגט אזא געמיינעם ליגען און נישט געוויזען זיך אזוי פאלש — האָט שילה איהם דערקלערט.

— ביזט דאָך פאַלשערהייט צווישען זיי! — האָט איהם שמעון אויספּרובירט.

— דאָס דארף יעדער טאָן פאר זיין פאָלק — האָט שילה געזאָגט — דאָס איז מיין שטאָלץ. פאר דער טובה פון פאָלק מעג מען בעגעהן פאלשקייטען, אבער נישט פאר דאס אייגענע לעבען.

שמעון האָט איהם ארומגענומען און געזאָגט:

—פריינד! איך בין מיט דיר איינשטימיג. איך וויל דיך עפּעס בעטען. איך געה דאָך שטארבען, זיי געטריי צפורה'ן און אסתר'ן ווי דו ביזט מיר געטריי. געדענק אז זייער טאטע איז אומגעקומען קעמפענדיג פאר אונזער פאָלק. זיי דו זייער פאטער!

——זיי זיכער —— האָט שילה געזאָגט — איך וועל אלץ טאָן פאר זיי. און גאָט וועט דיך נאָך אויך מציל זיין. ביי גאָט איז די הילף!

— ביי גאָט איז די הילף! — האָט שמעון איבערגעזאָגט דעם קנאים רוף — גאָט וועט שיקען אן אויסלייזונג אויף זיין פאָלק. איך גיב זיך איבער אין זיינע הענד און ער וועט טאָן מיט מיר וואס ס'וועט איהם געפעלען.

שילה איז ארויס און שמעון איז געבליבען אליין מיט זיינע שווערע געדאנקען. ער האָט געטראכט וועגען דעם פעררעטער יוסיפוס, וואס האָט געבראכט אונגליק אויפ'ן גאנצען פאָלק און יעצט ברענגט ער אונגליק אויף איהם. ער האָט געטראכט פון שילה'ס רייד, אז די אויסקלייבער זיינען שילדיגער ווי יוסיפוס. וואס זאָגט מען איצט אין ירושלים או מען האָט געהערט אז יוסיפוס איז אריבער צו די רוימער? אויב מען זאָגט דאָרט דאס זעלבע וואס שילה וועט זיין יועה און ווינד צו זיינע אויסקלייבער. די קנאים וועלען זיך נוקם זיין אָן זיי. און דעמאָלט וועט אויסברעכען א ברידער־קריעג. וואס וועט דעמאָלט זיין דער סוף אז דער פיינד וועט געהן אויף ירושלים?

א גאנצע נאכט האָט שמעון געטראכט זיינע ביטערע גע־דאנקען וועגען ירושלים'ס גורל. ער האָט פערגעסען אָן זיך

און צפורה׳ן. כאָטש ער האָט געדעכענט אַז דאָס איז זיין לעצטע נאַכט פון לעבען. מיט דעם מאָרגען צוגלייך האָט ער אָנגעהויבען איינדרימלען.

באַלד האָבען איהם די וועכטער אויפגעוועקט און אַרומ־געזוכט. זיי האָבען אָבער גאָרנישט געפונען. זיי האָבען איהם אָנגעטאָן קייטען און אָן אבטיילונג סאָלדאַטען האָט איהם אוועקגעפיהרט צו אַגריפּאַס׳ן צום משפט.

אויפגערעגט, פול האָס איז שמעון געגאַנגען איבער די גאַסען פון קסרית. די שטאָדט וואס הורדוס האָט אויפגע־בויט אַלס שונא פון ירושלים. ער האָט געזעהן איהרע לאַנגע, ברייטע גאַסען מיט איהר וואונדערליכען פּאָרט ; די פּראַכט־פולע הייזער, שעהנע פּאַלאַצען, טעמפּלען און טעאַטערס — אַלע געמאַכט פון טייערען ווייסען מאַרמאָר, ווייס ווי דער שניי פון לבנון.

די שטאָדט איז פול מענשען, אַ טומעל און געדרייש פון לעבען. אַלע שפּראַכען רעדט מען דאָ נאָר נישט העברעאיש. פאַר אַ יאָהרען האָבען די געצענדיענער אויסגעראָט אַלע דאָר־טיגע אידען. ער האָט דאָרט געזעהן אַ סך אָבגעטער און גע־צען. די געצען פון צור און ארם. די אָבגעטער פון גריכענלאַנד און רוים. און ער האָט מיט האָס געמורמעלט דעם נאָמען פון דעם אדומישען קנעכט הורדוס, דער קנעכט וואס האָט געבראַכט אַזוי פיעל צרות אויפ׳ן לאַנד.

אויפ׳ן באַרג לעבען פּאָרט האָט הורדוס אויפגעבויט דעם קעניגליכען פּאַלאַץ. אין פראָנט שטעהען צוויי שטיינערנע סטאַטועס. איינע פון אימפּעראַטאָר אויגוסטוס און די צווייטע — דער סימבאָל פון רוים׳ס מאַכט. אין דעם פּאַלאַץ האָ־בען שפּעטער געוואוינט די גרויזאַמע רוימישע גובערנאַטאָ־רען וואס האָבען געמאַטערט דאָס פאָלק. איצט האָט וועס־פּאַסיאַנוס פערנומען דעם גאַנצען ערשטען שטאָק. אויפ׳ן צווייטען שטאָק האָבען געוואוינט אגריפּאַס און בעראָניקא. די העברעע עטאַזשען זיינען געווען פערנומען פון פּיליפּוס׳ן מיט צפורה׳ן און אסתר׳ן, זיין שוועסטער׳ס טעכטער ; יוסיפוס און הויכע רוימישע קאָמאַנדירען.

אויפ׳ן צווייטען שטאָק פון דעם פּאַלאַץ האָבען די סאָל־דאַטען געבראַכט שמעון׳ען. זיי האָבען איהם אַרומגעריג־

געלט מיט די בלויזע שווערדען און געוואַרט. שמעון האָט נישט געקענט שטעהן אויף די פיס. פינף טעג האָט ער גאָר נישט געהאַט אין מויל, חוץ אַ דאַר שטיקעל ברויט, וואָס ער האָט איינמאל איבערגעביסען. ער איז שיער געפאַלען, נאָר די טריט וואָס האָבען זיך דערנעהנטערט צום צימער האָבען איהם געקרעפטיגט און ער איז געבליבען אויף די פיס.

דער ערשטער איז אריינגעקומען אגריפּאַס און זיך גע־זעצט אויבען אָן. נאָך איהם פיליפּוס, יוסיפוס, אַ ראַטגעבע־ און צוויי שרייבער. די שרייבער האָבען אויסגעלייגט פּאַפּי־רען אויפ׳ן טיש און אגריפאַס האָט געהייסען די סאָלדאַטען ארויסגעהן פון צימער.

—זאָג דיין נאמען און וואו דו ביזט געבוירען — האָט אגריפאַס איהם בעפוילען.

— שמעון בן יאיר פון הלל הנשיא׳ס פאַמיליע, איך קום פון ירושלים.

— וואָס האסטו געמאָן דאָס יאהר?

— איך בין אַ מיטגליעד פון די קנאים, וואָס האבען אין נאָמען פון גאָט געקעמפט געגען פיינד פון לאַנד און איהם בעזיעגט—האט שמעון געענטפערט רוהיג.

אגריפּאַס האָט אויפגעציטערט פאַר כעס, זיינע אויגען האבען געברענט פון האַס, ער האט זיך אבער בעהערשט און ווייטער געפרעגט:

— וואָס האָסטו געוואָלט אין גליל?

— דאָס וואָס איך האב געוואָלט איז מיר נישט געלונגען. דו זעהסט דאָך, גמלא איז געפאַלען און איך בין געפאַנגען.

— דו ביזט מודה אז דו געהערסט צו די ירושלים׳ער קנאים, ביזט אַ מורד, קען איך דיך נישט משפט׳ען, דיך ווע־לען משפט׳ען די רוימער. זיי וועלען דיך שטאַרק מאַטערן ביז דו וועסט פאַלען טויט אונטער זייערע הענד—האָט אגרי־פאַס געזאָגט.

— איך בין אין אייערע הענד, טוט מיט מיר וואָס איהר ווילט. צו דו וועסט מיך משפט׳ען אדער די רוימער—מיר איז אַלץ איינס.

אגריפאַס האָט אַ וואונק געגעבען פיליפּוס׳ען און ער האָט

זיך אויפגעהויבען און געפאָדערט, שמעון זאָל טאָן דאס, וואס שילה האט איהם געזאגט אין זייער נאָמען.

— איך וועל דאס נישט טאָן—האט שמעון פעסט דער־קלערט—איך האב אייך געזאגט אז איך בין איינער פון די קנאים, איך האב נישט מורא פאר'ן טויט. גיט מיך איבער צו די רוימער און זיי וועלען טאָן מיט מיר וואס זייער הארץ וועט גלוסטען. גאָט וועט זיך נוקם זיין פאר אונז און עהר־ליך בעצאָהלען אונזערע פיינד.

— האב רחמנות אויף צפורה'ן—האט פיליפוס איהם געבעטען—וואס וועט דיר ארויסקומען, אז זי וועט פערפינס־טערן איהר גאנץ לעבען איבער דיר, זי וועט דאָך שטענדיג קלאגען נאָך דיר. אויב דו האָסט זי אמת ליעב דארפסטו עס טאָן איהר צוליעב. איין רגע וועסטו זיין פאלש אין איהרע אויגען און וועסט ראַטעווען דיך און זי.

דאס האָט פיליפיס איהם געזאָגט שטיל אויפ'ן אויער. שמעון האט אבער הויך אויסגעשריגען:

— גענוג! רעד נישט מעהר! איך וועל זיך נישט אב־זאגען פון מיין פאָלק! איך וועל אויך נישט ברעכען מיין שבועה וואס איך האב געגעבען צפורה'ן. אזוי לאנג ווי איך וועל אטעמען וועל איך דאס נישט טאָן. זי קען אבער זיין פריי פון איהר שבועה צו מיר, אויב זי וויל דאס, אויב זי איז מיר אומטריי, אויב זי וויל אויסקלייבען אן אנדערן אויף מיין אָרט.

— זי איז דיר געטריי! זי וועט קיין אנדערן נישט אויס־קלייבען! און געוויס נישט דעם וואס האט פערראטען זיין פאָלק, וואס איז געווארען זיין שונא! — האט צפורה זיך ארייגעריסען אינווייניג מיט א געשריי.

אין דער מינוט האָט נאָך א טיר זיך געעפענט און ס'איז אריין בעראניקא. צפורה'ס שטרענגע רייד זענען געווען ווי א שארפער אורטייל אויף בעראניקא'ן, וואס האָט זיך פער־ליעבט אין איהר פאָלק'ס פיינד, וואס האט צעהנטויזענדער פון איהרע ברידער און שוועסטער אומגעבראכט.

צפורה און בעראניקא האָבען זיך געטראָפען מיט זייערע בליקען און אלע האבען געקוקט אויף זיי.ביידע זיינען גע־ווען וואונדערליכע שעהנהייטען. איינע לויטער ווי די זון

מיט טויבען אויגען, גינגאָלדענע האָר, אנגעטאָן אין טייער־סטען זייד. דאָס פּנים פול אויסגעפילט אין אויסגעקנעטעטן פון פערגניגען. א בילד שעהנהייט פון א גוי'שע טאָכטער, זעלטען צו געפינען צווישען אידען — בעראניקא.

די צווייטע — צפּורה, שיינט ווי די לבנה, איהרע אינדין אייגען עהרליך און פול איבערגעבענהייט. די האָר ווי די פליגעל פון א ראָב שווארץ, אנגעטאָן אין טונקעל פלאקסען קלייד צוריסען ביים הארצען, אלס טרויער נאָך איהר פאטער, א לעננליך פּנים וואס קוועלט מיט פרומקייט און געטריי־שאפט. דער שטערן הויך, ברעמען ווי בויגענס, לאנגע וויהעס, א שעהנע נאָז מיט'ן אידישען הארבעלע און א טונקעלער שאטען איבער איהר דינע איידעלע הויט — א אידישע טאָכ־טער, רער טיפּ פון די איידעלסטע אריסטאָקראטישע אידי־שע קינדער.

צפּורה איז געווען אַן ארץ ישראל שעהנהייט. די שעהנ־הייט פון ארץ ישראל'ס זון. די זון וואס לייכט אויפ'ן לאנד פון די נביאים. צפּורה איז נאָך אזוי יונג. זי איז נאָך נישט פולע אכצעהן יאָהר אלט. די יוגענד שפּריצט פון איהר. זי איז אבער געוואקסען נעבען וואלד אין כרמל איז זי אויס־געוואקסען ווי א שעהנער יונגער צווייגהאפּטער בוים.

בעראניקא איז שוין אריבער איהרע יוגענד יאָהרען. זי איז שוין געווען נאָהנט פון פערציג. זי האָט א סך גענאָסען פון לעבען, זאט זיך אָנגעגעסען מיט אלערליי פערגעניגענס. זי איז אבער נאָך אלץ וואונדערבאר. רוים'ס יונגער לייב, טיטוס, וואס איז מיט צוועלף יאָהר אינגער פאר איהר, געהט אויס פאר גרוים ליעבשאפט צו איהר.

די יונגע צפּורה האָט זיך שטורמיש אריינגעריסען און אז זי האָט געזעהן ווי איהרע פיינד ווילען רויבען ביי איהר די לעצטע האָפנונג, האָבע איהרע אויגען געגאָסען מיט פייער.

בעראניקא איז געוואָרען צוטומעלט קוקענדיג אויף צפּורה'ן. אויף איהר פּנים האָט מען דערקענט וואָס עס טוט זיך אין איהר הארץ. זי איז געוואָרען פול רחמנות אויף דעם אונגליקליכען שעהנעם מיידעל. זי איז אבער געוואָרען אויפ־נערעגט וואס צפּורה האָט גערעדט וועגען "פיינד פון פאָלק",

ס'האָט זיך איהר געדאכט, אז דאס מיינט צפורה זי צו טרעפען, און זי האָט זיך געבייזערט אויף איהר:

—א נאריש מיידעל ווי דו האָט קיין רעכט נישט נאכצוגעהן איהר הארץ! דו מוזט פאָלגען דיין הערר צי דו ווילסט אָדער נישט!

—איך בין א אידישע טאָכטער — האָט צפורה געזאָגט שטאָלץ — דער אידישער גאָט איז מיין הערר, ווייטער קיינער נישט!

אגריפאס איז אויפגעשפרונגען און געשריען:

—שווייג! דו ווידערשפעניגע מייד! ביזט דאָך א קריעגסגעפאנגענע. ווען נישט צוליעב דיין פעטער פיליפוס און דיין ליעבהאָבער יוסיפוס, וואָלט איך דיך פערקויפט פאר א שקלאפין צו די געצענדיענער, ווי איך טו מיט אלע געפאנגענע פרויען.

—גאָט אין הימעל! — האָט שמעון ווילד געשריגען — אזוי רעדט דער אידישער קעניג! און די הייליגע ערד צי־טערט נישט אונטער איהם?!

—איך בעדויער זעהר וואס דו מיט צפורה'ן ענטפערט חוצפה'דיג דעם קעניג און איהר צורייצט זיין כעס — האָט פיליפוס געזאָגט צו שמעון'ען — איך האָב דערוואַרט אז איהר וועט אנדערש רעדען צו איהם. בעטראכט זיך וואס אייך דערוואַרט! דו, שמעון, אויב דו פאלסט אריין צו די רוימער וואַרט אויף דיר א מורא'דיגער, גרויזאמער טויט. און דו, צפורה מיט דיין שוועסטער אסתר, מיין שוועסטער'ס קינדער, איהר זענט איצט אין מיין וואוינונג נאָר ווייל דער קעניג דערלויבט דאס און איהר שטעהט איצט נישט אויף די גאסען פון קסריה פערקויפט צו ווערען פאר שקלאפינס. דער קעניג ווייזט אייך גענאָד. ער וויל דיך חתונה מאכען מיט א בעריהמטען מאן און וויל שמעון'ען בעפרייען, אויב איהר וועט בעשטעהן צו ברעכען אייער שבועה, וואס ס'איז נישטאָ קיין האָפנונג איהר זאָלט זי קענען האלטען. זענט איהר אזוי פערנארישט און שפארט זיך אזוי חוצפה'דיג. איך בעט דיך, שמעון, רעד דו מיט צפורה'ן, ווירק אויף איהר, זי זאָל פאָלגען דעם קעניג, וועסטו בלייבען לעבען.

—מיט וואס בין איך זיכער אז איהר וועט שמעון׳ען בעפרייען? — האט צפורה געפרעגט.

—מיר אלע זאגען גוט דארויף. מיר וועלען נישט ברעכען אונזער צוזאג — האט בעראניקא פעסט דערקלערט.

יוסיפוס האט אויפגעלעבט פון האפנונג און ער האט געזאגט צו צפורה׳ן:

—הער זיך איין, איידעלע טאכטער, וועסטו זיין רוהיג. מיר האבען דא גרייט א רייזע ערלויבניש מיט׳ן קעניג׳ס זיגעל, אז דער מאן מיט דער ערלויבניש איז זיינער א געטרייער אונטערטאן. אויב דו ווילסט אונז פאלגען, וועלען מיר איהם געבען דאס פאפיר און ער וועט קענען געהן פריי וואו ער וועט וועלען.

צפורה האט נישט געענטפערט נאר געקוקט שמייכלענדיג צו בעראניקא׳ן און געזאגט:

—אויב אזוי, זאל דער קעניג ווייזען נאך גרעסער גענאד און איהם שוין געבען דאס פאפיר. און וואס ארט אייך אז איך וועל אויך געהן מיט איהם? דער הערר יוסיפוס וועט געפינען אן אנדערע פרוי, וואס וועט איהם ליעבען און נישט פעראכטען ווי איך.

—זי מאכט חוזק פון אונז! — האט בעראניקא געשריען און געווארען רויט.

—וועל איך זיך מיט איהר אפרעכנען!—איז אגריפאס אויפגעשפרונגען — נאך היינט וועט זי זעהן ווי איהר געליעבטער וועט פון די רוימער פערפייניגט ווערען צום טויט. און דערנאך וועלען מיינע קנעכט מיט חרפה זי אוועקשלעפען אין יוסיפוס׳עס הויז. ער איז איהר הערר און ער קען טאן מיט איהר וואס ער וויל.

—דאס וועסטו נישט טאן! — האט צפורה געזאגט רוהיג און פעסט.

—ווער וועט מיר שטערען? — האט אגריפאס געפרעגט שטאלץ.

—איך! — האט צפורה געגעבען א געשריי — אייערע לעבענס זיינען אין מיין האנד. אויב איך וויל ווערט איהר אלע היינט געטויט!



יוסיפוס פלאוויוס

אלע זיינען אויפגעשפרונגען אויף אמאל און זיך אי־בערגעקוקט פערוואונדערט. צפורה האט רוהיג דערקלעהרט:
—אויף א זיכער ארט איז דא א בריעף וואס וועט אייך אלעמען ברענגען דעם טויט, אויב מיר וועלען איהם איבער־געבען וועספאסיאנוס'ען. אין בריעף וועט ער זעהן אז איהר האט אויסגעשפרייט א נעץ פאר איהם. איהר האט געבראכט די דאמע בעראניקא אין זיין לאגער "זי זאל בעצויבערען

דעם אַלטען און פאַנגען זיין הארץ". טיטוס וועט דאס גע־וואַהר ווערען און ער וועט ברענען פאר כעס. דער אַלטער וועספּאַסיאנוס וועט קריצען מיט די צייהן אז איהר וועט צומאַלען ווערען אויף שטויב. אויב איהר גלויבט מיר נישט, פרעגט יוסיפוס'ען, ער האַט דאס געשריבען צו מיין פעטער פיליפּוס. דער בריעף איז אויף אַ זיכער אָרט. און איידער אונזער'ס א האָר וועט פאַלען צו דער ערד, וועלען אייערע קעפּ פאַלען אונטער דער שווערד. דער אַלטער פאטער מיט זיין זוהן טיטוס וועלען נעמען נקמה אָן אייך...

אַלע האבען דערשראָקען געקוקט אויף יוסיפוס'ען וואס איז געווען וויים ווי די וואנד, די אויגען זענען איהם ארויס־געקראָכען פאר שרעק און ער האט געציטערט ווי אין פיבער. זיין שרעק האט זיי געמאכט שוידערן און זיי האבען זיך גע־טרייסעלט פאר מורא און כעס.

איצט האט שמעון פערשטאַנען וואס צפורה האט גע־שיקט צו איהם אסתר'ן נאָך זיינע פּאַפּירען. איהר קלוגשאַפט האט זיי געראַטעוועט פון טויט און קנעכטשאַפט און געוואר־פען א מורא אויף זייערע פיינד. זי האט איצט געהערשט איבער זיי און וואס זי האט בעפוילען האבען זיי גלייך גע־פאָלגט.

גלייך אויפ'ן אָרט האָט אגריפּאס אויף צפורה'ס פאָדע־רונג געהייסען אויסשרייבען א רייזע ערלויבניש אויף די נע־מען פון שמעון, צפורה און אסתר'ן. פיליפּוס האט געקראָגען די ערלויבניש און ער האט זיי בעגלייט ביז אריבער שכם, ווייט פון דער געגענד וואס די רוימער האבען געהאַלטען. אז זיי זענען צוגעקומען צום הר המלך האט פיליפּוס געגעבען צפורה'ן וועספּאַסיאַנוס'עס פּאַפּיר וואו זי איז דערקלערט גע־וואָרען אַלס יוסיפוס'עס שקלאַפין און אסתר האָט אויסגע־מאָן דעם שוך און ארויסגענומען יוסיפוס'עס געהיימען בריעף מיט וועלכען זיי האבען זיך געקויפט זייער פרייהייט, און זי האט איהם אוועקגעגעבען פיליפּוס'ען.

פיליפּוס האָט זיך אומגעקערט נאָך קסריה און שמעון, צפורה און אסתר זענען רוהיג און זיכער געגאַנגען זייער וועג דריי טאָג ביז זיי זיינען געקומען נאָך ירושלים.

ירושלים האט אויפגעציטערט פון די שרעקליכע ידיעות וואס זענען אנגעקומען פון גליל. די מפלה פון יודפת האט צוקלאפט דעם מוטה פון פיעל אידען. מען האט אויך געזאגט אז אין דער שווערער שלאכט איז יוסיפוס געפאלען. זיינע עלטערן, זיין פאמיליע און די גאנצע שטאדט האבען איהם בעוויינט און בעקלאגט. די שלום זוכער האבען געפונען א געלעגענהייט צו רעדען אפען און געשריגען אויף די קנאים אז זייער האפנונג איז אומזיסט. זיי וועלען נישט בייטשטעהן די מעכטיגע רוימער. די פעסטונגען פון יהודה וועלען לייכט פאלען און דאס בעסטע איז זיך אונטערגעבען רוים און בעטען פרידען און גענאד.

זענען אבער געקומען אנטלאפענע פון טריכיען און דערצעהלט אז דער גרויזאמער וועספאסיאנוס ברעכט זיינע פערשפרעכונגען. די שטאדט האט זיך אונטערגעגעבען און ער האט זיי צוגעזאגט צו לאזען לעבען, נאר אז זיי זענען ארויס פון פעסטונג, האט ער זיי אלע פערניכטעט. דא איז דאס פאלק געווארען שרעקליך אויפגערעגט און נישט געוואלט צוהערען צו די שלום זוכער.

באלד איז געקומען יוחנן פון גוש חלב מיט זיינע אנהענגער און זיי האבען דערצעהלט אז יוסיפוס איז געווען פאלש און פעררעטעריש, דערפאר האט ער פערלוירען. צום סוף זענען געקומען שמעון, צפורה און אסתר און זיי האבען דערפילט די מאס פון צארן ביים פאלק.

יוסיפוס לעבט, האבען זיי דערצעהלט, ער לעבט זיך רוהיג ביי וועספאסיאנוס'ען און זוכט זיך פרויען צווישען די קריעגס געפאנגענע, און זיי האבען אלץ איבערגעגעבען, וואס זיי האבען איבערגעלעבט. דאס פאלק האט געשטורמט און דער טרויער נאך איהם איז געווארען א מורא'דיגע שנאה און טיפער האס. אלע האבען געשאלטען דעם פעררעטער'ס נאמען און געווארפען די שולד אויף זיינע וועהלער. די שלום-זוכער, זיין פאמיליע און פריינד וואס האבען ערשט גערעדט שטרענג צום פאלק האבען איצט געציטערט פאר'ן פאלק'ס צארן און די קנאים האבען ווידער פערשטארקט זייער מאכט און איינפלוס. דאס גאנצע פאלק האט געהאלטען מיט זיי.

די קנאים וואס זענען אנגעלאפען פון גליל האבען בע־

גייסטערט גאנץ ירושלים מיט זייער דערצעהלען וועגען דעם מוט און גבורה, וואָס די קעמפער האָבען בּיוויזען אין די שלאכטען. שמעון איז געגאנגען צווישען פּאָלק און דערצעהלט וואס פאר א קלעפּ די רוימער האבען געקראגען פון די אידי־שע מחנות. וועספּאסיאנוס איז געווען געצוואונגען צוריק־צוציהען זיינע לעגיאָנען נאָך קסריה און זיי לאָזען רוהען א גאנצען ווינטער ביז ער וועט קריגען פריש מיליטער אויפ'ן אָרט פון די געפאלענע.

מיט בעגייסטערונג האט דאס פאָלק גערעדט וועגען דעם העלד אליעזר בן שמאי פון יודפת. ווען די רוימער האבען אנגעשטעלט א שטורם באָק איינצוברעכען די מויער, האט ער פון מויער אראפּגעשליידערט א גרויסען שטיין אויפ'ן "באָק" און אבגעבראכען זיין קאָפּ. דערנאָך איז ער אראפּ־געשפּרונגען צווישען די רוימער, זיי זענען אנטלאָפען פאר שרעק און ער האט ארויפגעבראכט דעם באָק'ס קאָפּ אויף דער מויער. ער איז אזוי לאנג געשטאַנען אין דער הויך ביז ער איז געפאלען דורכגעלעכערט פון די פיילען, וואס די רוימער האבען אריינגעשאָסען אין איהם.

מען האט אויך אין אלע גאסען גערעדט וועגען די צוויי גבורים: ניטוראס און פיליפּוס, וואס האבען פערטריבען דעם צעהנטען לעגיאָן און אויסגע'הרג'עט פיעל פיינדליכע סאָל־דאטען.

דאס פאלק האט געהערט דערצעהלען פון פיעל וואונדער וואס די קנאים האבען בעוויזען אין די פעסטונגען. נאָר די צרה איז געווען וואס מען האט נישט געהאט גענוג מיליטער בייצושטעהן די זעהר גרויסע רוימישע ארמעע. עס האט אויך געפעהלט רייטער צו קענען נאכיאָגען די רוימער און זיי טרייבען ווייט. ירושלים האט געשטוינט צו הערען די גבורות פון די גמלא'ר אידען. די בראווקייטען פון איהרע פרויען און יונגע קינדער וואס האבען אומגעוואָרפען די אונטערשטע שטאָדט און געשליידערט אויפ'ן פיינד'ס קאָפּ.

ווען נישט די פעררעטער וואלט נאָך גמלא זיך געהאלטען, ווען נישט די אינערליכע רייסערייען אין טריכיען, וואלט זי נאָך נישט געווען געפאלען. יודפת וואלט אויך נישט בעזיגט

געוואָרען ווען נישט דער פערדעטער, וואס האט דעם שונא אויסגעזאגט איהרע סודות.

דאס פאלק אין ירושלים האט איינגעזעהען אז נאָר איבער די פערדעטער איז גליל געגאנגען פערלאָרען, און ירושלים האט אויך געהאט א סך פעררעטער און די קנאים האבען געשריגען אז ירושלים איז אין סכנה אויב מען וועט זי נישט אויסרייניגען פון זיי.

צפורה און אסתר האבען געוואוינט ביי אלעזר בן שמעון. ווי די שטאָדט האט זיך דערוואוסט אז זיי זענען געקומען, זענען מאסען מענשען געקומען צו זיי און צופרעגט וועגען דער מלחמה אין גמלא. אז דאס פאלק האט געהערט זייערע דערציילונגען האבען אלע געבענטשט יוסף בן גמלא'ס נאָמען און אבגעגעבען גרויס כבוד צפורה און אסתר'ן. ווען די מאסען האבען געהערט ווי אגריפאס און יוסיפוס זענען פערדאָרבען, זענען זיי אין גרויס אויפרעגונג בעפאלען אגריפאס'עס קרובים און זיי דער'הרג'עט. זיי האבען זיך געוואָרפען צו יהושע בן גמלא, יוסיפוס'עס פריינד און איהם געוואָלט טויטען. שמעון בן יאיר און זיין ברודער יהודה האבען זיך אנגענומען פאר איהם און געראטעוועט פון טויט.

צווישען די קנאים זענען געווען היציגע לייט וואס האבען אראפגעוועצט דעם כהן גדול מתתיהו בן טעאפיל, ווייל אגריפאס האט איהם בעשטימט צום אמט. זיי האבען אויך אבגעשאפט די אורזאך, וואס האט געבראכט אז דער הייליגער אמט איז שטענדיג געבליבען ביי די רייכע כהנים פאמיליעס און זיי האבען בעשטימט אז דער כהן גדול זאל אויסגעקליבען ווערען דורך א גורל.

איז געפאלען דער גורל אויף א פראָסטען כהן, אן ערד־ארבייטער און שטיין־האקער, פנחס בן שמואל, פון דארף חבתא. ער האט נישט געוואוסט די מינדסטע זאך אין הייליגען דיענסט און אז ער האט געטאָ די עבודה האבען אלע געלאַכט פון זיין אומוויסענהייט. דער נשיא, רבי שמעון בן גמליאל און דאס סנהדרין האָט געהאַט גרויס צער וואס אזא אומוויסענדיגער מאן איז געווארען כהן גדול. דאס איז געווען א חלול השם.

דעמאָלט האט דער געוועזענער כהן גדול חנן גערופען א

גרויסע פערזאמלונג פון די שטאָדט לייט און זיי גערופען בעקעמפען די קנאים, די שטאָדט לייט וואָס זענען ערשט געווען מיט די קנאים האבען זיך געלאָזט איבעררעדען און ארויסגעטראטען געגען זיי. חנן האט שטארק פערפאָלגט די קנאים און זיי פערטריבען פון די גאסען ביז צום הר הבית און די צווייטע מויער פון היכל.

דאָ האָבען די קנאים זיך בעפעסטיגט און חנן האָט נישט געוואגט זיי ווייטער צו פערפאָלגען, ער זאָל נישט פערגיסען בלוט לעבען בית המקדש. ער האָט נאָר אוועקגעשטעלט א שטארקע וואך, וואָס זאָל די קנאים נישט ארויסלאָזען סיי־דען זיי וועלען זיך איהם אונטערגעבען.

פלוצלינג האט מען אָנגעהויבען רעדען, אז חנן האָט שטילערהייט געשיקט שלוחים צו וועספאסיאַנוס מיט גרויסע מתנות און איהם געבעטען קומען נאָך ירושלים און אויס־ראָטען די מורדים.

דאס האָט יוחנן פון גוש־חלב שוין נישט געקענט שוויי־גען און ער האָט אויפגעפאָדערט זיינע אנהענגער, די אָנגעלאָ־פענע פון גליל, צוצושטעהן צו די בעלאגערטע קנאים. ער האָט אָבער געוואוסט, אז זיי זענען נישט בכח צו בעזיע־גען חנן'ס מחנות, האָט ער זיך געווענדעט צו די אדומים, זיי זאָלען איהם קומען צו הילף.

די אדומים זענען געווען זעהר בראוו און קריעגספעהיג און האָבען שטארק ליעב געהאט ארץ ישראל און די הייליגע שטאָדט. ער האָט זיי געבעטען קומען פערטרייבען די פער־רעטער, וואָס ווילען איבערענטפערען די שטאָדט צו די רוימער.

די אדומים זענען שטארק פערביטערט געוואָרען, זיי האָבען געהערט, אז ירושלים איז אין סכנה, זענען צוואנציג טויזענט אדומ'ישע העלדען געקומען זעהר שנעל אָנגעפיהרט פון פיער קאָמאַנדירען: יוחנן, יעקב, שמעון און פנחס.

חנן האָט דערהערט, אז דאָס אדומ'ישע חיל קומט, האָט ער בעפוילען צו שליסען די טויערן און ער האָט אויסגע־שטעלט מיליטער אויף די מויערן אָבצושטויסען די אדום'ער. יהושע בן גמלא איז ארויף אויף דער מויער און געבעטען די אדומים זיך אומצוקערען אהיים און זיי זאָלען נישט

מיט זייער קומען פערגרעסערען די אונרוהען. זיי האָבען איהם אָבער נישט געוואָלט הערען און זייער קאָמאנדיר שמעון האָט געשריגען:

— קיינער האָט קיין רעכט נישט צו שליסען די טויערן פאר די וואָס קומען פערטיידיגען ירושלים פון איהרע אויסערליכע אָדער אינערליכע פיינד!

מען האָט זיי נישט געוואָלט אריינלאָזען, האָבען זיי אויסגעשטעלט זייער לאַגער לעבען די טויערן.

ביינאַכט איז געוואָרען א גרויסער שטורם. עס האָט געדונערט און געבליצט און עס איז געגאַנגען א שלאַגס־רעגען. די וועכטער פון דער מויער און די וואָך ארום די בעלאַגערטע קנאים האָבען זיך דערשראָקען און אריינגעלאָפען זיך בעהאַלטען אין די הייזער. האָבען די בעלעגערטע גענומען זעגען און אייזענס פון בית המקדש און זענען אין שטורם געגאַנגען צו דער מויער און אויפגעבראָכען די שלעסער און אריבער צו די אדומים, וואָס האָבען זיך מיט זייערע פאַנצערס געשיצט פון רעגען.

צורייצטע האָבען די אדומים זיך אריינגעריסען אין שטאָדט און צוזאַמען מיט די היציגע קנאים בעפאַלען די וועכטער און יעדען וואָס האָט זיך זיי אנטקעגען געשטעלט און דער׳הרג׳עט. א סך טויטע זיינען געפאַלען יענע נאַכט.

אין דער פריה האָבען די היציגע קנאים אָבגעשאַפט דאָס סנהדרין, וואָס דער רוב איז בעשטאַנען פון די אריסטאָקראַטען און זיי האָבען בעשטימט א געריכט צו משפט׳ען אלע געגנער פון די קנאים און די וואָס ס׳איז געפאַלען אויף זיי א חשד אז זיי זוכען שלום מיט רוים.

די ערשטע זענען פער׳משפט געוואָרען צום טויט חנן און יהושע בן גמלא. דער אורטייל איז גלייך אויסגעפיהרט געוואָרען און די היציגע קנאים האָבען נישט דערלאָזט מען זאָל זיי בעגראָבען. דערנאָך האָבען זיי פער׳משפט צום טויט דעם הויפט פון שטאָדט, יוסף בן גוריון, ווייל ער האָט זיך פעראייניגט מיט חנן׳ען אָנצוהויבען די ברידער־קריעג אין דער הייליגער שטאָדט. א סך בעריהמטע און אנגעזעהענע לייט זיינען דעמאָלט בעשטראָפט געוואָרען מיט׳ן טויט.

די איבערקערעניש האָט שטאַרק וועה געטאָן דעם נשיא

רבן שמעון בן גמליאל. איהם האָבען די היציגע יא אָבגעגע־
בען כבוד. זיי האָבען איהם געבעטען ער זאָל זיין דער נשיא
פון די ריכטער, וואָס זיי האָבען בעשטימט. ער האָט זיך
אָבער אָבגעזאָגט דערפון. ער האָט נישט געוואָלט פערבינ־
דען זיין נאָמען מיט די פערברעכערס און ער האָט זיך אינ־
גאַנצען צוריקגעצויגען און מעהר זיך נישט געמישט אין דער
פיהרונג פון דער שטאָדט און לאַנד. פון דעמאָלט אָן איז ער
געזעסען אָבגעזונדערט אין זיין הויז. ער האָט אָבער נישט
געשטערט זיין זוהן גמליאל און זיין איידים רבי אליעזר בן
הרקנוס צו זעהן זיך אָפט מיט די מעסיגע קנאים צווישען
וועלכע עס זענען געווען שמעון בן יאיר און זיין ברודער
יהודה. פון די מעסיגע קנאים איז אלעזר בן שמעון אויס־
געקליבען געוואָרען אלס פיהרער.

---

די אַנטלאָפענע פון גליל, די פערביטערטע, וואָס האָבען
אַזוי געליטען פון זייערע פעררעטער, האָבען געשטורמט
געגען דער ירושלים׳ער אריסטאָקראַטיע און איהרע רייכע
לייט און אלעמען בעשולדיגט אין פערראַט. זייער פיהרער
יוחנן פון גוש־חלב, וואָס האָט מעהר פון אלעמען געוואוסט,
אַז איבער די פעררעטער איז גליל געוואָרען בעזיעגט, האָט
ער געהאַלטען אין איין פאָדערן, מען זאָל אויסראָטען אלע
פעררעטער פון ירושלים. אַזוי לאַנג ווי איין פעררעטער וועט
בלייבען אין שטאָדט, האָט יוחנן געשריגען, איז מען נישט
זיכער געגען דעם אויסערליכען פיינד.

די היציגע קנאים האָבען דאָס נאָר געוואָלט און זיי האָ־
בען זיך פעראייניגט מיט די אַנטלאָפענע פון גליל און זיי
זענען געגאַנגען אין די גאַסען און אויסגערופען:

— ווער ס׳איז פאר גאָט זאָל קומען צו אונז! און ווער
ס׳איז נישט מיט אונז, דער איז מיט דעם פיינד!

די אדומים זענען אויך געווען מיט זיי. האָבען זיי ארעס־
טירט א סך רייכע לייט פון שטאָדט און זיי אריינגעוואָר־
פען אין תפיסה. א סך האָבען זיי אומגעבראַכט. האָבען זיך
פיעל רייכע אויפגעהויבען און אַנטלאָפען איידער מען איז
געקומען נאָך זיי און זיי זענען אריבער צו די רוימער. דאָרט
האָבען זיי דערצעהלט וועגען די אונרוהען וואָס קומען פאָר

אין ירושלים און געבעטען וועספּאַסיאַנוס'ען, ער זאָל געהן אויף ירושלים און ראַטעווען די איינוואוינער, וואָס כמעט אַלע פון זיי ווילען שלום, פון די מורדים, וואָס ווילען אלעמען פערטיליגען.

וועספּאַסיאַנוס האָט זיך דערפרעהט מיט די נייעס. ער האָט זיי אבער נישט געוואָלט פאָלגען. ער האָט אויך נישט געוואָלט הערען די עצות פון זיינע ראַטהגעבער, וואָס האָבען געפאָדערט ער זאָל זיך צואיילען און איננעמען די הויפּט־שטאָדט. ער האָט געהאַט זיין אויסגעאַרבייטען פּלאַן. פריי־הער וועט ער איננעמען אַלע שטעדט ארום ירושלים. דער־ווייל וועלען די ירושלים'ער איינס דאס אַנדערע אויסקוילען, וועט איהם לייכטער אָנקומען זיין זיעג איבער דער הייליגער שטאָדט.

אין חודש ניסן אין יאָהר דריי טויזענד אכט הונדערט אכט און צוואַנציג, האָט וועספּאַסיאַנוס איינגעטיילט זיין אויסגערוהט מיליטער אויף צוויי ארמעען. איין ארמעע האָט ער געשיקט אונטער דער קאָמאַנדע פון פּלאַקידוס'ן, צום עבר הירדן אויף דרום. דאָרט איז דאס פאָלק אויך געווען צו־ריסען צווישען זיך. די מעהרסטע שטעדט האָבען גלייך גע־עפענט די טויערען פאַר די רוימער אָהן דעם מינדעסטען קאַמף. דאָס הייפעלע קנאים איז אָהן מיליטער און אָהן מאַכט ארויס פון די שטעדט און דער פיינד האָט זיי אויסגע־הרג'עט.

די צווייטע ארמיי האָט וועספּאַסיאַנוס אליין געפיהרט. ער איז געגאַנגען אויף די שטעדט פון יהודה און אדום און אַלע בעזיעגט. די וואס האָבען זיך אַנטקעגענגעשטעלט האָט ער פערטיליגט און קיין איינעם נישט געלאָזט לעבעדיג. נאָר מיטעל־אדום און די עקרבים־געגענד לעבען טויטען ים האָט ער געלאָזט צורוה. שמעון בן גיורא דער אונערשראָקע־נער העלד מיט זיינע מחנות און די אדומ'ישע באַנדעס האָ־בען געלויערט אויף זיין ארמיי אין די בערג און די שמאָלע וועגען און מאסען רוימער אויסגע'הרג'עט.

דערווייל איז דער בלוטיגער נעראָן געשטאָרבען. אין רוים זיינען געווען אונרוהען, האָט וועספּאַסיאַנוס אין אזא צייט נישט געוואָלט אָנהויבען די מלחמה אויף ירושלים,

וואס ער האָט געוואוסט אַז זי וועט זיך פערציהען לאַנג, האָט ער צוריקגעפיהרט זיין אַרמיי נאָך קסריה.

די אונרוהען אין ירושלים האָבען געוואַקסען. די היציגע קנאים האָבען געקראָגען מעהר מאַכט און זיי האָבען שרעק־ליך פערפאָלגט די עלטעסטע לייט פון שטאָדט. די אדומים האָבען זיי אין דעם אַ סך געהאָלפען. אַ סך בלוט איז פער־גאָסען געוואָרען און עס האָט נישט גענומען קיין סוף.

די מעסיגע קנאים האָבען דאס מעהר נישט געקענט פער־טראָגען און בעשלאָסען צו בעקעמפען די מערדערייען. זייער פיהרער אלעזר בן שמעון האָט געהייסען שמעון בן יאיר׳ן ער זאָל ווירקען אויף די אדומים, זיי זאָלען זיך נישט בעטייליגען אין די ברידער מאָרדען.

שמעון איז אוועק צו די פיהרער פון די אדומים און זיי אויפגעוויזען אַז די היציגע קנאים מיט יוחנן פון גוש־חלב זייער אנפיהרער האָבען געגרינדעט אַ שרעק־און־מאָרד רע־גיערונג. זיי פערגיסען אונשולדיג בלוט. טויטען אנגעזעהנע לייט. זיי ווילען ברענגען פרייהייט, זייערע הענד זיינען אבער אויסגעטונקט אין בלוט. און ער האָט זיי געבעטען נישט צו העלפען מעהר די היציגע.

די אדומים האָבען איינגעזעהן אַז ער איז גערעכט און האָבען גלייך בעפרייט די אַרעסטירטע פון תפיסה. פיעל פון זיי האָבען זיך אומגעקערט נאָך אדום און אַ גרויסע צאָהל איז צוגעשטאַנען צו די מעסיגע קנאים.

זענען די קנאים שוין געווען צוטיילט אויף צוויי פאַר־טייען. די היציגע מיט זייער פיהרער יוחנן פון גוש־חלב, וואָס האָבען געוואָלט אויסראָטען אַלעמען, וואָס זענען פער־דעכטיגט געוואָרען, אַז זיי ווילען פרידען מיט רוים. און די מעסיגע מיט זייער אנפיהרער אלעזר בן שמעון, וואס האָבען געוואָלט אָבשטעלען די ברודער־קריעג און צוציהען די רייכע און די אַריסטאָקראַטען אויף זייער זייט.

דער צווייטער פיהרער פון די מעסיגע קנאים איז געווען שמעון בן יאיר און זיין ברודער יהודה — דער געהילף. מיט זיי זענען געשטאַנען אַ סך בעריהמטע לייט און אנגעזעהענע גבירים.

די רייסערייען צווישען די צוויי פאַרטייען האָבען זיך

געהאַלטען אין פערשטאַרקען ביז ס'איז אויסגעבראָכען אַן אָפענער קריעג. מיט דער הילף פון די אדומים, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו די מעסיגע זענען זיי בעפאַלען די היציגע קנאים און זיי דערלאַנגט שטאַרקע קלעפּ, זענען די היציגע מיט יוחנן'ען אנטלאָפען אין בית המקדש אריין.

דערווייל האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע היציגע קנאים און זיך געגרייט בעפאַלען די מעסיגע. דאָ איז פאָרגעשטאַנען א מורא'דיגע שלאַכט. האָבען די מעסיגע גערופען א פער־זאַמלונג מיט די עלטסטע און די כהנים פיהרער וואָס צו טאָן צו פערמיידען די ברידער־קריעג. זיי האָבען בעשלאָסען צו רופען שמעון בן גיורא מיט זיין אַרמעע צו הילף און אויס־צוקלייבען שמעון בן גיורא אַלס הויפּט־פיהרער.

שמעון בן גיורא איז געוועזען זעהר יונג און אַן אונדער־שראָקענער גבור. ער האָט בעוויזען גרויסע וואונדער אין דער מלחמה מיט צעסטיוס'ען. ער האָט ווייט נאָכגעיאָגט די רוימער טיעף אין די בערג אריין און פיעל פון זיי אויסגע־הרג'עט. אין די וואַהלען פאַר עלטסטע איבער די פערשי־דענע מדינות פון ארץ ישראל, ווען אלעזר בן חנניה איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס נציב פון אדום, איז שמעון בן גיורא אויסגעקליבען געוואָרען אַלס זיין געהילף אין עקרבים.

שמעון בן גיורא איז אָפט בעפאַלען מיט זיינע סאָלדאַ־טען די אַרומיגע שטעדט און שווער בעשטראָפט די אַלע וואָס האָבען געוואָלט שליסען פרידען מיט רוים. חנן דער געטויטער כהן גדול האָט דעמאָלט געהאַט די מאַכט אין ירושלים, האָט דאָס איהם פערדראָסען און ער האָט גע־שיקט אַן אַבטיילונג מיליטער צו אַרעסטירען שמעון בן גיורא'ן. איז שמעון אַנטלאָפען צו די מעסער־העלדען אין פעסטונג מסדה און דאָרט געבליבען ביז נאָך חנן'ס טויט.

דערנאָך איז שמעון ארויס פון פעסטונג און צוזאַמענגע־שטעלט א גרויסע אַרמעע פון פערביסענע אונערשראָקענע קעמפּער און ער איז אָפט פון די בערג בעהעלטעניש'ען בע־פאַלען די רוימישע לעגיאָנען און זיי אָנגעטאָן געברענטע פיין. זיי האָבען פון איהם אַזויפיעל געליטען אַז זיי זענען

געוועזן געצוואונגען ארויסצוציהען פון די בערג און לאַגערן אויף דער פלאַכער געגענד.

דורך דעם איז שמעון בן גיורא געוואָרען זעהר שטאָלץ ביי זיך און ער האָט געוואָלט פיהרען זיין ארמעע נאָך ירושלים און דאָרט ווערען דער הויפט אָנפיהרער פון דער שטאָדט. דאָס האָט יוחנן פון גוש חלב נישט געוואָלט דער־לאָזען. און ווען שמעון בן גיורא איז מיט זיין ארמעע צוגע־קומען צו ירושלים איז יוחנן ארויס אנטקעגען איהם קעמפען און נישט געוואָלט אריינלאָזען.

יוחנן׳ס אנהענגער האָבען געהאַט א מפלה. דאָך האָט שמעון בן גיורא נישט געוואַגט נעמען ירושלים מיט מאַכט און ער איז אוועק מיט זיין ארמעע נאָך אדום. דער נציב פון אדום, אלעזר בן חנניה איז געוועזן זיין פריינד און צוליעב איהם איז ער געגאַנגען צו דער פעסטונג הורדיום לעבען בית לחם און געוואָלט פועל׳ען די פעסטונג זאָל אָנגעטרויט ווע־רען אין שמעון בן גיורא׳ס הענד און ער וועט דאָ ווייזען א שטאַרקען ווידערשטאַנד די רוימער.

ווען אלעזר בן חנניה איז אָנגעקומען אין פעסטונג, איז ער אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס עהרע. נאָר אז ער האָט זיי געזאָגט זיין פערלאַנג, זענען אלע איינוואוינער גע־וואָרען אין כעס. זיי האָבען נישט געוואָלט זיך פערטרויען אין א מעסער העלד. פאַר גרויס צאָרן האָבען זיי זיך גע־וואָרפען אויף אלעזר בן חנניה׳ן און איהם געוואָלט טויד־טען. ער איז אנטלאָפען אויף דער מויער און די איינוואוי־נער האָבען זיך געלאָזט לויפען נאָך איהם. ער האָט גע־זעהן אז ער האָט נישט וואו צו לייפען איז ער אראָפגע־שפרונגען פון דער הויכער מויער און צושמעטערט געוואָרען אויף שטיקלעך.

נאָך אלעזר בן חנניה׳ס טויט האָבען די עלטסטע פון אדום אויסגעקליבען שמעון בן גיורא׳ן אלס זייער הויפט פיהרער. דעמאָלט זענען אָנגעלאָפען צו איהם א סך רייכע לייט פון ירושלים וואָס זענען אנטלאָפען פאַר יוחנן׳ס ווילדען כעס. און זיי האָבען איהם געבעטען ער זאָל געהן נאָך ירושלים און איינשטילען די אונרוהען. ער האָט דאָס אָבגע־לייגט ביז דער אראָפגעזעצטער כהן גדול מתתיהו בן טעאפיל

איז געקומען צו איהם געשיקט פון די עלטסטע פון ירושלים, ער זאָל קומען אין דער הייליגער שטאָדט און מען וועט איהם בעשטימען אַלס הויפּט פיהרער.

שמעון בן גיורא האָט איינגעשטימט. פּאַראויס האָט ער געשיקט די אדומי'שע סאָלדאַטען. דערנאָך האָט ער אַוועקגעפיהרט זיין גאַנצע אַרמעע. ווען ער איז צוגעקומען צו ירושלים האָט מען ברייט געעפענט די טויערען פאר איהם. דאָס פאָלק האָט זיך שטאַרק געפרעהט מיט זיין אַנקומען; און די מעסיגע קנאים האָבען איהם אויפגענומען מיט פרייד און עהרע. זיי האָבען געדענקט אַז איצט וועט שוין קומען די הילף און עס וועט זיין רוהיג אין ירושלים.

---

די גאַנצע צייט האָבען צפּורה און אסתר געוואוינט ביי אלעזר בן שמעון אין הויז. אלעזר'ס ווייב, מרים איז געווען צפּורה'ס חבר'טע פון קינדוויים אויף. זיי זענען שטענדיג געזעסען אין הויז און געטראָגען זייערע טרויער קליידער. אפילו צו זייער מוהמע מרתא בת ביתוס זענען זיי נישט געגאַנגען. זיי האָבען נישט ליעב געהאַט די שטאָלצע רייכע מרתא.

די גאַנצע צייט האָבען זיי געקלאָגט נאָך זייער פאָטער און מיט קיינעם זיך נישט אַנגעקערט. נאָר שמעון בן יאיר און זיין ברודער יהודה פלעגען יעדען טאָג קומען צו זיי און שמועסען. יהודה האָט זיך פערליעבט אין אסתר'ן און זי אין איהם. צפּורה האָט אָבער אָבגעלייגט זייער חתונה ביז נאָך'ן קריעג.

באַלד צומאָרגענס ווי שמעון בן גיורא איז געקומען נאָך ירושלים, האָבען די פיהרער אָבגעהאַלטען אַ בעראַטונג אין אלעזר בן שמעון'ס הויז. די בעל הבית'טע מרים האָט קוים גע'פועל'ט ביי צפּורה'ן מיט אסתר'ן, זיי זאָלען געהן מיט איהר אין בעראַטונגס־צימער זעהן דעם בעריהמטען שמעון בן גיורא.

ער האָט געהאַט אַ וואונדערליך אויסזעהן פון אַ זעלטען מוטיגען העלד. זיין פּנים און אויפפיהרונג האָבען גלייך געוויזען, אַז ער איז נישט געזעסען אין בית המדרש און געלערנט. די הייסע ארץ ישראל זון האָט זיין פּנים אָב־

געברענט און די לויטערע ווינטען האָבען געשטאַרקט זיינע מוסקעלן. א טונקעלע הויט, שוואַרצע האָר, די אויגען ווי פייערדיגע קוילען אין שניי, א שעהנע נאָז מיט פעסטע וואָנסעס און א רונדיג, קורץ בערדיל.

ער איז נאָך געווען פאַר דרייסיג. מיטעל געוואַקסען, ברייטע פלייצעס און די גלידער ווי געשמידט פון אייזען. פעסט איז ער געווען ווי א צעדערבוים און שנעל ווי אן אינד. א ברייטע אנגענעמע שטימע און אז ער האָט גערעדט אויף'ן קול האָט עס געקלונגען ווייט ווי א טרומפייט.

ער איז געווען אָנגעטאָן אין אן אייזענעם הוט, א קופערנעם פאַנצער אויף דער ברוסט און אויף זיין לעדערנעם גאַרטעל האָט געהאַנגען א לאַנגע קרומע שווערד.

אז ער איז אריינגעקומען אין שטוב האָט ער אויסגעטאָן דעם אייזענעם הוט און מען האָט דערזעהן א לאַנגען רויטען צייכען אויף זיין שטערן. א סימן פון א וואונד וואָס ער האָט געקראָגען אין א שלאַכט. אלע האָבען זיך אויפגע־שטעלט פון זיין כבוד וועגען און אלעזר בן שמעון האָט אלע־מען פאָרגעשטעלט פאַר איהם.

אלעמענס נעמען זענען איהם געווען בעקאַנט. א סך זענען געווען זיינע אַלטע בעקאַנטע און האָבען מיט איהם אינאיינעם געקעמפט געגען צעסטיוס'ען. ווען מען האָט איהם פאָרגעשטעלט צפורה'ן מיט אסתר'ן, איז ער געוואָרען שטאַרק געריהרט. ער האָט גוט געקענט זייער פאָטער יוסף, ער האָט אויך געהערט פון די העלדענטאַטען וואָס די מייד־לעך האָבען בעוויזען אין גמלא און ווי אזוי זיי האָבען זיך געראַטעוועט פון אגריפאַס'ם צאָרן.

ער האָט שוין ניט אראָפּגענומען די אויגען פון זיי. ביים עסען האָט מען איהם געמוזט זעצען צווישען זיי. בעזונדער האָט ער געצויגען צו אסתר'ן. יהודה איז געוואָרען אייפער־זיכטיג און געקוקט אויף איהם ווי אויף א קאָנקורענט.

נאָך'ן עסען האָט זיך אָנגעהויבען די בעראַטונג ווי אזוי איינצושטילען די בירגער קריעג. שמעון בן גיורא האָט גע־ראַטען אז אלעזר בן שמעון מיט די מעסיגע קנאים זאָלען זיך בעפעסטיגען אין פעסטונג אנטאָניא און נישט דערלאָ־זען אז יוחנן זאָל זי פערכאַפּען און נישט צולאָזען די רייבע

אידען צו קומען אין בית המקדש מקריב זיין קרבנות. ער אליין וועט פערנעמען אקרא און ציון. וועט יוחנן זיך געפינען אינמיטען און עס וועט זיין גרינג צו בעזיעגען איהם. פריהער וועט מען בעטען יוחנן'ען ער זאָל שליסען פרידען און אויב נישט וועט מען ארויסטרעטען געגען איהם.

די מעהרהייט פון די פערזאמעלטע האָבען איינגע־שטימט. רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי זכריה בן אבקולס זענען נישט צופרידען געוועזן. דאָס פאָלק וועט געהן אין בית המקדש און מען טאָר דאָס נישט טאָן. דער אראָפּגע־זעצטער כהן גדול מתתיהו האָט געפאָדערט מען זאָל נישט מוחל זיין יוחנן'ען דאָס פערגאָסענע בלוט, נאָר מען זאָל איהם ארעסטירען און בעשטראָפען מיט טויט.

א טייל קנאים האָט פערטיידיגט יוחנן'ען. זיי האָבען געזעהן אז מען בעשולדיגט איהם צופיעל. ער מאטערט טאקי די וואָס האַלטען מיט רוים. ער טוט אָבער דאָס נאָר צו די וואָס זענען א געפאהר פאר ירושלים'ס זיכערהייט. די עהרליכע שלום־זוכער טוט ער נישט קיין שלעכטס. אָט האָט רבי יוחנן בן זכאי זיך אוועקגעשטעלט אין גאס און געפאָדערט דאָס פאָלק זאָל אוועקלייגען דאָס געוועהר און עפענען די טויערן פאר רוים און יוחנן פון גוש חלב האָט איהם ניט געזאָגט קיין בייז וואָרט. יוסיפוס'עס עלטערן וואָס זיצען אין תפיסה האָט ער אויך נישט אומגעבראַכט, ער ווייס אז זיי וועלען נישט ברענגען קיין געפאהר, איז ער זיך נישט נוקם אָן זיי פאר די זינד פון זייער פערדאָרבענעם זוהן.

שמעון בן גיורא האָט זיך צושריגען אויף רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי זכריה בן אבקולס, וואָס זיי ווילען נישט דאָס פאָלק זאָל ארייגגעהן אין בית המקדש, ווייל מען טאָר נישט.

— אייער חכמה און גבורה איז אין בית המדרש ! — האָט ער זיי געזאָגט — דאָרט אין דער וועלט פון געדאנק און פאנטאזיע קענט איהר טאָן וואָס איהר ווילט. איהר מעגט דאָרט וועלען אויפהענגען א בארג אויף א האָר און בויען א טורעם אין דער לופט. אין לעבען האָבען אייערע רייד קיין ווערטה נישט. א פערשטענדיגער מענש וועט קריגען

אַן איי ווען ער איז הונגעריג, וועט ער עס אויפּעסען און נישט טראַכטען צי ער מעג, ווייל די הוהן האָט עס געלייגט אום יום טוב . . . מיר קענען נישט וואַרטען און ועלען נישט וואַרטען ביז איהר וועט אונז זאָגען וואו מיר מעגען, לויט אייער מיינונג, זיך בעפעסטיגען געגען פיינד. ווען ס'איז נויטיג איז בעסער אַז אַ פּראָסטער איד זאָל אַריינגעהן אין בית המקדש אויף אָבצוהיטען איידער דער שונא זאָל אַריינקומען צו פערשוועכען און פערוויסטען.

ער האָט גערעדט אין אַ שאַרפען הערשערישען טאָן און די מעהרסטע האָט נישט געשמעקט זיין אַרט בענעמונג. זיי האָבען איהם אָבער גאָרנישט געזאָגט. אלעזר בן שמעון און שמעון בן יאיר האָבען אָבער גאַראַנטירט די תנאים, אַז זייערע אַנהענגער וועלען נישט מאַכען אַ טריט ווייטער אין בית המקדש נאָר דאָרט וואו די כהנים וועלען זיי אָנווייזען. מיט דעם האָט זיך געענדיגט די בעראַטונג וועגען די אינער־ליכע רייסערייען. און מען האָט אָנגעהויבען רעדען וועגען דער מלחמה מיט רוים.

רוים האָט דעמאָלט איבערגעלעבט שווערע אונרוהען. דער אימפּעראַטאָר נאָך נעראָן'ען איז ערמאָרדעט געוואָרען אינמיטען גאַס. איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ נייער קייסער, האָבען איהם די לעגיאָנען פון גערמאַניען אַראָפּגעזעצט און אויסגעוועהלט זייער קריעגס פיהרער פאַר אימפּעראַטאָר. אין רוים איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ ברידער קריעג און וועספּאַסיאַנוס האָט נישט געוואוסט אויף וועמעס זייט ער זאָל זיך שטעלען.

דעמאָלט איז די צייט געווען זעהר גינסטיג. ווען אַגריפּאַס וואָלט צוזאַמענגעשטעלט אַ גרויסע אַרמיי און זיך פעראייניגט מיט די אַרומיגע לענדער וואָלט ער געקענט פערטרייבען די רוימער. ער איז אָבער געווען וועספּאַסיאַנוס' געטרייער דינער און בעראַניקאַ האָט פערבויטען איהר ליעבע צו אַרץ ישראל אויף דער ליעבע צו טיטוס'ען. דאָס האָט די פערזאַמלונג געוואוסט און עטליכע האָבען פאָרגעשלאָגען אויסצונוצען די צייט און אַרויסצוגעהן אויף אַן אָפענע קריעג געגען וועספּאַסיאַנוס'ען.

שמעון בן גיורא איז געווען געגען דעם. די רוימישע

אַרמעע איז צו־גרויס און זיי האָבען אַ סך געוועהר. די אידישע כחות זענען צו־קליין צו קענען זי פערטרייבען. אלעזר בן שמעון און יהודה האָבען מסכים געווען מיט איהם. זיי האָבען דערצעהלט אַז אַ פּראָבע איז געמאַכט געוואָרען צו אַטאַקירען אשקלון וואו די רוימער האַלטען זיך אויף און די אַטאַקע האָט זיך געענדיגט מיט אַ גרויסע מפּלה. חוץ דעם טאָרען די קנאים נישט פערלאָזען די שטאָדט, ווייל יוחנן פון גוש חלב מיט זיינע היציגע אנהענגער וועלען דער־נאָך פערשליסען די טויערן און זיי נישט אריינלאָזען. דע־מאָלט וועלען די היציגע זיך פריי אָברעכנען מיט זייערע געגנער.

—אפשר זאָלען מיר פּרובירען רעדען מיט וועספּאַסיאַ־נוס'ען וועגען שלום? — האָט דער אראָפּגעזעצטער כהן גדול מתתיהו געפרעגט און ער האָט באַלד אויפגעציטערט אונטער שמעון בן גיורא'ס צאָרנדיגען בליק.

די פראַגע האָט אָנגעמאַכט אַ שטורם. איינער האָט דעם אַנדערן איבערגעשריגען. איז צפּורה אויפגעשפּרונגען און אַלעמען איבערגעשריגען, זאָגענדיג:

— אויב איהר וועט דאָס וואַגען, וועט איהר בעגעהן אַ שווערע זינד געגען די צעהן טויזענד געפאַלענע אין גליל. פאַר אייך האָבען זיי זיך מקריב געווען. אויב איהר ווילט איצט בעטען שלום, פאַרוואָס האָבען זיי זיך געלאָזען אוים־קוילען? פאַרוואָס זענען זייערע זיהן און טעכטער פער־קויפט געוואָרען אַלס קנעכט אויף אייביגע שאַנד? ניין, מיינע העררען! מיר זענען שוין צו־ווייט אַוועק. מיר האָבען מיט אַ סך לעבענס בעצאָהלט פאַר דער פרייהייט, וואָס מיר ווילען געווינען. לאָמיר נישט פערלירען דעם מוטה און זיך וועלען אומקערען צוריק צו קנעכטשאַפט. ניין, מיר טאָרען דאָס נישט טאָן! אויב איהר דענקט דאָס צו טאָן, פרעג איך אייך, מיט וואָס זענט איהר בעסער פון דעם פעררעטער יוסיפוס? אַז מיר האָבען געזיעגט איז ער אַרויסגעשפּרונגען און געוואָרען הויפּט קאָמאַנדיר און אַז מיר האָבען זיך אָנגעהויבען ווייזען שוואַך, האָט ער אונז פעררעטען און אַוועק צום שונא!

— מיך וואונדערט אויף דיר, צפּורה! — האָט מרים זיך

אַנגערופען — דו ביזט דאָך קלוג, פאַרוואָס רעדסטו אַזוי ? פערטראַכסט זיך גאָרנישט אויף דעם ביטערן סוף, וואָס דערוואַרט אונז, ווען דער שונא וועט זיגען ? די מענער האָבען נאָר די מורא פון טויט. אָבער איינמאָל שטאַרבט מען, איז דאָס נישט אַזוי שרעקליך. אונזער גורל איז דאָך אָבער פיעל ערגער. דער פיינד וועט דאָך אונז פייניגען און פערקויפען צו שקלאַפעריי ! דו ווילסט אַז מיר זאָלען האָבען דעם זעלבען גורל וואָס די טעכטער פון גליל ?

— אוי ! זייערע צרות און פיין האָבען מיר געזעהן ! — האָט אסתר געזאָגט מיט וועהטאָג — ווען מיר זענען געווען אַרעסטירט אין קסריה. די איידעלע אידישע מיידלעך זענען אויסגעשטעלט געוואָרען אין די גאַסען צום פערקויפען. די פערבייגעהער האָבען געשפעט פון זיי און זיי געשענדעט און דערנידריגט.

— איך בין אָבער זיכער — האָט צפורה פעסט געזאָגט — אַז זעהר ווייניג פון זיי לאָזען זיך נאָך פייניגען. איך בין זיכער אַז די מעהרסטע האָבען זיך גענומען דאָס לעבען. אפילו דאָס ביסעל וואָס לעבט אין קנעכטשאַפט זענען מיר אויך ליעב, ווייל זיי זענען געצוואונגען דערצו. וואָס וועט איהר אָבער זאָגען אויף די וואָס וועלען זיך מיט'ן גוטען ווי־לען איבערגעבען צום שונא, ווייל זיי ווילען ראַטעווען זייער הויט דורך פערראַט ?

— מיר קענען די רוימער נישט געטרויען, אפילו ווען זיי וועלען פערשפּרעכען פרידען — האָט אלעזר בן שמעון זיך אָנגערופען — זיי האַלטען נישט זייערע פערשפּרעכענס און ווען עס גלוסט זיי ברעכען זיי זייער שבועה. פרעגט די אַנט־לאָפענע פון טריכיען, וועלען זיי אייך דערצעהלען. ווען אפילו די רוימער וועלען איצט צוליעב זייערע אייגענע אונרוהען שליסען פרידען מיט אונז, וועלען זיי באַלד ווידער קומען מיט זייערע ווילדע גובערנאַטאָרען און אונז פייניגען און מאַ־טערן. ניין, ברידער איידער אַ פאַלשער שלום איז בעסער אַן אָפענע מלחמה ! צפורה איז גערעכט. דער גייסט פון איהר העלדישען פאָטער רעדט אין איהר. מיר קענען זיך מעהר נישט אומקערען צו קנעכטשאַפט. מיר קענען מעהר נישט טראָגען דעם שווערען יאָך פון רוים.

— בראווא! יוסף׳ס טעכטער! הלואי וואלטען אלע אי־דען אזוי געפיהלט! — האט בן גיורא אויסגערופען — מיר בעשליסען איצט צו פערבלייבען אויף אונזערע פאסטענס און ווארטען אויף נייעס פון רוים. אויב איהר בירגער־קריעג וועט זיך לאנג פערציהען, וועט וועספאסיאנוס זיך מוזען אומקערען נאך רוים, וועלען מיר גאנץ גרינג פערטרייבען די פיינד און מיר וועלען גרינדען א פעסטע רעגירונג. וועט אבער אין רוים ווערען גיך רוהיג און וועספאסיאנוס וועט אונז בעפאלען, וועלען מיר זיך פערשליסען אין די מויערן און איהם דערלאנגען אזעלכע קלעפ, ביז ער וועט מיעד ווע־רען און אבטרעטען. איך האף אז אזוי ווי מיר האבען בע־זיעגט צעסטיוס׳ען וועלען מיר בעזיעגען וועספאסיאנוס׳ען.

— ביזט גערעכט — האט צוגעגעבען רבי זכריה בן אבקולוס — מיר טארען נישט מאכען שלום מיט רוים. מיר דארפען פאר זיי נישט האבען קיין מורא. אונזער ירושלים איז א שטארקע פעסטונג און לאמיר זיך פערלאזען אויף גאט, אז ער וועט אונז ביישטעהן און שיקען זיין הילף. זאל דער פיינד אונז בעלאגערן ביז ער וועט אונטערגעהן. זיין סוף וועט זיין ווי דער סוף פון סנחריב׳ס ארמעע, וואס איז אין איין נאכט געפאלען טויט דורך גאט׳ס האנד. גאט האט א סך וועגען ווי צו שיקען זיין הילף און ער וועט אונז ווייזען זיינע נסים ווי אמאל.

— אזוי בלייבט! — האבען אלע אויסגערופען — מיר וועלען קעמפען פאר׳ן פאלק און פאר גאט׳ס שטאדט און ביי גאט איז די הילף!

---

די זעלבע נאכט זענען די מעסיגע קנאים מיט זייער פיה־רער אלעזר בן שמעון אוועק אין דער פעסטינג אנטאניא און צוגעקומען צום בית המקדש. זיי האבען אוועקגעשטעלט בע־וואפענטע וועכטער, אלעזר, שמעון און זיין ברודער יהודה האבען געוואוינט אין די אויבערשטע צימערן פון טורעם און די איבריגע האבען זיך בעזעצט אין די אונטערשטע צימערן.

שמעון בן גיורא האט אויסגעשטעלט זיין מיליטער אין דער אונטערשטער און אויבערשטער שטאדט און ער אליין האט געוואוינט אין טורעם פזאל. יוחנן פון גוש־חלב מיט

זיינע אנהענגער זיינען געבליבען אין זייער פערפעסטיגונג פון הר־הבית און אלע פארשלאגען וועגען שלום און אייניגונג האט ער צוריקגעוויזען. ער האט אויך נישט געוואלט ארויס אויף אן אפענע שלאכט און עס איז געווארען רוהיג אין ירושלים.

פסח זענען געקומען א סך אידען עולה רגל זיין. געפעהלט האבען נאר די גליל׳ער. די גרעסטע צאהל האבען די רוימער אויסגעראט. פערבליבען זענען נאר די וואס האבען זיך אונטערגעגעבען אהן א קאמף, האבען זיי מורא געהאט צו עולה רגל זיין נאך ירושלים, די רוימער זאלען זיי נישט פערדעכטיגען אין פערראט. זיי האבען אויך געציטערט די קנאים זאלען זיך נישט נוקם זיין אן זיי ווי אין פעררעטער.

דערפאר זענען אבער אנגעקומען אידען פון פרעמדע לענדער וואס זענען פרייוויליג אריינגעטראטען אין די רייהען פון די אידישע פרייהייטס־קעמפער. א גרויסע צאהל האבען געבראכט גאלד און זילבער פאר דער פערטיידיגונגס־ארמעע. גאנץ ירושלים און די נאהנטע דערפער זענען געווען פול מיט די עולי רגל, יעדער האט געקראגען עסען און נאכטלעגער פריי.

אלעזר בן שמעון האט פערבעטען צום סדר שמעון בן יאיר׳ן, זיין ברודער יהודה און בן גיורא׳ן. גאנץ יום־טוב האבען זיי דארט געגעסען און גוט פערבראכט מיט מרים׳ען, צפורה׳ן און אסתר׳ן. נאך נאכטעסען זענען זיי אלע אוועק אין פעסטונג שלאפען, נאר בן גיורא איז געבליבען שפעטער פון אלעמען.

גאנץ פסח האבען זיי פערבראכט פרעהליך און רוהיג און קיינער האט זיך נישט פארגעשטעלט, אז דאס איז זייער לעצטער פרעהליכער פסח אין ירושלים.

דעם לעצטען טאג יום־טוב, ווען שמעון און יהודה זענען ארויס פון הויז, איז צפורה זיי נאכגעגאנגען שטילערהייט און זיי איינגערוימט א סוד, אז פון אלעמענס טובה וועגען איז גלייכער, אז מרים, זי און אסתר זאלען וואוינען מיט זיי אין פעסטונג, כדי זיי זאלען זיין ווייט פון בן־גיורא׳ן...

שמעון האט דאס דערהערט און אויפגעציטערט. ער האט

זי געוואָלט עפּעס פרעגען, איז זי שוין אבער פערשוואונדען. ער האָט גלייך איבערגערעדט מיט אלעזר'ן וועגען דעם און אָנגעזאָגט, ער זאָל מאַכען אזוי, אז בן־גיורא זאָל זיך גאָר־נישט אָנשטויסען און קיינער זאָל נישט וויסען, אז דאָס שטאַמט פון צפּורה'ן.

צוזאַמענגעגאַנגען זענען זיי געקומען עסען, האָבען זיי דאָרט שוין געטראָפען בן־גיורא'ן רעדען מיט די פרויען. אלעזר האָט גאָרנישט געזאָגט און אלע האָבען זיך געזעצט צום טיש.

נאָכ'ן עסען האָט אלעזר געזאָגט, אז אין פעסטונג איז צוגעגרייט א בעקוועמע וואוינונג פאר מרים'ען מיט די צוויי מיידלעך און נאָך היינט וועט ער זיי איבערפיהרען אהין. ער וויל אז זיי זאָלען אלע זיין אינאיינעם און מען זאָל נישט דארפען געהן אהין און צוריק יעדען טאָג. צפּורה, אסתר און יהודה זענען געווען זעהר צופרידען, מרים האָט געזאָגט, אז ס'איז איהר א שאָד צו פערלאָזען איהר פּאַלאַץ און זיך בעזעצען אין פעסטונג, אין א צייט ווען זי האָט נישט וואָס מורא צו האָבען פאר'ן שונא. בן־גיורא איז געווען אויפגעקאָכט פאר כעס און זיינע אויגען האָבען געפלאַקערט. ער האָט זיך בעהערשט און געזאָגט:

— איך דענק, אז ס'איז נישט ריכטיג פאר א פאַמיליע צו וואוינען אין א מיליטערישע פעסטונג.

שמעון האָט פערשטאַנען אז בן גיורא'ן פערדריסט, וואָס ער וועט זיין ווייט פון די פרויען, האָט ער איהם שאַרף אָבגעהאַקט:

— און איך דענק, אז ס'איז נישט ריכטיג פאר א פרעמ־דען צו מישען זיך אין יענעמס עסקים.

דאָ איז בן־גיורא אויפגעשפּרונגען דערצאָרנט און ער האָט שטאָלץ דערקלערט:

— דער אויבער־הערשער האָט דאָס רעכט צו מישען זיך אומעטום. די אנדערע דארפען איהם פאָלגען.

דאָס האָט שוין פערדראָסען אלעזר'ן און ער האָט גע־ענטפערט שטאָלץ:

— דו ביזט דער אויבערהערשער נאָר אין צוויי טיילען פון שטאָדט. אין דעם טייל וואו עס שטעהט די פעסטונג אנטאָניא בין איך דער הערשער, שמעון און יהודה זענען

מיינע געהילפען און קיין פרעמדער וועט זיך נישט מישען צווישען אונז. מעג עס זיין ווער עס איז, וועל איך איהם נישט לאָזען אריינמישען זיך אין אונזערע אנגעלעגענהייטען.

— וועל איך אייך ווייזען, אז מיין בעפעהל איז א געזעץ — האָט בן־גיורא שארף דערקלערט — און איהר וועט מיך מוזען פאָלגען.

—לאָמיר זעהען מיט וואס פאר א מאכט דו וועסט אונז צווינגען! — האָט יהודה אויסגעשריגען און ארויפגעלייגט די האנד אויף דער שווערד.

—אָט וועל איך דיר ווייזען! — האָט שמעון געזאָגט און ארויסגעצויגען זיין שווערד.

אין דער רגע האָבען אלע געצויגען די שווערדען און זיך געשטעלט גרייט אויף געשלעג. די פרויען זענען אָבער אריינגעשפרונגען אין מיטען און זיי נישט דערלאָזט זיך הרג'ענען. ווי די דערשראָקענע פרויען האָבען געוויינט און געבעטען זיי זאָלען זיך בערוהיגען, איז מאסארוס, מרים'ס אדומ'ישער קנעכט צוגעשפרונגען צו בן גיורא'ן פון הינטען, ארויסגעקלאפט די שווערד פון זיין האנד און איהם א כאפ געטאָן אויף די ארעמס. מאסארוס איז געוועזן ריעזיג הויך מיט א שטאַלענעם כח. ווי א קינד האָט ער א כאפ געטהאָן בן־גיורא'ן און איהם ארויסגעטראָגען פון צימער. ער האָט איהם אריינגעוואָרפען אין א קאמער און פערשלאָסען די אייזערנע טיר. אז ער איז צוריקגעקומען האָט ער געזאָגט צו די אויפגערעגטע מענער און פרויען:

—געהט גיך אוועק אין פעסטונג. בן גיורא'ס סאָלדאטען זאָלען זיך דערוויל נישט דערוויסען. איך וועל דאָ האלטען וואך. שפעטער וועל איך צוקומען צו אייך.

מרים וואס האָט פריהער נישט געוואָלט ארויס פון איהר פאלאץ האָט זיך איצט נאָך מעהר געאיילט צו אנטלויפען. זי האָט געזעהן אז דא איז זי נישט זיכער פאר בן גיורא'ס כעס. זיי זיינען אוועק אין פעסטונג. באלד איז מאסארוס נאכגעקומען. אז ער איז געווען ביי דער לעצטער וואך פון בן גיורא'ס סאָלדאטען האָט ער זיי דערלאנגט דעם שליסעל און זיי געהייסען בעפרייען זייער קאָמאנדיר בן גיורא.

דאס איז געווען דער אָנפאנג פון דער קריעג צווישען בן

גיורא׳ן מיט די מעסיגע קנאים. ער האָט זיך פערליעבט אין אסתר׳ן און זי האָט נישט געוואוסט אפילו אז ער איז אין איהר פערליעבט. די קלוגע צפורה האָט דאס גלייך דערזעהן און זי האָט פערכאַפּט פריהער נאָך איידער די ליעבע האָט זיך צוברענט אין בן גיורא׳ן. ער האָט זיך אפילו די ליעבע גלייך ארויסגעשלאָגען פון קאָפּ און עס וואָלט געקענט זיין שלום צווישען איהם מיט די מעסיגע קנאים, האָבען זיך אבער אריינגעמישט רכילות׳ניקעס, וואס האָבעןביידע צדדים אויפגערייצט און די שנאה איז געוואקסען און זיי האָבען זיך פיינט געהאט ביז ס׳איז געקומען דער ביטערער און טרויעריגער סוף.

אזוי ווי בן גיורא איז ארויס פון דער פערשלאָסענער קאמער האָט ער גלייך אונטערגעצונדען דעם פאַלאַץ. ער האָט אויך פערברענט די הייזער פון אלעזר בן שמעון׳ס קרובים און גוטע פריינד. ער האָט זיי געוואָלט מאכען אָרים, זיי זאָלען נישט קענען אויסהאלטען זייער ארמעע.

פיעל אריסטאָקראטען וואס האָבען געזוכט שלום מיט רוים האָבען אונטערגעהעצט בן גיורא׳ן אויף אלעזר בן שמעון׳ס מיליטער און אויף יוחנן פון גוש חלב. זיי האָבען דאס געטהאָן כדי די פריוואַטע קעמפּפער זאָלען זיך אין זייערע רייסערייען אויסקוילען, וועלען זיי דעמאָלט קענען בעטען שלום פון רוים.

די פעררעטער האָבען אויך אונטערגעצונדען אלע שפּייכלער מיט תבואה, שפּייז, אויל און האָלץ. אלץ וואס איז אָנגעגרייט געוואָרען פון די געטרייע מאַנגאַטען צו שפּייזען די קעמפּפער און דאָס פאָלק אויף יאָהרען לאַנג, האָבען די פעררעטערישע רוימישע פריינד פערברענט און פערניכטעט. דערנאָך זענען זיי געגאַנגען צו בן גיורא׳ן און איהם געזאָגט אז זיינע געגנער די קנאים און יוחנן פון גוש חלב האָבען דאָס געטאָן. צו די קנאים זענען זיי גע־גאַנגען און געזאָגט אז בן גיורא האָט דאָס געטאָן. און דאָס זעלבע האָבען זיי געזאָגט יוחנן׳ען אז די קנאים האָבען דאס געטאָן.

די פיינדשאַפט צווישען די דריי פּארטייען איז דורך דעם נאָכמעהר פערשאַרפט געוואָרען. זיי זענען בעפאַלען

איינס דאס אנדערע און גענומען נקמה פאר די פערברענטע שפייכלער און א סך טויטע זענען געפאלען ביי אלע דריי פארטייען.

ערשט שפעטער, נאכ'ן חורבן, ווען ס'איז שוין געווען צו שפעט האבען זיי זיך דערוואוסט דעם אמת, אז דאס האבען די פעררעטער זיי אויפגערייצט, כדי זיי זאלען זיך אויסקוילען. עס האט זיי באנג געטאן. נאר ס'איז געווען פערפאלען.

דערווייל האבען זיי זיך ארומגעריסען שרעקליך, פער־גאסען פיעל בלוט. א גרויסער טייל פון די שטאדט בנינים צווישען הר הבית און אקרא איז אוועק מיט'ן פייער און דאס פלאץ איז פערוואנדעלט געווארען אין א שטענדיגען שלאכט־פעלד.

---

א גאנץ יאהר האבען די רוימער געלאזט ירושלים צורוה. זיי זענען געשטאנען אין די איינגענומענע פעסטונגען און נישט געגאנגען ווייטער. וועספאסיאנוס מיט זיין זוהן טיטוס זענען אינגאנצען אוועק פון ארץ ישראל. אויב די רוימער האבען נישט אטאקירט די אידען, האבען אבער די דריי פארטייען אין ירושלים דאס גאנצע יאהר געפיהרט צווישען זיך מלחמה און זיי האבען שוין מעהר נישט געטראכט וועגען רוים, נאר געווען פערנומען מיט די אינערליכע מלחמות.

אין רוים האבען די אונרוהען זיך פערשטארקט. פאר דער קורצער צייט נאך נעראנ'ס טויט האט רוים שוין גע־האט דעם פערטען קייסער. איינער איז געווארען דערמאר־דעט, א צווייטער איז בעגאנגען זעלבסטמארד. די רוימישע סענאטארען זענען געווען געצוואונגען צו שווערען טרייהייט יעדען איינעם וואס האט פערכאפט די קרוין.

האט וועספאסיאנוס זיך בעטראכט אז ער וועט גאר פערכאפען די קרוין. אלע שלעפען זי ארום, וועט ער זיך נע־מען מיט ענערגיע און ער וועט ווערען אימפעראטאר. א סך אידען האבען איהם געהאלפען צו ווערען אימפעראטאר. אגריפאס האט איהם געהאלפען. בעראניקא איז געפאהרען נאך עגיפטען און גע'פועל'ט ביים דארטיגען שטאטהאלטער טיבעריוס אלעכסאנדער, וואס איז געווען א גע'שמד'טער

איד, ער זאָל צושטעהן צו ווער‍פּאַסיאַנוס׳ען. דער משומד האָט מיט זיין אַרמעע געשוואוירען טרייהייט צום נייעם קייסער וועספּאַסיאַנוס. באַלד איז צוגעשטאַנען דער סירי־שער שטאַטהאַלטער מיט זיין אַרמעע און זענען געגאַנגען אויף רוים צווינגען די סענאַטאָרען צו קרוינען וועספּאַסיאַ־נוס׳ען פאַר אימפּעראַטאָר.

אַז די רוימישע לעגיאָנען וואָס זענען געשטאַנען אין ארץ ישראל האָבען דערהערט דאָס זייער פיהרער איז גע־וואָרען קייסער, זענען זיי געשפּרונגען פאַר פרייד און גע־שריגען :

— זאָל לעבען דער נייער קייסער !

וועספּאַסיאַנוס און טיטוס זענען דערווייל געווען אין עגיפּטען און געוואַרט, אַז זייערע אַנהענגער אין רוים זאָלען זיעגען. נאָך גרויסע בלוט־פערגיסונגען און נאָכדעם ווי זיי האָבען פערברענט דאָס קאַפּיטאַליום האָבען זיי טאַקי גע־זיעגט. די רוימער האָבען דערמאָרדעט זייער אימפּעראַטאָר און אויסגעקליבען וועספּאַסיאַנוס׳ען אַלס קייסער פון דער רוימישער אימפּעריע.

וועספּאַסיאַנוס איז גלייך אַוועק נאָך רוים איבערצונעמען די הערשאַפט. ער האָט אָנגעזאָגט טיטוס׳ען צו געהן גלייך אויף ירושלים און זי איינצונעמען. מיט דעם זיעג וועט ער בעפעסטיגען זיין הערשאַפט. וועספּאַסיאַנוס האָט זיך שטאַרק געשעמט, וואָס אין פיער יאָהר מלחמה האָט ער נישט גע־קענט בייקומען דאָס אָרימע קליינע אידיש פאָלק, אין דער צייט, וואָס גערמאַניען און גאַליען, וואָס האָבען דעמאָלט רעוואָלטירט זענען גיך דערשטיקט געוואָרען אין זייער איי־גען בלוט.

טיטוס האָט צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פון אַכציג טויזענד רוימישע קריעגער, ער האָט מיטגענומען אַזוי פיעל געוועהר, וואָס די רוימער האָבען קיינמאָל נישט געהאַט אין קיין מלחמה. ער האָט אויך גערופען צו הילף די פעלקער פון אַרום ארץ ישראל און זיי זענען צוגעשטאַנען צו איהם. מיט איהם זענען אויך מיטגעגאַנגען דריי אידישע פעררעטער : אַגריפּאַס, יוסיפוס און דער משומד טיבעריוס אַלעכסאַנדער. אַגריפּאַס האָט איהם איבערגעגעבען זיין אַרמעע און זיין

פערמעגען. יוסיפוס איז געווען זיין וועגווייזער און דער משומד — זיין ראטגעבער.

עס איז געקומען פסח, דער לעצטער פסח אין ירושלים. די אידען פון ארץ ישראל און פון פרעמדע לענדער זענען געקומען עולה רגל זיין. אין ירושלים איז דעמאלט געווען א מיליאן מיט צוויי הונדערט טויזענט אידען, איינוואוינער און עולי רגל. און די אלע וואס זענען געקומען עולה רגל זיין האבען זיך מעהר נישט אומגעקערט אין זייערע היימען. פלוצלינג איז די רוימישע ארמעע צוגעקומען צו ירושלים און זי ארומגערינגעלט.

דאס איז געווען אין יאהר דריי טויזענט אכט הונדערט און דרייסיג. א פחד איז בעפאלען די שטאדט. די עולי רגל האבען מורא געהאט ארויסצוגעהן פון ירושלים. עס זענען נאר ארויס די וואס האבען געהאט שטילע פערבינדונגען מיט די רוימער. א שטארקע וואך איז אוועקגעשטעלט גע־ווארען ביי די טויערן און זי האט געכאפט יעדען פעררעטער וואס האט געוואלט אנטלויפען צום שונא און איהם דער־הרג'עט.

די שרעק פאר'ן פיינד, וואס איז געשטאנען לעבען ירושלים האט גלייך אבגעשטעלט די אינערליכע מלחמות. שמעון בן יאיר האט געזאגט אלעזר בן שמעון'ען, ער זאל שליסען פרידען מיט יוחנן פון גוש־חלב. ער האט איהם בעוויזען, אז יוחנן איז נישט געווען אומגערעכט, וואס ער האט פערפאלגט די רייכע לייט, די רייכע האבען מיט זייערע העצעס געבראכט צו די אינערליכע מלחמות און אויפגע־בלאזען די גרויסע שנאה צווישען די פארטייען.

יוחנן האט זיך גלייך איבערגעבעטען. ער האט זיך דער־מאנט ווי ליעב ער האט זיך געהאט מיט שמעון'ען, ווען זיי זענען געווען אין גליל. פסח האבען די צוויי פארטייען זיך פעראייניגט אין איין ארמעע. דער געשלאסענער פרידען האט אלעמען בערוהיגט. איצט זענען זיי זיכער געווען, וועלען זיי פעראייניגטערהייט קענען ביישטעהן דעם שונא.

---

ירושלים איז געשטאנען אויף דריי בערג. אויף'ן בארג ציון איז געווען די אויבערשטע שטאדט. די אונטערשטע

שטאָדט — אויף'ן באַרג אקרא און געגענאיבער דעם באַרג מריה, דער הר הבית. צוויי טיעפע טאָלען האָבען ארומגערינג־געלט ירושלים. אין רעגען צייט זענען די טאָלען געווען פול וואסער. דאָס איז געווען דער טייך קדרון און דער גיחון.

די טייכען האָבען ארומגערינגעלט די שטאָדט פון אלע זייטען און זיך צוזאמענגעגאָסען ביי עין רוגל. דאָרט איז געווען דער דריטער טאָל, דער עמק חרוץ, וואָס האָט אָבגע־טיילט ציון פון אקרא און ציון פון הר הבית.

אַ שטיינערנע בריק איז געווען איבער דעם טאָל און ער האָט פערבונדען דעם באַרג ציון מיט דעם הר־הבית. אין דער געגענד האָבען געוואוינט די בעלי מלאכות און די אָרי־מע לייט. דאָרט איז געווען דער יריד און אלע געשעפטען פון וואָל און קליידער, האָליץ, געשיר און בהמות.

אויף'ן באַרג ציון האָבען געוואוינט די רייכסטע לייט און די אַריסטאָקראַטען. דאָרט זענען געווען אלע פּאלאצען. הורדוס'עס, אגריפּאס'עס און די פּאלאצען פון די מאגנאַ־טען. אין אקרא זענען אויך געווען אַ סך רייכע לייט מיט גרויסע, שעהנע פּאלאצען. לעבען הר־הבית איז געווען די פעסטונג אנטאניא און אַ גרויסער טיפער טאָל איז געווען צווישען פעסטונג און דעם אָרימען קווארטאל.

אויסער דער אלטער שטאַרקער מויער ארום ציון איז געווען נאָך אַ מויער ארום אקרא. איצט האָבען זיי אוועק־געשטעלט אַ דריטע מויער ארום דעם אָרימען קווארטאל. אין דער ערשטער מויער איז געווען זעכציג טורעמס, אויף דער צווייטער — פערצעהן טורעמס און אויף דער דריטער מויער נייַנציג טורעמס.

די מויערן זענען געווען זעהר דיק און פעסט און די טור־רעמס זעהר הויך און שטאַרק. מיט די פעסטונגען זענען אלע זיכער געווען, אַז זיי וועלען ביישטעהן דעם שונא און די רוימער וועלען זיי נישט איינגעמען.

ירושלים איז געווען וואונדערליך שעהן. זי האָט גע־האַט אַ סך רויזען פעלדער און שמעקעדיגע קנמון־בוימער זעהר פיעל, אויף מיילען האָט דער גוטער ריח זיך געטראָגען. די גאַסען האָבען פוןביידע זייטען געהאַט רייהען טייערע פרוכט־בוימער. די גאַסען זענען געווען אויסגעפּלאַסטערט

מיט מארמאר. ווער עס האָט נישט געזעהן ירושלים אין איהר פראַכט, האָט נישט געזעהן קיין שעהנע שטאָדט פאר זיינע אויגען. פסח, שבועות און סוכות, ווען די עולי רגל קומען, האָט די שטאָדט געהאַט פיער מאָל אזוי פיעל מענשען. עס איז אָבער קיינעם נישט געווען ענג. די איינוואוינער זענען געווען ברייטהערציג און געשפייזט די געסט און געעפענט די הייזער פאר זיי.

---

טיטוס האָט צוגעפיהרט זיינע לעגיאָנען ביז דעם באַרג מצפה, צוויי טויזענט פוס ווייט פון ירושלים. ער האָט איבערגעלאָזט די ארמעע, מיטגענומען מיט זיך זעקס הונדערט רייטער, אויסגעצייכענטע קריעגער און געריטען נעהנטער צו ירושלים צו בעטראַכטען די פעסטונגען און צו בעקענען זיך מיט זייער מאכט.

די אידישע אויסקוקער האָבען דאָס בעמערקט און זיי האָבען געגעבען א סיגנאַל צו די קעמפער. זענען זיי פלוצלונג ארויס פון די מויער און איהם אַטאַקירט. זיי האָבען דערלאַנגט שווערע קלעפ דעם רעגימענט און טיטוס איז שיער געוואָרען געפאַנגען. די רוימער האָבען זיך דערשראָקען און פערצווייפעלט געקעמפט ביז זיי האָבען געראַטעוועט טיטוס׳ען און אַנטלאָפען מיט איהם אין לאַגער.

די קעמפער האָבען געזעהן, אז דאָס וואָס זיי האָבען נישט קיין פערד איז א גרויס אונגליק. ווען זיי האָבען פערד וואָלטען זיי געקענט רייטענדיג נאָכיאָגען טיטוס׳ען מיט זיין רעגימענט. זיי זענען אָבער געווען צופרידען, וואָס גלייך אין אָנפאנג האָבען זיי צוטומעלט דעם פיינד און זיי האָבען עס אָנגענומען פאר א סימן אז זיי וועלען ווייטער זיעגען.

צו־מאָרגענס האָט דער צעהנטער לעגיאָן זיך בעפעסטיגט אויפ׳ן הר הזיתים. די אידישע פערדעטער וואָס זענען געגאנגען מיט טיטוס׳ען האָבען איהם געראטען, ער זאָל גלייך אָנפאנגען די מלחמה. עס איז יום־טוב, וועלען די אידען נישט פערשוועכען דעם יום־טוב און זיך נישט פערטיידיגען, וועט ער לייכט אריין אין ירושלים.

די קנאים ארמעע האָט צושטערט זייערע פלענער. זי איז גלייך ארויס פון שטאָדט און בעפאלען דעם לעגיאָן. מוטיג

האָבען די קנאים געקלאפּט די רוימער און זיי צוטריבען. טיטוס איז אָבער אונטערגעקומען מיט זיינע געקליבענע פלינקע רייטער און זיי זענען ווי אַדלערס אַנגעפאַלען אויף די אידישע קעמפּער ביז זיי האָבען צוריק געטרעטען צום בארג. דאָ איז אָבער אָנגעקומען שמעון בן גיורא מיט זיין ארמעע האָבען די צוריקגעטראָטענע מיט זיי זיך פעראייניגט און מיט שטורם זיך געוואָרפען אויפ'ן שונא. זיי האָבען א סך אויסגעהרג'עט, זיי האָבען פערניכטעט כמעט דעם גאנצען לעגיאָן. איז אָבער טיטוס געקומען מיט נייע לעגיאָנען אין פרישע רייטער — די רוימישע ארמעע איז געווען צו גרויס אין זי האָט צוריקגעשטויסען די אידישע קעמפער. טיטוס האָט שוין נישט אוועקגעפיהרט דאָס פרישע מיליטער אין געשטאַלטען לעבען באַרג, ביז דער צעהנטער לעגיאָן האָט זיך בעפעסטיגט אויפ'ן הר הזיתים.

דעם טאָג האָבען די רוימער דערפיהלט דאָס העלדישקייט פון די אידען און זייערע אונדערשראָקענעם מוטה. זיי האָבען געזעהן אז עס וועט זיי נישט אָנקומען גרינג צו באזיעגען ירושלים. פול האָפנונג און בטחון אין גאָט האָבען די קעמפּער זיך אומגעקערט אין שטאָדט. עס איז דערמאָלט געוואָרען געשלאָסען פרידען צווישען אלעזר בן שמעון און יוחנן פון גוש־חלב מיט שמעון בן גיורא'ן. זיי האָבען זיך דערלאַנגט די הענד און פעראייניגט אין איין ארמעע, צו בעקעמפען דעם מעכטיגען בייזען פיינד.

באלד האָט מען אויפגעשטעלט א סך געצעלטען אויף דעם פּלאַץ צווישען הר הבית און אקרא. אויף דעם פלאַץ וואו ס'האָט זיך געגאָסען דאָס בלוט פון ברידער־קריעג האָט מען געמאַכט א שפּיטאָל. די בראַווע טעכטער פון ירושלים האָבען טאָג און נאַכט בעדינט די קראַנקע און פערוואונדעטע. צפורה האָט אָנגעפיהרט די ארבייט און מרים מיט אסתר'ן האָבען איהר צוגעהאָלפען.

צפורה האָט אויך צוזאַמענגעשטעלט אבטיילונגען פון העלדישע פרויען און מיידלעך, זיי זאָלען שארפען די שווערדען און שלייפען די פיילען; אָנגרייטען שליידער שטיינער און שטעהן אלעמאָל צו הילף דער ארמעע. צפורה איז צו דעם געוועהנט געוועזען פון גמלא. אסתר האָט איהר

ארויסגעהאָלפען אומעטום און זי האָט זיך אויסגעלערנט שיסען און טרעפען אין ציעל.

די יוגענד איז געווען זעהר טיכטיג אין די הכנות פאר דער פערביטערטער מלחמה. שלעכט איז נאָר געווען מיט די מאסען לעדיגגעהער, וואָס האָבען איבערפילט די שטאָדט. א סך אלטע און קינדער, שוואכע און קראנקע און שוואנ־געריגע פרויען זענען געווען פון פריהער אין ירושלים. איצט זענען זיך נאָך אָנגעלאָפען זעהר פיעל פון די וואָס האָבען זיך געראַטעוועט פון די בעזיעגטע שטעדט. די אלע האָט מען געמוזט שפייזען. די גרויסע אוצרות שפייז זענען געווען פערברענט און די פיהרער האָבען זיך געשראָקען פאר דעם טאָג ווען דער פיינד וועט בעלאגערן ירושלים. וואו וועט מען נעמען שפייז פאר אלעמען?

---

ווען דער צעהנטער לעגיאָן האָט זיך געהאט בעפעסטיגט אויפ'ן הר הזיתים, האָבען עטליכע אָבטיילונגען זיך דער־נעהנטערט צו ירושלים, אויפגעשטעלט שאנצען און אנגע־שטעלט "שטורם־בעק" אויף דער אויסווייניגסטער מויער לעבען אריעען קווארטאל.

אויפ'ן וועג האָבען די רוימער פערניכטעט אלע גערטנער און אויסגעהאקט אלע בוימער אז דאָס האָלץ האָבען זיי בענוצט פאר די מלחמה געביידעס.

ס'האָבען זיך אָנגעפאנגען די שלאכטען צווישען פיינד און די אידישע קעמפער. א סך מאָל האָבען די אידען בע־וויזען וואונדער. האָבען צעקלאפט די רוימער און אונטער־געצונדען זייערע געביידעס און פערניכטעט זייערע קריגס־מאשינען.

די רוימער האָבען אבער געהאט זעהר פיעל שאנצען, דאָס בעסטע געוועהר און מאסען רייטער און זיי האָבען אלע מאָל צוריקגעשטויסען די אידישע קעמפער. פיעל רוימער זענען געפאלען טויט. די אידישע פיילען האָבען אוועקגע־לייגט א סך פיינד, שווערע קלעפ האָבען זיי געקראָגען אין די אָפטע אָנפאלען וואָס די קנאים האָבען געמאכט אויף זיי מיט דער בלויזער שווערד. זיי זענען אָבער געווען צופיעל און די אידען האָבען זיי נישט געקענט פערטיליגען. אויפ'ן

אָרט פון די געפאַלענע איז אָנגעקומען פריש מיליטער און מיט זייער געאיבטקייט און געשיקטקייט האָבען זיי אָבגע־שטויסען די העלדישע קנאים.

די רוימישע מאַשינען צו שליידערן שטיינער האָבען אָנ־געמאַכט אַ חורבן אין דער אידישער מחנה. פון גאַנץ ווייט האָבען די מאַשינען בעשאָסען די מויער און אויסגע׳הרג׳עט אַ סך אידען.

עס זענען געווען פעררעטער אין דער אידישער מחנה און זיי האָבען געלאָזט וויסען די רוימער אַלץ וואָס די אידען גרייטען זיך טאָן. די פיהרער פון די קנאים האָבען דאָס גע־וואָהר געוואָרען און אָבגעהאַלטען אַ בעראַטונג וואָס צו טאָן און ווי אַזוי מען געפינט אויס די פעררעטער. אויף דער בע־ראַטונג זענען געווען צפורה און אסתר. האָט אסתר אינמי־טען אוועקגערופען צפורה׳ן און איהר עפּעס געזאָגט שטי־לערהייט. צפורה איז צוריקגעקומען אַ בלאַסע און דער־קלערט:

— אסתר נעמט זיך אונטער צו געהן אין דער פיינדלי־כער אַרמעע און אויסגעפינען ווער עס פעררראַט אונז.

אַלע האָבען זיך דערשראָקען און יהודה בן יאיר איז אויפגעשפּרונגען און געזאָגט:

— זאָל גאָט היטען! דו טאָרסט דאָס נישט טאָן, אסתר! זיי וועלען דיך דערקענען און דער׳הרג׳ענען!

— זאָרג זיך נישט, מיין ליעבער! — האָט אסתר איהם געענטפערט — זיי וועלען מיך נישט דערקענען. און אויב יאָ, בין איך דאָך נישט די איינציגע וואָס פאַלט אין קריעג. און וואָס איז דער אונטערשיעד צו איך וועל פאַלען פון אַ פייל שטעהענדיג אויף דער מויער אָדער אין דעם שונא׳ס אַרמעע.

אַלע האָבען זיך איינגעשפּאַרט און זי אָבגערעדט פון דער געפעהרליכער אונטערנעמונג. יהודה האָט זי געבעטען אין נאָמען פון זייער ליעבע. מרים האָט ביטער געוויינט און געבעטען, זי זאָל נישט געהן. אסתר איז אָבער געבליבען פער׳עקשנ׳ט:

— איך וועל געהן פאַר אונזער לאַנד! וועל איך שטאַר־בען, וועט מען מיך דאָך בעגראָבען אין דער הייליגער ערד!

— אסתר ! אסתר ! — האָט יהודה געשריגען — גע־דענק ווי די רוימער פערקויפען די מיידלעך פאר שקלא־פינס. דו ביזט אן איידעלע און די ווילדע רוימער וועלען דיך פערפייניגען און שענדען !

— צו דעם איז דאָ אן עצה — האָט צפורה זיך אָנגערו־פען און איהר שטימע האָט געציטערט, — איך האָב א קליין שאַרף מעסער. דאָס איז מיר געבליבען פון דער היים. איך האָב דאָס געהאַלטען אין פעסטונג גמלא פאר מיר מיט איהר. טאָמער קומען די געצענדינער, וואָלט דאָס מעסער אונז געראַטעוועט פון שאַנד : נאַ, אסתר, נעם דאָס מעסער. געה אין נאָמען פון גאָט. און אויב דאָס אונגליק וועט דיך טרע־פען, דער פיינד וועט דיך פאַנגען, זאָלסטו וויסען וואָס צו טאָן...

דער מוטה פון די צוויי מיידלעך האָט אַלעמען איבער־ראַשט און קיינער האָט שוין נישט פּרובירט זי אָבצוהאַל־טען פון דעם געפעהרליכען שריט.

זיי זיינען אוועק מיט מרים'ן אין אַ בעזונדער צימער און אַז זיי זענען שפּעטער צוריקגעקומען האָבען אַלע זיך גע־וואונדערט. קיינער האָט נישט געקענט דערקענען אסתר'ן. פאַר זיי איז געשטאַנען אַ שעהן סיריש אינגעל מיט שעהנע לאָקען אין אַ גרינזיידען העמדעל און בו יטע זיידענע הויזען ארומגעגארטעלט מיט אַ פעסטען גארטעל און אַ לעדערנע טאַש. דאָס סירישע אינגעל איז געווען פערהילט מיט אַ גראָ־בע דעק פערשפּילעט מיט קופּערנע העקעלעך און אויפ'ן רו־קען געטראָגען אַ בויגען מיט אַ פיילען־טאַש.

— זייט רוהיג ! — האָט אסתר צו זיי געזאָגט אויף גוט סיריש — איצט וועט קיינער מיך נישט דערקענען. קיינעם וועט נישט איינפאַלען, אַז איך בין אַ אידיש מיידעל.

זיי האָבען אָבגעמאַכט, אַז ווען אסתר וועט וועלען זיי עפּעס לאָזען וויסען, זאָל זי דאָס אויפשרייבען אויף אַ שטי־קעל פּאַפּיר און ארומוויקלען אויף אַ פייל און די פייל זאָל זי אריינשיסען אין פרויען פענסטער פון דער מויער. יעדען טאָג זאָל זי מיטאָג־צייט זיך אַוועקשטעלען ביים קבר פון דער קעניגין העלענע, וועלען זיי זי זעהן און וויסען, אַז קיין בייז איז איהר נישט געשעהן.

זיי האָבען זיך הײם געזעגענט און געקושט און יהודה האָט שטאַרק געוויינט. צפּורה מיט איהר חתן שמעון בן יאיר האָבען צוגעפיהרט אסתר'ן צום טויער.

---

דערווייל האָבען די אידען זיך אויסגעלערנט שיסען מיט די שליידער־מאַשינען. אזעלכע מאַשינען זענען געשטאַנען אויפ'ן הר־הבית צום אנדענקען פון נצחון איבער צעסטיוס'ן. פון איהם האָבען טאַקי די אידען פערכאַפּט די מאַשינען. און אז די רוימער זענען צוגעטרעטען בויען שאַנצען אויף דער מויער, האָבען די מאַשינען אָנגעהויבען האָגלען מיט שטיינער און די רוימער האָבען געמוזט צוריקטרעטען. דאָס איז עטליכע מאָל געשעהן און די רוימער האָבען מעהר נישט אויפגעשטעלט קיין שאַנצען, נאָר גענומען בויען דריי גע־ביידעס, און די אידען האָבען נישט געוואוסט וואָס דער פיינד געהט טאָן.

דעם זעלבען טאָג איז אָנגעפלויגען א פייל אין פרויען פענסטער. אויף דער פייל איז געווען אָנגעשריבען אזוי:

"דריי טורעמס צו פופציג איילען הויך, אלס שוץ פאר נייע שאַנצען".

ביינאַכט, נאָך איידער די טורעמס זענען געווען פארטיג האָבען די אידען זיך פער'גנב'עט צו איין טורעם און איהם אונטערגעגראָבען. באַלד איז דער טורעם איינגעפאלען מיט א גרויסען קראַך. די רוימער האָבען זיך שטאַרק דערשראָ־קען, זיי האָבען געמיינט, אז די אידען זענען זיי בעפאַלען, האָבען זיי געכאַפּט דאָס געוועהר און אָנגעהויבען שיסען און שטעכען איינער דעם אַנדערן. אז ס'איז ליכטיג געוואָ־רען האָבען זיי אויסגעפונען, אז זיי האָבען איינער דעם אנ־דערן גע'הרג'עט.

די אידען האָבען זיך געפרעהט און געוואָלט דעם קומענ־דען אווענד טאָן דאָס זעלבע מיט די אנדערע צוויי טורעמס. איז אָבער אָנגעפלויגען א פייל מיט אן אויפשריפט:

"דער פיינד גראָבט ארום די טורעמס און אייער אונ־טערגראָבען איז אומזיסט".

האָבען די רוימער פארטיג געמאַכט די טורעמס און זיי בעשלאָגען מיט אייזען און ארויפגעשטעלט די שליידער־

מאַשינען אין דער הויך. פון די טורעמס איז זיי גרינג גע־
ווען צו שיסען אויף די אידען און די אידען האָבען זיך נישט
געקענט העלפען. די אידישע פיילען זענען צוריבען געוואָרען
אָן די רוימישע פּאַנצערס און די שליידער־שטיינער פון די
אידישע מאַשינען האָבען נישט געגרייכט אַזוי הויך ביז צו
די טורעמס.

די רוימער האָבען זיך ביסלעכווייס צוגערוקט נעהנטער
צו דער מויער און אָנגעהויבען זיך איינברעכען מיט די
״שטורם־בעק״. נאָך פופצעהן טעג האָבען זיי אויסגעבראָ־
כען א שטיק מויער. אן אבטיילונג מוטיגע רוימער האָט זיך
אריינגעריסען אינווייניג, א גרויסער טייל פון דער ארמעע
איז זיי נאָך און זיי האָבען פערנומען דעם אָרימען קוואר־
טאַל.

טיטוס האָט אריבערגעפיהרט זיין ארמעע צווישען דער
ערשטער און צווייטער מויער. אויף דעם זעלבען פּלאַץ איז
אַמאָל געשטאַנען סנחריב מיט זיין ארמעע. פון דאָרט האָט
טיטוס אָנגעהויבען שטורמען די צווייטע מויער. עס האָט
אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע שלאַכט. פיער טעג האָט גע־
דויערט דער מורא׳דיגער קאַמף. פון פעסטונג אנטאניא און
פון די בית המקדש קאַמערן האָט געהאָגעלט אויף די רוימער
מיט פיילען און שטיינער. שמעון בן גיורא מיט זיינע גבורים
האָבען געקעמפט ווי לייבען ביי דער מיטעלסטער מויער.

ביי טאָג איז די שלאַכט אָנגעגאַנגען אין איהר גאַנצער
ווילדער קראַפט, ביינאַכט איז געווען שטיל. אַלע זענען אָבער
געבליבען אויף׳ן פּלאַץ. קיינער האָט נישט אויף אַ רגע
אוועקגעלייגט דאָס געוועהר. אַזוי איז דאָס געווען פון ביידע
זייטען. די אידען האָבען מורא געהאַט דער שונא זאָל זיך
נישט אריינרייסען ביינאכט און די רוימער האָבען געציטערט
טאָמער וועלען די אידען זיי בעפאַלען, ווען זיי וועלען זיך
לייגען שלאָפען.

ווי נאָר דער מאָרגענשטערן האָט זיך בעוויזען האָט די
מלחמה זיך בענייט מיט נאָך מעהר פורכט און פערצווייפ־
לונג. אויפ׳ן פינפטען טאָג איז די אידישע ארמעע געוואָרען
שוואַכער. זי האָט נישט געקענט ביישטעהן די מאַסען שליי־
דער־מאַשינען. בן־גיורא מיט זיין ארמעע איז העפטיג צור־

דיקגעשטויסען געוואָרען און די רוימער האָבען אָנגעשטעלט די האַרמאַטען און שטורם־בעק אויף׳ן מיטעלסטען טורעם פון דער צווייטער מויער און איהם איינגעוואָרפען.

דורך דער עפנונג האָבען די רוימער זיך אריינגעריסען אינווייניג פון דער צווייטער מויער און אָנגעפילט די קרומע ענגע גאַסען. דאָ זענען פון אלע זייטען ארויסגעשפרונגען די אידישע קעמפער, ווי א היישעריק האָבען זיי בעלאַגערט די פיינדליכע סאָלדאַטען און מיט די בלויזע שווערדען געהאַקט אין זיי ווי אין קאָרן פון פעלד. פרויען אין קינדער זענען ארויף אויף די דעכער און געהאָגעלט אויף זיי מיט שטיי־נער, העלצער און אויסגע׳הרג׳עט אלע רוימער וואָס האָבען זיך אריינגעריסען אין שטאָדט. א סך קנאים זענען צו צום טויער און בעפאַלען די פיינדליכע אָבטיילונגען, וואָס האָ־בען זיך געגרייט נאָכגעהן די פריהעריגע סאָלדאַטען, אומ־געריכטערהייט האָבען זיי געקראָגען גרויסע קלעפּ און זעהר ווייניג פון זיי האָבען זיך געראַטעוועט און אַנטלאָפען קוים מיט׳ן לעבען.

---

אין דעם נצחון האָבען די אידען געצייגט זייער מאַכט און מוטה. טיטוס איז אָבער נישט געוואָרען מיעד. ער האָט בעניים די קריעג. דריי טעג און דריי נעכט האָט געדויערט די מלחמה,ביידע ארמעען האָבען געקעמפט פערביטערט און טיטוס האָט ענדליך ווידער איינגענומען די מויער. ער האָט אָבער מורא געהאַט אריינצוגעהן אין שטאָדט, ער זאָל נישט קריגען א נייע מפלה, האָט ער געוואַרט עטליכע טעג און גערעכנט די אידען וועלען ענדליך וואַרפען דאָס געוועהר און בעטען פרידען.

ער האָט געוואָלט וואַרפען א פּחד אויף די אידען, האָט ער בעפוילען אז די גאַנצע ארמעע זאָל זיך פערזאַמלען אויפ׳ן ברייטען פעלד לעבען שטאָדט און איטליכער סאָלדאַט זאָל פאַרבייגעהן פאַר איהם און ער וועט זיי בעצאָהלען דעם לוין פאַר זייער ארבייט. דערמיט האָט ער געוואָלט אַנוואַרפען שרעק אויף די קעמפענדע אידען.

א מורא׳דיג קאַלאָסאַל בילד האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר די אידען, ווען די גרויסע, מעכטיגע רוימישע ארמעע

האָט זיך פערזאַמעלט אויף איין פּלאַץ. די אידען פון ירושלים האָבען גוט געזעהן דאָס בילד. יעדער סאָלדאַט איז געגאַנגען אין זיין שעהנעם אוניפאָרם און בעהאַנגען מיט גלאַנציג גע־וועהר. אַ שטאַרקען איינדרוק האָבען געמאַכט די רייטער. יעדער איז געווען אויסגעפּוצט, געריטען אויף גרויסע שטאַרקע פערד מיט גאָלד און זילבער בעצירט. דאָס צירונג האָט זיך אָבגעשלאָגען אין די זון־שטראַהלען און געגאָסען פייער־שפּיזען ארום און ארום.

די מחנות סאָלדאַטען זענען דערנאָך אריין אין די שענ־קען פון אָפענעם לאַגער און אויסגעגעבען זייער געלד אויף וויין און ביער און ווילדע הוליאַנקעס. דער רוימישער לאַגער האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסע בעפעסטיגטע שטאָדט מיט רייהען געצעלטען, ווי גאַסען און אַ גרויסער מאַרק פאר האַנדעל.

אויף דעם מאַרק האָבען אַקטיאָרען, זינגער און טענצער פערוויילט די סאָלדאַטען. עס זענען אויך דאָ געווען שוואַרץ־קינסטלער. אינדישע מיידלעך האָבען כמעט נאַקעט געטאַנצט אויף שאַרפע שווערדען. די קונצען מאַכער האָבען זיך אַרומגעוויקעלט מיט גיפטיגע שלאַנגען אויף זייער נאַקעט לייב, די צונגען פון די שלאַנגען גענומען אין מויל און אזוי האָט די רוימישע אַרמעע אין די טעג פון רוה פערבראַכט די צייט.

די אַלע פערוויילונגען זענען נאָך געווען פאר די יונגע סאָלדאַטען, וואָס זענען נישט לאַנג אין אַרמעע. די עלטערע אָבער זענען געזעסען און גע'שיכור'ט און געשפּילט אין ווערפעל און פערטרונקען און פערשפּילט זייער גאַנץ פער־דינסט. דאָס האָבען געטאָן סיי די פּראָסטע סאָלדאַטען ווי זייערע עלטסטע, די מיליטער־פיהרער. די מיליטער־פיהרער זענען נאָר געזעסען ביי אַ בעזונדערען טיש, נישט אינאייי־נעם מיט די פּראָסטע סאָלדאַטען.

הינטערן טיש וואו די מיליטער פיהרער זענען געזעסען און געטרונקען, איז געשטאַנען אַ וואונדערשעהן סירישׁ איינ־געל מיט פייל־און־בויגען אויף די פּלייצעס און אין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ טאָוועל מיט אַ פּען און געשריבען. דאָס סירישע איינגעל איז געווען דער עלטסטער פון די בע־

דינטע אין שענק. ער האָט פערשריבען וואָס יעדער האָט גענומען און געפיהרט די רעכנונגען.

ער איז געשטאַנען גרייט צו הערען וואָס יעדער וועט בע־שטעלען און ער האָט אויך געהערט וואָס זיי האָבען גערעדט צווישען זיך. זיי זענען שוין געווען געוועהנט מיט דעם אינגעל און דער וויין האָט אויך בעפרייט זייערע צונגען, האָט ער זיי געפרעגט פערשידענע פראַגען וועגען קריעג און זיי האָבען איהם געענטפערט. דאָס אלץ האָבען געזעהן די אידען, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער מויער און די דע־כער. געקוקט האָבען אלע נישט אזוי אויף דעם מיליטער מאַרש פון די סאָלדאַטען, נאָר אויף די טישען וואָס זענען געווען פול מיט אלדאָס גוטס. אויף דעם האָבען די אידען געקוקט. דער הונגער האָט זיך שוין געפיהלט אין שטאָדט. דאָס פאָלק האָט שוין נישט געהאַט קיין ברויט. אויפ'ן מאַרק און אין די קראָמען איז שוין נישט געווען צו קריגען קיין מעהל.

די מאַסען הונגעריגע האָבען זיך געשפּייזט מיט דעם וואָס ס'איז זיי געקומען אונטער'ן האַנד. ס'איז שוין גע־ווען שווער צו געפינען א ביסען צו שטילען דעם הונגער. און דאַ זעהן זיי ווי פרעמדע עסען די פרוכט פון לאַנד, פרעסען און זויפען ביז ס'קריכט זיי פון האַלז און זיי זעהען דאָס מיט די אויגען און געהן אויס פאַר הונגער. זיי הערען ווי די פיינד הוליען און זינגען זאַט און אָנגעטרונקען און זיי מוזען הונגערן. דאָס האָט אלעמען אויפגערעגט און יעדער האָט געוואָלט מען זאָל בעניייען די מלחמה און שטילען דעם הונ־גער מיט דעם שטורם פון געוועהר.

אסתר פלעגט יעדען טאָג ציעלען איהרע פיילען אין פעס־טונג אנטאָניא און געבען צו וויסען וואָס עס טוט זיך ביי די רוימער. זי האָט אָנגעזאָגט, אז טיטוס'ען האָט מען גע־לאָזט וויסען, אז דער הונגער איז שטאַרק אין שטאָדט און דערפאַר האָט ער געהייסען מאַכען די ברייטע סעודה לעבען ירושלים, די אידען זאָלען דאָס זעהן און פערלירען דעם מוטה.

דריי טעג האָט טיטוס געלאָזט רוהען זיין אַרמעע. אויפ'ן פיערטען טאָג האָט ער געשיקט זאָגען די אידישע קעמפער זיי זאָלען ווארפען דאָס געוועהר און איהם איבערגעבען די

שטאָדט. ער האָט אויך בעפוילען יוסיפוס'ען צו רעדען צו די אידען און ווירקען אויף זיי, זיי זאָלען זיך אונטערגע־בען. טיטוס האָט געדענקט אז די אידען וועלען פאָלגען יוסיפוס'ען, ער איז דאָך א איד און רעדט העברעאיש.

יוסיפוס האָט אויסגעקליבען א זיכער אָרט וואו די אי־דישע פיילען זאָלען איהם נישט קענען טרעפען און אָנגעהויבען צורעדען די אידען, זיי זאָלען זיך אונטערגעבען טיטוס'ען.

ער האט געוואָלט אויפווייזען אז די אידען זענען תמיד געווען אונטערטעניג דעם שטארקערען. אונזער עלטער פאָ־טער אברהם האָט געלאָזט פרעה זאָל אוועקנעמען שרה'ן. מיר זענען געווען אונטערטעניג אין מצרים, צו אשור, בבל און סיריע — מיר האָבען געטראָגען דעם פרעמדען יאָך און געשוויגען. מען האָט נאָר געהאָפט און געוואַרט אויף גאָט'ס הילף, ער זאָל בעווייזען א נס און אונז אויסלייזען.

— איצט איז אומזיסט אייער וואַרטען אויף נסים — האָט יוסיפוס ווייטער גערעדט — די רוימער זיינען עהרליך און גוט און מיר זענען שטארק זינדיג, ס'איז גאָט'ס ווילען די רוימער זאָלען זיעגען!

— האָט רחמנות אויף אייערע פרויען און קינדער! — האט יוסיפוס גערעדט מיט טרעהרען — דערבארמט אייך אויף'ן בית המקדש און די הייליגע שטאָדט! בעט פרידען ביי טיטוס'ען, ער וועט זיך דערבארמען און שליסען שלום, וועט איהר דאָס נישט טאָן, וועט אייער סוף זיין ביטער, און נאָך איידער די רוימער וועלען אריין אין שטאָדט וועט דער הונגער אייך פערניכטען.

מיט זיינע פאלשע רייד האָט ער געוואָלט ווירקען אויף'ן פאָלק זיך אונטערצוגעבען. זיינע לעצטע ווערטער וועגען הונגער האָבען אָבער אלעמען אויפגעבראכט. דאָס האָט זיי דערמאָנט, אז די פעררעטער האָבען איבערגעגעבען טיטוס'ען אז די אידען הונגערן, האָבען איהם אלע געפלוכט און גע־שאָלטען און נישט געוואָלט מעהר הערען זיינע רייד.

דעם זעלבען טאָג האָט אסתר אריינגעשאָסען א פייל און מען האָט איבערגעלייענט פאָלגענדע שרעקליכע נייעס:

"דעם כהן גדול'ס זוהן איז אין דער רוימישער ארמעע. מתתיהו מיט זיינע קינ־ער האָבען אבגעמאכט מיט דעם

עלטסטען פון מיטעלסטען טורעם מאַרגען איבערצוגעבען די מויער צום שונא."

א פייערדיגער צאָרן האָט אַלעמען אָנגעכאַפּט. דער מי־טעלסטער טורעם איז געשטאַנען אונטער דער אויבער קאָ־מאַנדע פון בן גיורא'ן. מען האָט דאס איהם גלייך אָנגע־זאָגט און בן גיורא האָט גלייך ארעסטירט מתתיהו'ן מיט זיינע דריי זיהן און זיי האָבען זיך מודה געווען אין זייער פערדעטערישען פּלאַן. זיי האָבען איהם ארויסגעגע־בען די נעמען פון די בעטייליגטע אין דעם פערראַט און מען האָט זיי אַלע אריינגעוואָרפען אין תפיסה, נאָר דעם עלטסטען פון מיטעלסטען טורעם האָט מען נישט ארעסטירט.

צומאַרגענס האָט דער עלטסטער פון מיטעלסטען טורעם אוועקגעשיקט זיין אבטיילונג סאָלדאַטען. ער איז נאָר גע־בליבען מיט עטליכע פון זיינע געטרייע פריינד און ער האָט זיך געגרייט איבערצוגעבען דעם טורעם צו די רוימער.

איז אבער בן גיורא אריין אין טורעם און געפאַנגען דעם פערדעטערישען עלטסטען מיט זיינע ארויסהעלפער און ער האָט זיי ארויסגעפיהרט צו דער מויער. דאָרט האָט ער זיי פאר טיטוסע'ס אויגען דערמאָרדעט. טיטוס איז שוין גע־ווען גרייט אריינצוגעהן אין דעם טורעם. ער האָט אָבער געזעהן אז דער פּלאַן איז דורכגעפאַלען און ער האָט זיך אומ־געקערט.

די ארעסטירטע פערדעטער זענען גלייך געשטעלט גע־וואָרען צום געריכט און עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי האָבען אויך אונטערגעצונדען די שפּייכלער שפּייז און אָנ־געהעצט די קעמפער איינעם אויף'ן אַנדערן. זיי זענען פעראורטיילט געוואָרען צום טויט און דער אורטייל איז גלייך געוואָרען אויסגעפיהרט.

מיט דעם האָבען זיך אָבער נישט אויסגעלאָזט די פער־רעטער. אין שטאָדט זענען נאָך געבליבען "רוימישע פריינד", וואָס האָבען אויפגעשריבען סודות אויף פיילען און זיי אריבערגעשאָסען צום שונא און אזוי איהם אָנגעזאָגט אַלץ וואָס ס'קומט פאָר אין שטאָדט.

דעם זעלבען טאָג ווען די באַנדע פערדעטער זענען בע־שטראָפט געוואָרען מיט'ן טויט איז געוואָרען א גרויסער טור־

מעל אין דער רוימישער ארמעע. דאָס האָט מען בעמערקט שטעהענדיג אויף דער מויער. באלד האָט מען געזעהן ווי עטליבע רוימער פיהרען א געבונדען אינגעל צום פּלאַץ גע־גענאיבער דער מויער און זיי שטעלען אוועק א קרייץ און נעהען קרייציגען דאָס אינגעל.

די אידען אויף דער מויער האָבען זיך שטארק צוגעקוקט צו דעם שוידערליכען בילד.

— אסתר! — האָט צפורה ווילד געשריגען — ס'איז אסתר!

יהודה האָט זי אויך דערקענט און ער האָט מורא'דיג גע־שריגען פאר פערצווייפלונג.

—לאָמיר זיי אטאקירען!—האָט יהודה בעפוילען צו א גרופּע קנאים. זיי האָבען געוואָלט אראָפּשפּרינגען פון מויער און בעפאלען די סאָלדאטען, וואָס האָבען געוואָלט קרייציגען אסתר'ן.

אין דער רגע איז אָנגעפלויגען א רייטער צו דעם עלטס־טען, וואס האָט געזאָלט אויספיהרען דעם טויט אורטייל אויף אסתר'ן און ער האָט איהם דערלאַנגט א פּאַפּיער. דער עלטסטער האָט דאס געעפענט און איבערגעלייענט און ער האָט געהייסען אוועקנעמען אסתר'ן פון קרייץ און זיי האָ־בען זי אוועקגעפיהרט צו די געצעלטען וואו טיטוס מיט די קריעגספיהרער האָבען געוואוינט. דאָרט זענען זיי פער־שוואונדען.

די אידען זיינען געבליבען שטעהן דערשראָקען. יהודה מיט זיין גרופּע קנאים זענען אויך געבליבען. פערביטערט און אויפגערעגט האָבען זיי געטראַכט אז אסתר איז פערפאַ־לען און ס'איז נישטאָ קיין עצה צו ראַטעווען איהר לעבען. יהודה איז געווען שטארק בייז, ער האָט געשריגען אז די פיהרער זענען שולדיג, וואָס זיי האָבען אזאַ יונג קינד גע־לאָזט זיך ווארפען אין סכנה. אלע האָבען געשוויגען און נישט געוואוסט וואס צו ענטפערען, נאָר צפורה האָט אלע־מען בערוהיגט און געטרייסט:

—איהר מענער — האָט זי געזאָגט — איהר שטרייט מיט דער שווערד, איהר קעמפט אויפ'ן שלאַכטפעלד מיט געוועהר. מיר פרויען דארפען אייך העלפען מיט דעם וואס

מיר קענען. קענען מיר נישט האלטען מלחמה, קענען מיר אבער איינשטעלען אונזער לעבען פאר אונזער פאָלק, ווי דבורה הנביאה, ווי יהודית, ווי חנה מיט איהרע זיבען קינ־דער. מיר דארפען שטארבען פאר אונזער הייליגער ערד!

—די גוטע! די ליעבע אסתר! — האָט יהודה ביטער געקלאגט — דאס הארץ האָט מיר געזאָגט אז איך וועל זי מעהר נישט זעהן. ווען איך זעה זי איצט, וואָלט איך זי שוין נישט אָבגעלאָזט!

— און וואָס קומט אַרויס דיין ברודער אז ער זעהט מיך יא? — האָט צפורה געפרעגט יהודה'ן — איך בין פרעמד צו איהם. ער איז פרעמד צו מיר. אזוי וועלען מיר זיין פרעמד כל זמן די פרעמדע וועלען זיך געפינען אויף אונזער הייליגער ערד.

—כלה מיינע, מיר איז זעהר ליעב און טייער, וואס דו ביזט דאָ — האָט שמעון געזאָגט צו איהר — דו ביזט דער אטעם פון מיין לעבען. דורך דיר האָב איך מיין מוטה. העל־דען שעמען זיך פאר דיין גרויסמוטה. ווער ווייס אבער צו מיר וועלען בעזיעגען דעם פיינד!...

—לאָמיר נישט פערלירען די האָפנונג — האָט צפורה איהם דערמוטיגט — די הילף וועט קומען. ביי גאָט איז די הילף!

---

יוסיפוס האָט נישט אויפגעהערט זיך אוועקשטעלען רעדען צו די אידען און זיי אָנרעדען זיי זאָלען זיך אונטער־געבען. ער האָט דאָס געמוזט טאָן אויף טיטוס'עם בעפעהל. טיטוס'ען איז מיאוס געוואָרען די לאנגע פערשלעפּטע מלחמה. ער האָט געוואָלט זיך אומקערען נאָך רוים, וואו זיין פאטער איז איצט קייסער. ער האָט געוואָלט געניסען פון דעם גוטס וואָס איז אָנגעגרייט פאר'ן קייסער'ס זוהן, האָט ער געצוואונגען יוסיפוס'ען צו געהען רעדען צו די אידען און ווירקען אויף זיי, זיי זאָלען בעטען שלום.

אבער יוסיפוס'עס מיה איז געווען אומזיסט. קיינער האָט נישט געוואָלט גלויבען אז טיטוס וועט שליסען פרידען אויף אן אמת. זיי האָבען געוואוסט אז דאס וויל מען זיי אָבנארען. טיטוס איז גרויזאם ווי זיין פאטער און ער ווייס נישט פון

רחמנות. דאָס וואָס דער פערדעטער יוסיפוס האָט כסדר גע־רעדט וועגן בעטן פריעדן, האָט נאכמעהר אויפגערעגט די קעמפער און זיי זענען געווען שרעקליך פערביטערט אויף איהם.

באלד נאָכדעם ווי די קעמפער האָבען געזעהן דאס אונגליק מיט אסתר'ן איז יוסיפוס געקומען מיט זיינע רייד פאר פרידען, האָט אַ קנאי זיך נישט געקענט איינהאַל־טען און ער האָט געשליידערט אויף איהם אַ שטיין. ער האָט איהם געטראָפען אין קאָפּ אריין און יוסיפוס איז אומגעפאַ־לען און זיך געמאַכט ווי טויט.

עטליכע העלדען זענען ארויס פון שטאָדט און איהם גע־וואָלט ארייננשלעפען טויטערהייט. האָט טיטוס ארויסגעלאָזט אויף זיי אן אבטיילונג שנעלע העלדישע רייטער און זיי האָ־בען אטאַקירט די קנאים. דערווייל האָבען רוימישע סאָלדאַ־טען נעכאַפּט יוסיפוס'ען און איהם אוועקגעטראָגען אין לאַגער.

אין שטאָדט האָט זיך פערשפרייט די נייעס אז יוסיפוס איז טויט, האָבען אַלע זיך געפרעהט. זיין מוטער, וואס איז געזעסען אין תפיסה, האָט אויך נישט געקלאָגט נאָך איהם.—

—אז ער האָט געלעבט — האָט זי געזאָגט — האָב איך אויך נישט געהאַט קיין נחת פון איהם...

לאַנג האָט די פרייד נישט געדויערט. יוסיפוס איז גע־קומען צו זיך און ער האָט זיך ווידער בעוויזען פאר דער מויער — צו רייצען זיך מיט די אידען.

טיטוס האָט געזעהן אז די אידען האָבען נישט אָנגענומען זיין פרידענס־פּאָרשלאָג, דער פּלאָן פון די פיהרער איבער־צוגעבען די פעסטונג איז אויך צושטערט געוואָרען, האָט ער בעשלאָסען צו בענייען די אטאַקעס. ער האָט געהייסען אויס־שטעלען שאַנצען אויף דער פעסטונג אנטאניא און זי איינ־נעמען, ווייל ער פון דאָרט גרינג זיך אריינרייסען אין בית־המקדש. ער האָט אויך בעפוילען צו בעלאַגערן די אַלטע פעסטונג און איינעמען די אויבערשטע שטאָדט — ציון.

די רוימער האָבען ערנסט און שווער געאַרבייט אויפ־צושטעלען די שאַנצען און זיי האָבען אויך אויסגעבויט גע־פאַנצערטע געביידעס פון וואָנען זיי זאָלען קענען אטאַקירען

די מויער און די פעסטונג. די אידישע קעמפער האָבען גע־זעהן די גרויסע פּאַרבערייטונגען, וואָס די רוימער מאַכען, האָבען זיי בעשלאָסען צוצושטערען זייער גאַנצער ארבייט.

יוחנן פון גוש־חלב האָט גראַטען די קעמפער זאָלען זיך אונטערגראָבען אונטער דער ערד ביז צו די שאַנצען און פון דאָרט אָנצוהויבען די אַטאַקע. די קנאים האָבען אויס־געגראָבען אַן אונטערערדישען דורכגאַנג פון פעסטונג אַנ־טאָניא ביז די שאַנצען. זיי האָבען אונטערגעלייגט האָלץ און סמאָלע אונטער די פונדאַמענטען פון די שאַנצען און אַז די רוימער האָבען אויסגעשטעלט זייערע הארמאַטען מיט די שטורם־בעק און שליידער־מאַשינען אויף די שאַנצען, האָבען זיי אָנגעצונדען דאָס האָלץ מיט סמאָלע און שנעל אוועק אין פעסטונג.

א גרויס פייער האָט תיכף אויסגעבראָכען און ארומגע־כאַפּט די שאַנצען מיט'ן גאַנצען געוועהר, דאָס פייער האָט זיך גיך פערשפּרייט און אַלץ פערברענט אויף קויהלען. די רוימער האָבען זיך דערשראָקען. זיי האָבען זיך נישט גע־ריכט, אַז די אידען וועלען זיך אונטערגראָבען אין דער פעלזיגער ערד אויף אַזאַ גרויסע שטרעקע. פייער לעגיאָנען האָבען שווער געאַרבייט אכצעהן טעג ביז זיי האָבען דאָס אַלץ אויפגעשטעלט און מיט אמאָל איז אַלץ אוועק מיט'ן רויך.

צוטומעלט זענען די רוימער געשטאַנען און נישט גע־וואוסט ווי אַזוי צו נעמען די פעסטונג. זענען פון שטאָדט ארויס א סך אידישע העלדען פון בן גיורא'ס אַרמעע, פּאַר־אויס זענען געגאַנגען דריי ריעזען : תפתיות פון גליל, בן־נבט פון אדיאבען און מאַסארוס, מרים'ס דינער, וואָס האָט אמאָל בעזיעגט בן גיורא'ן. די העלדען זענען ארויס צו די רוימער און האָבען געוואָלט צושטערען די פּערבליבענע בעפעסטיגונגען וואָס דאָס פייער האָט נישט פערניכטעט.

זיי זענען געגאַנגען ווי צום טאַנץ און זיך נישט אָבגע־שטעלט פאַר דעם האָגעל פייַלען וואָס די רוימער האָבען געהאָגעלט אויף זיי. אין דער רעכטער האַנד האָבען זיי געהאַלטען די שווערדען און אין דער לינקער — פּלאַקערן. מיט שטורם זענען זיי בעפאַלען די רוימער און זיי צוטריי־

בען און אונטערגעצונדען די איבעריגע שאנצען. פון לאגער זענען אנגעלאפען א סך מיליטער אבטיילונגען און געקומען צו הילף די צושלאגענע רוימער, איז אבער ארוים בן גיורא׳ס ארמעע פון שטאדט און דא איז אויסגעבראכען א פורכט־בארע שלאכט.

די אידישע קעמפער האבען צוהאקט און צובראכען די ברענענדיגע שאנצען און דאס פלאקערדיגע געוועהר. די אנגעגליהטע אייזענס האבען זיי געכאפט מיט די בלויסע הענד און געשליידערט אויף די רוימער. באלד איז אויך אנגעקומען די גאנצע מחנה פון מויער און אלע צוזאמען האבען דערלאנגט מורא׳דיגע קלעפ דעם פיינד.

די מלחמה איז געווען אזוי שרעקליך און פערביטערט, אז ווען א איד האט געקראגען אריינגעשטאכען א שפיז אין זייט, האט ער זי נישט ארויסגעצויגען און געזוכט צו פער־בינדען די וואונד, נאר ער האט צובראכען די שפיז, זי זאל מעהר נישט קענען געניצט ווערען אין קריעג.

די רוימישע סאלדאטען האבען נישט געקענט ביישטעהן קעגען די פערביטערטע קעמפער און זיי האבען אנגעפאנ־גען אנטלויפען, איז אבער טיטוס מיט זיינע גיכע רייטער אנגעפאלען פון הינטען אויף די אידישע קעמפער און גע־עפענט אויף זיי פייער.

די פערצווייפעלטע קנאים האבען געזעהן, אז זיי האבען די מלחמה פון פארנט און פון הינטען, האבען זיי געמאכט א גרויסען שטויב ארום זיך. די פערד פון די רוימער האבען זיך דערשראקען און אנגעהויבען ווילד צו לויפען, האבען די אידען דערווייל צוריקגעטרעטען און אריינגעכאפט זיך אין שטאדט אריין.

די רוימער זענען געווארען פול צארן וואס די אידען האב־בען צושטערט זייער גאנצע ארבייט. א סך האבען אויפגע־געבען די האפנונג צו בעזיעגען די אידען. א טייל פון זיי האט געזעהן אין דעם א צייכען, אז גאט איז מיט די אידען און זיי האבען פערלאזט די רוימישע ארמעע און אריבער צו די אידען. זיי האבען זיך מגיר געווען און זיי האבען אריינ־געגעבען פרישען מוטה אין דער אידישער ארמעע. דאס ביסעל עסענוואַרג וואס איז נאך געבליבען האבען די אידען

זיך געטיילט מיט די גרים און געזעהן אז זיי זאָלען נישט הונגערן.

---

טיטוס'ן מיט זיינע קריעגס־פיהרער איז מיאוס געוואָרען צו אטאקירען די אידען אָהן ערפאָלג. זיי האָבען זיך שטארק געשעמט וואָס זייער מעכטיגע ארמעע קען נישט בעזיעגען דאָס קליינע ארימע פאָלק, האָבען זיי בעשלאָסען ארומצוציינגלען ירושלים מיט א לאַנגע מעכטיגע שאַנץ און אבשליסען ירושלים, קיין עסענוואַרג זאָל נישט קענען אריינקומען. אז זיי וועלען אויסהונגערן די שטאָדט זענען זיי זיכער געווען אז די אידען וועלען זיך אונטערגעבען און אויב נישט וועלען זיי אויסשטאַרבען פון הונגער.

די גאַנצע מעכטיגע רוימישע ארמעע האָט אָנגעהויבען גראָבען ארום ירושלים. זיי האָבען אָנגעבראַכט מאַסען האָלץ צו בויען די שאַנץ און בעפעסטיגונגען. אויף א גרויסע שטרעקע ארום ירושלים האָבען זיי אויסגעלאָזט זייער גאַנצען כעס. זיי האָבען פערוויסט און אויסגעהאקט יעדען בוים און פלאַנץ ארום שטאָדט. אלע רוימישע קאָמאַנדירען זענען געשטאַנען ביי דער ארבייט און אונטערגעטריבען דאָס בויען. דרייצעהן אויסקוק־טורעמס האָבען זיי אויפגעשטעלט און געהיט יעדען טריט, וואָס די אידען טוען אין שטאָדט און זיך געגרייט אויף מלחמה, אויב די אידען וועלען זיי אטאַקירען און שטערען די ארבייט.

אז די גרויסע לאַנגע שאַנץ איז געוואָרען פארטיג, איז ירושלים געוואָרען אָבגעשלאָסען פון אלע זייטען. דאָס אָרימע פאָלק, וואָס האָט זיך א צייט געשפּייזט מיט פעלד־יאַגדעס און אנדערע גרינצייג, זענען געבליבען אָהן שפּייז. זענען פיעל הונגעריגע ארויס פון שטאָדט זוכען עפּעס עסען, די רוימער זענען זיי בעפאַלען און זיי שרעקליך געמאַטערט און דערנאָך אויפגעהאַנגען קעגען איבער דער מויער. זיי האָבען אויך געשענדעט די טויטע די אידען זאָלען זעהן און זיך דערשרעקען.

טיטוס האָט זיי נישט געשטערט אין זייער גרויזאַמער ארבייט. נאָר אז די צאָהל פון די געפאַנגענע איז געווען זעהר גרויס און די רוימער האָבען נישט געהאַט גענוג בוימער זיי

אויפצוהענגען, האָט טיטוס בעפוילען אָבצוהאַקען זייערע הענד און זיי טרייבען צוריק אין שטאָדט אריין, עס זאָל זיין מעהר קראַנקע און פערוואונדעטע אין ירושלים.

אין ירושלים איז געווען א גרויסער און א שרעקליכער הונגער. ברויט איז געוואָרען אונגעהייער טייער. די רייכע לייט האָבען אַוועקגעגעבען פערמעגענס פאר א שטיקעל ברויט. ביז אין גאַנץ ירושלים איז נישט געווען צו קריגען א ברעקיל ברויט. פאר הונגער האָבען די אָרימע לייט גע־קאָכט דאָס שטרוי פון זייערע בעטען און די לעדערנע זאַ־כען. דאָס אָבפאַל פון מענשען און בהמות האָבען די הונ־געריגע געשווייגקט אין וואסער און אויסגעקליבען דאָס נישט פערדייהטע און געגעסען.

די אלע זאכען האָבען געווירקט ווי גיפט און די מענשען זענען קראַנק געוואָרען אויף פערשידענע שווערע קראַנק־הייטען. ווי שאטענס האָבען זיך ארומגעדרעהט די טויט־קראַנקע און געשוואָלענע פון הונגער איבער די גאַסען און זענען געפאַלען און מעהר נישט אויפגעשטאַנען.

טויזענטער און צעהן טויזענטער מענער און פרויען האָ־בען גענומען די קינדער און ארויפגעקראָכען מיט זיי אויף די דעכער, אנשטרענגענדיג די לעצטע קרעפטען. מיט זייערע טויט־בלאַסע געזיכטער און אויסגעשטארצטע אויגען האָבען זיי געקוקט צום בית המקדש און געהאָפט אז גאָט וועט זיי העלפען. און אזוי זענען זיי שטילערהייט אויסגעגאַנגען און די הילף איז נישט געקומען.

די צאָהל פון טויטע איז געוואָרען צו גרויס און די לע־בעדיגע האָבען נישט בעוויזען זיי צו בעגראָבען. האָט מען די טויטע ארויסגעוואָרפען הינטער דער מויער און די ארומיגע טאָלען זענען געוואָרען פול מיט בערג טויטע.

שפעטער האָט קיינער נישט געהאַט קיין כח צו טראָגען די טויטע צו דער מויער האָט מען די ליידיגע הייזער אנגע־וואָרפען מיט זיי. און אז די ליידיגע הייזער זענען געוואָרען פול, האָט מען פערשלאָגען די טירען און די פענסטער.

---

די טויטע קערפער האָבען אָנגעהויבען פוילען און צו־טראָגען א שווערען ריח אין שטאָדט. דערפון איז אויסגע־

בראָבען א שרעקליכע פעסט, וואָס האָט צוגערויבט נייע קרבנות אָהן א צאָהל. און די גאַסען פון ירושלים זענען גע־וואָרען פול טויטע און קיינער האָט זיי נישט צוגענומען.

די אידישע קעמפער האָבען אָבער אלץ נישט פערלוירען דעם מוטה. זיי האָבען נאָך אלץ געהאָפט, אז די רוימער וועט מיאוס ווערען דער פערצווייגענער קאמף און זיי וועלען אָב־טרעטען. אָדער גאָט וועט מלחמה האַלטען מיט די רוימער און זיי אויס'הרג'נען ווי דאָס האָט געשעהן מיט סנחריב'ען.

דאָס פאָלק האָט דעמאָלט שטארק געגלויבט, אז די אלע צרות און פיין זענען "די וועהטאָגען פון משיח'ס צייטען" און אז די גאולה וועט קומען. דאָס גאנצע פאָלק האָט גע־גלויבט אין דער נאָהענטער אויסלייזונג. די קראנקע האָבען געזעהן וואונדער־בילדער אין זייערע קראנקע פאנטאזיעס און די וואָס זענען אויסגעגאנגען האָבען אין דער גסיסה גע־זאָגט נביאות, אז משיח וועט קומען...

די אונגליקליכע הונגעריגע האָבען נישט געפאָדערט מען זאָל זיי געבען עסען פון דעם ביסעל ברויט, וויין און אויל, וואָס איז געבליבען אין די אוצרות פון בית המקדש. זיי האָ־בען אויך נישט געוואָלט עסען דאָס פלייש פון די קרבנות. דאָס פלייש פון די קרבנות איז דאָך הייליג און דאָס ביסעל פערבליבענע שפייז האָט מען דאָך געדארפט פאר די קעמ־פער, וואָס קעמפען פאר דער בעפרייאונג פון פאָלק.

אָבער אין גיכען האָט די קעמפענדע ארמעע אויך אָנגע־הויבען הונגערן. אין בית־המקדש איז מעהר נישט געווען נישט קיין ברויט און נישט קיין מעהל. עס איז נאָך געבליבען א ביסעל פייגען און וויין, אָבער נאָר צו דערכאפען דאָס הארץ, נישט אָנצועסען זיך זאַט.

דעמאָלט איז בעשלאָסען געוואָרען, אז יעדער קעמפער זאָל קריגען אזוי פיעל פייגען א טאָג וויפיעל רוימער ער וועט טויטען. דער הונגער האָט זיך ארייננעריסען אין דער קעמ־פענדער ארמעע, די קעמפער זענען אָבער געבליבען פעסט אין קאמף, געשטאנען אויף דער מויער ווי אן אייזענע וואנד, ווי א מעכטיגער פעלז און נישט צוגעלאָזט דעם שונא.

די רוימישע ארמעע האָט געציטערט פאר די העלדישע אידען און נישט געוואגט צוצוגעהן נאָהנט צו דער מויער.

די פעסט וואָס האָט זיך פערשפרייט אין ירושלים האָט זיך אויך אריינגעכאַפּט צווישען די רוימער און מאַסען פיינדליכע סאָלדאַטען זענען געפאַלען אין דער מגפה. די ארמעע איז אָבער נישט געוואָרען קלענער, ווייל יעדען טאָג האָבען זיי צוגעקראָגען פרישע קרעפטען, ניי מיליטער האָט אייכגעפילט די ערטער פון די געפאַלענע אין די שלאַכטען און אין מגפה. דאָס פרישע מיליטער האָט אריינגעבראַכט פרישען מוטה אין דער רוימישער ארמעע צו קעמפען קעגען ירושלים ביז אַן ענטגילטיגען זיעג.

צו די רוימער זענען אויך צוגעשטאַנען א סך קעניגען פון די ארומיגע פעלקער און זיי האָבען געבראַכט זייערע ארמעען, גאָלד און זילבער און א סך שפייז. דערפאַר האָבען די רוימער זיך געקענט אַזוי לאַנג האַלטען ארום ירושלים.

דעמאָלט איז אויך צוגעשטאַנען צו די רוימער עפּיפאַנוס דער קעניג פון קאַגאַגילאַ לעבען פרת. ער האָט יונגערהייט זיך געהאַט מגיר געווען, ער זאָל קענען חתונה האָבען מיט דער אידישער פרינצעסין דרוסילא, די טאָכטער פון אגריפּס דעם ערשטען.

איצט, אַז די אידען האָבען זיך געפונען אין גרויס נויט האָט ער געשיקט זיין זוהן אנטיוכס מיט זיינע נעקליבענע קריעגער צו העלפען רוים. אַז אנטיוכוס איז געקומען אין רוימישען לאַגער און ער האָט דערזעהן ווי ווייט פון ירושלים עס איז דער לאַגער, האָט ער זיך געוואונדערט און געפרעגט טיטוס׳ען :

— האָבען טאַקי די רוימער מורא פאַר די אידען, אַז זיי ווילען נישט צוגעהן צו דער מויער זי איינצונעמען ?

טיטוס האָט ביטער געלאַכט און געענטפערט :

— פּרוביר דו, אפשר וועט דיר געלינגען, וועלען מיר דיך גוט בעלוינען.

אנטיוכוס האָט גענומען זיינע סאָלדאַטען און מיט שטורם בעפאַלען די מויער. עס האָט נישט געדויערט לאַנג, די קנאים זענען ארויס אַנטקעגען איהם און איהם אַזוי צושלאָגען, אַז נאָר ער מיט עטליכע סאָלדאַטען זענען אנטלאָפען קוים מיט׳ן לעבען. פערשעמט האָט ער זיך אומגעקערט

אין רוימישען לאגער און מעהר נישט געפרעגט טיטוס'ען, וואס ער שטעהט ווייט פון שטאדט.

טיטוס האט אויסגעפונען, אז די פעסט האט זיך אריינגעכאפט אין זיין ארמעע איבער די בערג טויטע וואס ליגען הינטער'ן טויער. איז ער גיך אוועק צום טויער און געזעהן, אז דער טאל איז אנגעפאקט מיט טויטע און די זון ברענט זיי און זיי צוגעהן אין דער גרויסער היץ.

ער האט אויפגעשוידערט פון דעם מורא'דיגען בילד און ער האט געהייסען גלייך פערשיטען דעם טאל און פערטרעטען מיט ערד. ער האט אויך בעפוילען די סאלדאטען זאלען נישט שטערען די וואס ווילען ארויסגעהן פון שטאדט זוכען עסען.

פיעל אידען זענען דעמאלט ארוים פון ירושלים און אריינגעפאלען צום שונא. זייער לעבען האבען זיי אבער נישט געראטעוועט. געשוואלען, אויסגעמאטערט פון לאנגען הונגער, האבען זיי זיך געווארפען אויפ'ן עסענווארג און זייערע שוואכע מאגענס האבען די שפייז נישט געקענט פערטראגען און געפלאצט. מיט'ן עסען אין מויל זענען זיי געפאלען טויט.

אנדערע וואס זענען געווען פארזיכטיג און נאר געגעסען צו שטילען דעם הונגער, האבען זיך אויך נישט געראטעוועט פון טויט. א סך פון זיי האבען איינגעשלונגען דימאנטען און גאלד איידער זיי זענען ארוים צו די רוימער. זיי האבען מורא געהאט צו טראגען עס אין די קעשענעס, טאמער וועט מען זיי בעזוכען ביים טויער, און אלץ אוועקנעמען.

דערווייל האט זיך צוטראגען א קול אין רוימישען לאגער, אז די אידישע אנטלאפענע האבען איינגעשלונגען דימאנטען. האבען די רוימער געכאפט די אידען און אויפגעשפאלטען זייערע בייכער ארויסצונעמען די דימאנטען און דאס גאלד. אין איין טאג האט מען געפונען אין לאגער איבער צוויי טויזענד אידען מיט אויפגעשפאלטענע בייכער.

טיטוס האט דאס געוואהר געווארען און עס האט איהם פערדראסען, אז זיין ארמעע זאל קוילען מענשען צוליעב גאלד, און ער האט שטרענג פערבאטען דאס צו טאן. זיין פערבאט האט אבער נישט געהאלפען. די ווילדע רוימער

האבען ווייטער געשפּאַלטען אידישע בייכער. זיי האָבען אָבער מורא געהאַט דאָס צו טאָן בייטאָג, האָבען זיי עס געטאָן ביינאַכט.

אַז די מורא׳דיגע נייעס איז אָנגעקומען אין ירושלים האָבען די חכמים גע׳אסר׳ט איינצושליגען גאָלד. די אידען האָבען אויך אויפגעהערט ארויסצוגעהן צו די רוימער און בעסער געשטאָרבען פאַר הונגער איידער צו פאַלען אין די הענד פון דעם מערדערישען שונא.

טיטוס האָט זיך ווידער אָוועקגעשטעלט קעגען דער מויער און געוואָרנט די אידען זיי זאָלען זיך אונטערגעבען און בעטען פרידען. אויב נישט, האָט ער געדראָהט, וועט ער חרוב מאַכען די גאַנצע שטאָדט און דאָס בית המקדש וועט ער אויך פערניכטען.

די קנאים, אין זייער גרויס אויפרעגונג, האָבען אלס ענטפער איהם שטאַרק געזידעלט, זיי זיינען דאָך געוועזען שרעקליך פערביטערט פון די גרויזאַמע פיין און יוחנן פון גוש־חלב איז ארויסגעטראָטען און אין אַלעמענס נאָמען איהם געענטפערט און אַזוי געזאָגט:

— הער דו מערדער, זוהן פון א מערדער! מיר ווילען בעסער שטאַרבען איידער לעבען אַ קנעכטיש לעבען. ביז אונזער לעצטען אַטעם ווילען מיר קעמפען געגען דיר, פיינד, דו פערוויסטער פון אונזער לאַנד! קענסט פערגרעסערען דיין אַרמעע און פערטאָפּלען. זיי ווילען אַלע פאַלען מיט אונז אינאיינעם. מיר זאָרגען שוין גאָרנישט פאַר ירושלים און דאָס בית המקדש. זיי זענען נאָר טייער פאַר די וואָס ווילען לעבען. אָבער נישט פאַר אונז, וואָס מיר ווילען נאָר איז, אַז אונזער טויט זאָל דיך טייער קאָסטען. דו פיינד, וואָס האָסט אונז בערויבט אומזיסט, וואָס דו ווילסט אונז אונשילדיגערהייט פערניכטען. נאָר גאָט וועט בעשיצען זיין הייליגע שטאָדט און דאָס הויז וואָס ער האָט אויסגעקליבען פאַר זיין נאָמען. גאָט וועט זיי בעשיצען און ער וועט נעמען נקמה אָן אייך פאַר אונז און ער וועט אייך זיבען מאָל מעהר בעצאָהלען פאַר דעם שלעכטס וואָס איהר טוט אונז!

---

ווען די צאָהל קראַנקע און פערוואונדעטע האָט זיך אַזוי

שרעקליך פערגרעסערט האָט צפּורה מעהר נישט געקענט ברענגען איהר הילף אומעטום. פון דעם טאָג ווען זי האָט אויפגעהערט איהר רעטונגס־ארבייט איז זי געוואָרען שטארק דערשלאָגען און ארומגעגאנגען ווי א שאָטען. זי איז שוין מעהר נישט געקומען אויף דער מויער און מעהר נישט בעגייסטערט מיט איהרע מוטיגע רייד די קעמפּער. זי איז געזעסען תמיד מיט איהר חבר'טע מרים אין הויז און האָט זי מקנא געווען, וואָס יענע קען וויינען אויף דעם גרויסען אונגליק. צפּורה האָט נישט געקענט וויינען. די טרערען האָבען געפּערעסט איהר הארץ און עס געשטיקט און וויפיעל זי האָט געוואָלט אראָפּוויינען, עס זאָל איהר ווערען גרינגער, האָט זי נישט געקענט לאָזען א טרער. זי איז געווען פערגלי־גווערט ווי שטיין.

איין טאָג האָט צפּורה געהערט, אז איהר מוהמע, די רייכע מרתא בת ביתוס האָט ביים שטארבען. איז איהר דאָס האַרץ צוגאנגען פאר צער. זי האָט זיך דערמאָנט ווי גוט זי האָט פערבראכט אין איהר הויז איידער דאָס אונגליק איז געקומען. איז זי אוועק צו איהר עלענטע מוהמע, וואָס איז שוין לאַנג געווען אן אלמנה.

צפּורה איז שוין לאַנג נישט געווען אין גאַס. ווי זי איז ארויס אין דרויסען און דערזעהן וואָס פון דער וואונדערלי־כער לעבעדיגער ירושלים איז געוואָרען, האָט זי אָנגעהויבען שוידערן. געשוואָלענע פון הונגער דרעהען זיך ווי שאטענס אויף די פערוויסטע גאַסען און פאַלען טויט. די פיס שלאָגען זיך אָן אָן טויטע, דערוואקסענע און קינדער, וואס וואַלגערן זיך ווי מיסט אויף די גאַסען. א שלעכטער גיפטיגער ריח טראָגט זיך אין דער לופט און פער'סמ'ט יעדען וואָס אטעמט זי איין.

דאָס שרעקליכע בילד האָט זי שטארק דערשלאָגען. דאָס הארץ האָט איהר אָנגעהויבען מורא'דיג קלאפּען, דער קאָפּ זוילד דרעהען, אין די אויערען ווי מען וואָלט געקלאפּט מיט שווערע האמערס, דער אטעם ווי שוועבעל, איינגאנצען האָט זי געקאָכט פאר צער און שוידער. אָבער די אויגען זענען געבליבען טרוקען. נישטאָ קיין טרער.

צומישט און פערווירט איז זי אוועק צו איהר מוהמעס

פּאַלאַץ, זי איז אַריין אין זאַל און געטראָפּען דאָרט אַן אַל־טימישקע צוקנייטשט און פערוועלקט, וואס האָט איהר דער־צעהלט, אַז די מוהמע איז לעצטע נאַכט געשטאָרבען. דריי וואָכען האָט די איידעלע מרתא בת ביתום געהונגערט און מעהר האָט זי נישט געקענט אויסהאַלטען. די אַלטימשקע האָט איהר דערצעהלט, אַז איהר איידעלע, געצערטעלטע מוהמע, די רייכסטע פרוי פון ירושלים, האָט געשיקט איהר קנעכט אויפ'ן מארק, ער זאָל קויפען זעמעל מעהל.

דער קנעכט איז געגאַנגען אויפ'ן מארק און געזוכט זעמעל־מעהל און נישט געקראָגען. איז ער צוריקגעקומען און געזאָגט :

—זעמעל־מעהל איז נישטאָ. עס איז דאָ ריין מעהל.

— ברענג ריין מעהל.

ביז ער איז געקומען אויפ'ן מארק איז שוין קיין ריין מעהל אויך נישט געווען, נאָר מעהל געמישט מיט קלייען. האָט ער דאָס נישט געקויפט און אהיים געגאַנגען און דער־צעהלט זיין בעל־הבית'טע.

האָט זי איהם געהייסען ברענגען דאָס געמישטע מעהל, איז עס אָבער דערווייל געווען אויספערקויפט.

אַזוי האָט דער נאַרישער קנעכט געטאָן מיט דעם גערש־טען מעהל ביז אויפ'ן מארק איז גאָרנישט געווען צו קריגען מעהר.

די הונגעריגע מרתא בת ביתום איז אַליין ארוים אין גאַס זוכען עפּעס עסען. האָט זי געפונען א דאַרע אויסגעזויגענע פייג, האָט זי געכאַפּט און אַראָפּגעשלינגען. איהר איידעלער גוף האָט דאָס נישט געקענט פערטראָגען, זי איז קראַנק גע־וואָרען און געשטאָרבען.

— מיט וואָס דערהאַלט איהר אייער לעבען ? — האָט צפורה געפרעגט די אַלטישקע און זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַן וואַנד, זי זאָל נישט אומפאַלען.

— איך זעה, אַז דו ביזט אַן אָרענטליך קינד — האָט די אַלטימשקע געזאָגט — וועל איך דיר זאָגען. איך האָב גע־פונען אַן אַלטען שוך אין קעלער, זויג איך איהם שוין דריי טעג. איך האָב אָבער נישט קיין ציינער איהם צוצוקייען. איך זעה, קינד, דו ביזט קראַנק און שוואַך, נאַ־דיר דעם שוך,

ביים אָב א שטיק און דערכאַפּ דיר דאָס האַרץ, דאָס איבע־
ריגע גיב מיר צוריק.

זי האָט דערלאַנגט צפּורה׳ן אַן אלטען פערשימעלטען
שוך. צפּורה איז אויפגעשפּרונגען דערשראָקען און געזאָגט :

— קומט, גוטע אַלטיטשקע, קומט מיט מיר ! ביי
אונז איז נאָך דאָ א ביסעל ראָזינקעס און א ביסעל וויין,
מיר׳ן אייך געבען צו עסען און צו טרינקען.

— שאַ ! — איז די אַלטיטשקע אויפגעשפּרונגען און
מיט איהר האַנד פערמאַכט צפּורה׳ן דאָס מויל ארומקוקענדיג
זיך דערשראָקען אויף אַלע זייטען — שאַ ! שווייג ! אויב
גאָט האָט דיך געבענטשט דו האָסט נאָך די טייערע זאַכען,
וואָס דו זאָגסט, רעד נישט הויך. די פערביטערטע הונגעריגע
וועלען דערהערען און דיך דער׳הרג׳ענען און עס אוועק־
נעמען !

— גאָט ! נאָך דאָס האָסטו געבראַכט אויף אונז ! —
האָט צפּורה געזיפצט — דיינע קינדער זענען געוואָרען ווילד
און איבער א ביסעל עסען דער׳הרג׳עט איינער דעם אַנדערן !

— מאַסענוויים וואַנדערן די הונגעריגע אין די גאַסען —
האָט די אַלטיטשקע איהר דערצעהלט — זיי זוכען אין אַלע
הייזער און ווען איז דעם וואָס זיי געפינען עסען ביי איהם.
זיי טויטען איהם, ווייל זיי האַלטען איהם פאַר דעם רויבער
פון זייער לעבען. ער האָט עסען און זיי הונגערן.

צפּורה האָט אָנגענומען די אַלטיטשקע און זי מיטגע־
פיהרט אין פעסטונג. זי האָט אָבער געפיהלט ווי די פיס
ווערען איהר אָבגענומען. זי קען נישט געהן. האָט זי זיך
אָנגעשפּאַרט אויף דער אַלטיטשקער וואָס איז געגאַנגען גיך
און אַזוי זענען זיי געגאַנגען ביז זיי זענען צוגעקומען צו
דער נשיאים גאַס.

פון איינעם פון די פּאַלאַצען איז אַרוים א מחנה הונ־
געריגע מיט געשוואָלענע פּנים׳ער און בייכער און וואַהנזי־
ניגע אויגען. די מחנה האָט זיך געלאָזט לויפען און א פרוי
האָט זיי נאָכגעיאָגט. די פרוי האָט אויסגעזעהן שוידערליך.
די האָר ווילד צולאָזען, די אויגען אַרוים פון די לעכער, א
בלוטיגער שוים זעצט פון איהר מויל, זי האַלט א פוס פון
א קינד אין האַנד, דאָס פיסעל איז אָבגעזענגט פון פייער. די

פרוי לויפט און שרייט ווילד אויף די הונגעריגע :

— קומט אהער, רויבער ! פערדאָרבענע באנדע ! עסט דאָס פלייש ! דאָס קינד האָב איך געבוירען און אויפגעצויגען, איך האָב איהם געקוילעט און אָבגעבראָטען. איך האָב געוואָלט שטילען מיין הונגער, קומט איהר, פערדאָרבענע לייט, איהר האָט דערשמעקט געבראָטענס, דאָס געשמאַקע עסען, וואס א מאמע האָט זיך געמאכט פון איהר קינד'ס פלייש, קומט איהר צו מיר אהער ? נו, נאָט אייך דאָס פיסעל ! קומט נעמט אייך דאָס גאַנצע געבראָטענס ! מיין טייער קינד ! איך האָב דאָך איהם אזוי ליעב געהאַט ! איך האָב דאָך איהם נאָך אזוי ליעב ! איך קען נישט עסען זיין פלייש ! ניין ! איך וועל שטארבען פון הונגער ! דאָ וועל איך אויסגעהן !

צפורה האָט דערקענט די אונגליקליכע פרוי. זי איז געווען פון די אנגעזעהנסטע. מרים בת אלעזר פון עבר הירדן. אז איהר מאַן איז געשטאָרבען האָט זי גענומען איהר איינציג קינד דואג און זיך בעזעצט אין ירושלים. זי האָט איהם געמאַסטען און געוואוינען און זיין וואָג אין גאָלד האָט זי געגעבען פאר'ן בית המקדש. איצט האָט צפורה געזעהן דעם שוידערליכען סוף פון דעם אונגליקליכען יונגעל און דעם טרויעריגען ענד פון זיין בעטריבטע מוטער.

— בערג ! דעקט מיך צו ! הילען פאַלט איבער מיין קאָפּ !— האָט צפורה ווילד אָנגעהויבען שרייען און איז אומגעפאלען און זיך מעהר נישט געקענט אויפהויבען.

—געוואלד ! העלפט ! ראטעוועט ! — האָט די אלטיטשקע געשריען — ראטעוועט דאס איידעלע מיידעל !

די מחנה הונגעריגע וואס איז ערשט געווען ווילד ווי חיות אז זיי האָבען דערשמעקט פלייש, איז אָנגעלאָפען. מיט זייערע לעצטע קרעפטען האָבען זיי אויפגעהויבען צפורה'ן און מיט טרערען אין די אויגען זי אוועקגעטראָגען אין פעסטונג אנטאָניא.

---

דערשראָקען זיינען אלע זיך צוזאמענגעלאָפען ארום צפורה'ן. זיי האָבען זי מעהר נישט דערקענט. איהר פּנים איז געווען שרעקליך פערענדערט. די אויגען פינסטער און גע־

רונען טרעהרען און זי האָט מעהר נישט געקענט ריידען פאר הייזעריגקייט. זי האָט אָפט געבראָכען מיט דער גאָל.

מרים איז ווילד צוגעלאָפען צו איהר און אָנגעהויבען שרעקליך שרייען. די אַלטיטשקע האָט זי אבער אוועקגעשטופט און אַלעמען ארויסגעטריבען פון צימער. נאָר איהר חתן, שמעון בן יאיר, איז געבליבען. די אַלטיטשקע און שמעון האָבען זי אויסגעטאָן און אוועקגעלייגט אויפ'ן בעט. די אַלטע האָט אויפגעהויבען צפורה'ס העמד און איהר גע־קוקט אונטער די עלענבויגענס און זי האָט פּלוצלונג געשריגען אזוי ביטער:

—אוי, גאָט! דאס וואס איך האָב מורא געהאט האָט זי געקראָגען!

שמעון האָט אויך געקוקט אונטער די עלענבויגענס און ער האָט דערזעהן צוויי לענגליכע רויטע פלעקען.

—אוי! וואס פאר אַן אונגליק! — האָט שמעון אויפ־געשווידערט — דאס איז דאָך די פעסט!

—יא, מיין קינד! — האָט די אַלטיטשקע צוגעגעבען — דאס איז די פעסט. באַלד וועלען די פלעקען זיך צושפרייטען אויף איהר גאַנצען שעהנעם קערפער. דערנאָך וועלען זיי ווערען בלוי און דערנאָך...

—שווייגט! האַלט ס'מויל! — האָט שמעון געשריגען ווילד — שוועסטער מיינע! כלה טייערע! קום צו זיך! איך שענק דיר מיין לעבען! איך וויל קראַנק ווערען ווי דו! איך וויל אָדער לעבען אָדער שטאַרבען מיט דיר אינאיינעם! צפורה טייערע! כלה ליעבע! וואס איז דיר געשעהן!

שמעון האָט געהאַלטען אין איין שרייען. אַלע פון צוויי־טען צימער זיינען זי דצוזאַמענגעלאָפען, געפּאַטשט פאר צער מיט די הענד און געטרויערט:

—איז דאס דאס מוטיגע מיידעל, וואס האָט אונז אַלע־מען בעגייסטערט? אוי, וואס איז אונז געשעהן! דו האָסט דאס זעלבע מזל ווי ירושלים — האָבען זיי געקלאָגט אויף צפורה'ן. אין טאָג פון אונגליק פאר ירושלים האָט זיך גע־טראָפען דאס אונגליק!

—שוועסטער טייערע! פריינדין מיינע! — האָט יהודה, שמעון'ס ברודער געיאָמערט — איך האָב פערלוירען אסתר'ן

איידער איך האָב מיט איהר געשטעלט א חופה. זאָל מיין ברודער נישט זיין אזוי אונגליקליך ווי איך! ווער געזונד, לעב, וועסט חתונה האָבען מיט שמעון'ען וועל איך זיך טרייסטען דערמיט פאר אסתר'ן !...

—ווער געזונד, כלה מיינע! מיין חבר! מיין געליעבטע!

— האָט שמעון געריסען זיך די האָר פון קאָפּ און זיך גע־וואָרפען צו צפורה'ן און זי געוואָלט קושען...

— געה.... אוועק... טייערער... שמעון... — האָט צפורה געשטאַמעלט און געציטערט פאר גרוים קעלט, וואָס האָט זי ארומגענומען — ריהר זיך נישט צו... צו מיר... ריהר זיך נישט צו... צו מיין מויל... אין מיין מויל... איז דער טויט... מיין אטעם איז פול מיט טויט... פערדארבונג... ירושלים'ס גורל טראָג איך... גיב מיר... דיין האַנד... שמעון ליעבער... יהודה, אלעזר... גיט מיר אייער האַנד... שווערט ביי גאָט... אז איהר וועט נישט פארלאָזען ירושלים... אונזער אונגליק־ליכע מוטער... ליעבט זי הייליג... ביז איהר'ט שטארבען... קומען צו מיר... אָדער ביז גאָט וועט זיך דערבארמען און איהר וועט זיך טרייסטען... מיט דער בעפרייטער ירושלים...

— מיר שווערען! — האָבען אלע דריי איהר געגעבען די הענד.

באלד האָט דער קאַלטער פיבער נאָכגעלאָזט און איהרע באקען האָבען אָנגעהויבען ברענען ווי פייער. זי האָט אינ־גאַנצען געברענט פון א שטאַרקע אָנצינדונג.

— וואַסער! אוי! וואַסער! ראַטעוועט מיך פון פייער!

— האָט צפורה זיך געבעטען.

מען האָט גלייך אריינגעבראַכט פריש וואַסער. שמעון האָט איהר דערלאַנגט צום מויל. זי איז אָבער געווען צו־מישט און נישט געטרונקען. צומישט האָט זי געמורמעלט:

— א פייער פון גאָט איז ארוים און אָנגעצונדען דעם היכל... האָט אָנגעכאַפּט דעם באַרג ציון... דעם באַרג מריה... זיי רויכערן... דער באַרג סיני רויכערט אויך... א פייער ברענט אין גאָט'ס פאָלק און מאַכט אש פון אלעם... אין אש קייקעלט זיך גאָט'ס פאָלק... און ווי דאָס אש ווערט עס צו־שפּרייט אויף אלע עקען...

— טרינק א ביסעל וואסער! — האט שמעון זי שטארק געבעטען.

— וואס? — האט זי געפרעגט און נישט געטרונקען — א סך וואסערן קענען נישט פערלעשען די ליעבע... גוטע און שלעכטע זענען איהר אונטערטעניג... יוסיפוס האט געליעבט צפורה'ן... נישט די אונגליקליכע וואס ברענט איצט, נאר דאס גליקליכע מיידעל, וואס האט געבליהט... צפורה האט געליעבט שמעון בן יאיר'ן... אויך אסתר האט געגלוסט צו שמעונ'ען... יהודה האט געליעבט אסתר'ן... און בן־גיורא האט געגלוסט צו אסתר'ן... מרים האט אומבערעכענט גע־גלוכט צו בן־גיורא'ן... איהר ליעבע איז נאר געווען ווי דער שאטען וואס שוועבט פערביי... אונזערע טעג זענען ווי שא־טענס וואס שוועבען פערביי... די מאכט פון אונזערע פיינד איז אויך נישט מעהר ווי א שאטען וואס פערשווינדט... אזוי פיעל שאטענס...

איהר פנים איז פול געווארען מיט די שרעקליכע פלעקען און זיי זענען באלד געווארען בלוי. איהרע אויגען זענען גע־ווארען פערגליווערט, זי האט קוים בעוועגט די צונג און מען האט שווער געהערט וואס זי האט גערעדט.

— ווי גוט איז דאס ליכט פון דער זון... ווי אנגענעהם... גאט וועט נישט אבטאן זיין חסד פון זיין פאלק... זאל זיך פרעהען די אלטיטשקע... זאל זי זוינגען דעם שוך... אויף דער עלטער האט זי געקראגען צייהן... אט בין איך... טאטע... דו רופסט... מיך... איך געה...

דאס זענען געווען איהרע לעצטע ווערטער. לאנג האט זי זיך געראנגעלט מיט'ן טויט ביז ער איז זי בייגעקומען.

די אלטיטשקע האט אלעמען בעשוואוירען ארויסצוגעהן פון צימער און עם פערקלאפען, די פעסט זאל נישט פער־שפרייטען זיך צווישען די איינוואוינער פון פעסטונג.

שמעון האט נישט געוואלט ארויסגעהן. נאר אלעזר האט איהם אנגענומען מיט געוואלט, דערמאנט איהם די שבועה, וואס זיי האבען געגעבען צפורה'ן צו קעמפען פאר ירושלים און ער האט איהם ארויסגעריסען פון צימער. זיי זענען ארוים און ביטער געיאמערט.

די איינוואוינער פון פעסטונג און די קעמפער אויף דער

מויער האָבען דערהערט אז צפורה איז געשטאָרבען, האָבען זיי אויסגעבראָכען אין א גרויס געוויין. דאָס וויינען און קלאָגען איז געוואָרען גרעסער און עס האָט זיך געהערט אין רוימישען לאַגער. האָבען די רוימער זיך געוואונדערט און געזאָגט:

— א גרויסער שר איז היינט געפאַלען ביי אידען...

טיטוס האָט אויסגעקליבען דעם מאָמענט צו בעפאַלען די מויער לעבען פעסטונג אנטאַניא. די פערביטערטע קנאים האָבען אויסגעגאָסען זייער טרויריג הארץ אויף'ן פיינד און געשליידערט אויף די רוימער שטיינער און קלעצער, שטי־קער אייזענס און פלאַקערס און פארנאַכט געצוואונגען דעם פיינד אָבצוטרעטען.

נאָר אז גאָט וויל נישט היטען, איז אומזיסט דאָס היטען פון די וועכטער. די מויער וואָס די רוימער האָבען א גאַנצען טאָג געקעמפט איינצונעמען, איז ביינאַכט אַליין איינגעפאַ־לען. אויף דעם אָרט, וואו די אידען האָבען געגראָבען דעם אונטערערדישען דורכגאַנג צו קענען אונטערצינדען די רוי־מישע שאַנצען, איז די מויער איינגעפאַלען און פלוצלונג אראָפּגעפאַלען אין טאָל מיטשלעפּענדיג שטיקער וואַנד פון פעסטונג אנטאַניא.

יהודה, אלעזר און די קנאים־עלטסטע, וואָס זענען געווען דערשלאָגען פון דעם אונגליק מיט צפורה'ן, האָבען צוטור־מעלטע אָנגעהויבען צולויפען זיך. זיי האָבען מורא געהאַט אז די גאַנצע פעסטונג פאַלט איין. שמעון האָט נישט געוואָלט פערלאָזען דאָס אָרט. ער האָט בעשלאָסען בלייבען און זאָל דער טורעם איינפאַלען אויף איהם און איהם בעגראָבען אינ־איינעם מיט זיין פערשטאָרבענע כלה. די קנאים האָבען איהם מיט געוואַלט אוועקגעשלעפּט און איהם ווידער דערמאָנט די שבועה, וואָס ער האָט צפורה'ן געשוואָרען, אז ער וועט ביז'ן לעצטען אָטעם קעמפען פאַר ירושלים. דעמאָלט האָט ער זיך געלאָזט פיהרען פון זיי און די גאַנצע קעמפענדע ארמעע איז מיטגעגאַנגען.

די רוימער האָבען געזעהן אז די מויער איז איינגעפאַלען זענען זיי געקומען צולויפען און זיך געוואָלט אריינרייסען אין שטאָדט. פערוואונדערט זענען זיי געבליבען שטעהן, אז

זיי האָבען דערזעהן פאר זיך א נייע מויער וואָס פערשטעלט זיי דעם וועג. און אויף דער מויער שטעהן אידישע קעמפּער גרייט צו שלאָגען זיך אויף לעבען אָדער טויט און זיי צור־ריקגעשטויסען.

יוחנן פון גוש־חלב האָט מיט א צייט צוריק בעמערקט שפּאלטען אין דער איינגעפאלענער מויער, האט ער מורא געהאַט אז זי וועט איינפאלען און גלייך גענומען בויען א נייע מויער אינווייניג. ער האָט זי געבויט אזוי פעסט, אז זי האָט געקענטביישטעהן די שטאַרקסטע אַטאַקעס.

צוויי טעג זיינען די רוימער געשטאַנען אַנטקעגען דער נייער מויער און נישט געוואגט זי שטורמען. זיי האָבען מורא געהאַט פאר די העלדישע אידישע קעמפּער. טיטוס האָט זיי בעפוילען שטורמען, זיי האָבען זיך אָבער נישט גע־ריהרט.

— איהר מעגט זיך שעמען פאר די אידען ! — האָט טיטוס געזאָגט צו זיינע סאָלדאַטען — די אידען זיינען קלו־גער פאר אייך, מוטיגער און שטאַרקער.

אין טורעם פון פעסטונג זענען נאָר געבליבען עטליכע קנאים. אלעזר און יוחנן האָבען נישט געוואָלט צולאָזען מעהר קיינעם צום טורעם, די פעסט זאָל זיי נישט אנשטעקען און ברענגען אונגליק אויף דער גאנצער אידישע אַרמעע.

אויף דער דריטער נאַכט האָבען צוואַנציג העלדישע רוי־מער זיך אריינגע׳גנב׳עט אין טורעם און דער׳הרג׳עט די וועכטער און פלוצלינג אָנגעהויבען טרומפּייטערן אלס סיג־נאַל אויף קריעג. די אידישע וועכטער אויף דער מויער האָ־בען זיך דערשראָקען. אין דער פינסטער האָבען זיי געמיינט, אז די גאַנצע רוימישע אַרמעע איז אריין אין פעסטונג און זיי זענען אַנטלאָפען צום בית המקדש צו פערטיידיגען גאָט׳ס הויז פון פיינד.

האָט טיטוס דערוויל אריינגעפיהרט זיין ארמעע און פערנומען די פעסטונג און דערנאָך האָבען זיי נאָכגעיאָגט די אַנטלויפענדע אידען ביז צו די מויערן פון בית המקדש. דאָ האָט זיך צופלאַקערט אזא פורכטבאַרע און גרויזאַמע שלאַכט וואָס ירושלים האָט דאָס קיינמאָל נישט געזעהן.

די קריגער פוןביידע זייטען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָ־

פען אויף א קליין פּלאַץ. דער צוזאַמענשטויס איז געווען מורא'דיג. עס איז נישט געווען קיין אָרט אויף שיסען, האָבען ביידע מחנות זיך געוואָרפען איינע אויף דער אנדערער מיט שווערדען און שפּיזען און די וואָס זענען געשטאַנען אין פראָנט זענען צוטראָטען געוואָרען פון זייערע חברים, וואָס זענען אונטערגעקומען.

אז די אידישע קעמפער האָבען געזעהן אז זיי קענען נישט צוריקטרעטען, האָבען זיי זיך פערביטערט געוואָרפען אויפ'ן שונא מיט שרעקליכע ווילדע געשרייען, אז די ערד האָט געציטערט. די מלחמה האָט געדויערט פון ניין ביינאַכט ביז זיבען אינדערפריה. ענדליך האָבען די אידען געזיעגט און העפטיג צוריקגעשטויסען דעם שונא, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אין פעסטונג אנטאָניא. די רוימער האָבען זיך געטרייסט וואָס פאר די גרויסע פערלוסטען האָבען זיי איינגענומען די פעסטונג.

אין דער שלאַכט האָבען שמעון בן יאיר און זיין ברודער יהודה זיך אזוי שטאַרק אויסגעצייכענט, אז די רוימער האָבען געערדט וועגען זיי מיט בעוואונדערונג. די שבועה וואָס זיי האָבען געגעבען צפּורה'ן האָט זיי אָנגעפילט מיט וואונדערליכען מוטה און זיי האָבען בעוויזען איבערמענשליכע קראַפט אין קאַמף.

די פעסטונג אנטאָניא איז אָבער געווען פערלוירען. זיי האָבען מעהר נישט געקענט פערטרייבען דעם שונא. פיעל העלדישע קנאים זענען אין דער מלחמה געפאַלען. אלעזר בן שמעון, דער קאָמאַנדיר פון פעסטונג, איז אויך גע'הרג'עט געוואָרען. און די איידעלע מרים איז געוואָרען אן אלמנה. וויפיל און עלענט האָט זי זיך ארומגעדרעהט צווישען די אַנדערע אונגליקליכע פרויען, וואָס די קנאים האָבען געראַטעוועט און געבראַכט אויפ'ן הר־הבית.

אויף טיטוס'עס בעפעהל איז די מויער פון פעסטונג צושאָסען געוואָרען ביז'ן גרונד. עס זאָל זיין א ברייטער פרייער וועג פאר'ן רוימישען מיליטער צו געהן אויף די אידען.

דעם זעלבען טאָג האָט מען אויפגעהערט מקריב צו זיין דעם תמיד, ווייל עס איז מעהר נישט געווען קיין בהמה פאר

א קרבן. דאָס איז געווען שבעה עשר בתמוז.

אומזיסט האָט אָבער טיטוס געהאָפט, אז איצט וועלען די קעמפער זיך אונטערגעבען. זיי זענען געבליבען איינגע־שפּארט. און אז יוסיפוס האָט געבעטען די קעמפער זיי זאָלען זיך אונטערגעבען, האָט איהם יוחנן פון גוש־חלב גוּענט־פערט שארף:

— מיר זאָרגען נישט פאר דער הייליגער שטאָדט און גאָט'ס הויז. גאָט וועט זיין א פייערדיגער מויער ארום זיי און וועט אונז שיקען זיין הילף אין אן עת צרה...

טיטוס האָט דאָס געהערט און ער האָט געברענט פאר כעס און ביינאכט האָט ער געשיקט זיינע העלדישסטע קריעגער, זיי זאָלען בעפאלען דאָס בית המקדש און זאָלען זיך אריינרייסען אינווייניג. די אידישע וועכטער האבען דער־הערט זייערע טריט און געגעבען א סיגנאל, זענען אלע קנאים אָנגעלאָפען. אין דער פינסטער האָבען זיי אָבער נישט געזעהן און איינער האָט געשטאָכען און געקוילעט דעם צווייטען. זיי האָבען זיך נישט געריהרט פון אָרט ביז ס'איז געוואָרען ליכטיג.

דעמאָלט האָבען זיי זיך צוטיילט אויף גרופען און אָנ־געהויבען בעקעמפען די רוימער מיט וואונדערליכען מוטה. טיטוס מיט זיינע גענעראלען זענען געשטאנען אויף די טור־רעמס פון פעסטונג, צוגעקוקט די שלאכט און מיט ווילדע געשרייען בעגייסטערט די רוימישע סאָלדאטען.

זייער מיה איז אָבער געווען אָהן ערפאָלג. די אידישע קעמפער האָבען געצייגט גרויסע וואונדער ביים פערטיידיגען דאָס בית המקדש. זיי זענען געווען פלינקער פון די אדלער און שטארקער פון לייבען. אכט שעה האָט געדויערט דער קאמף און די רוימער האָבען געמוזט אָבטרעטען מיט גרויס בושה.

אויך אין דעם פורכטבארען קאמף האט שמעון בן יאיר זיך שטארק אויסגעצייכענט. יוחנן פון גוש־חלב און בן־גיורא פון איין זייט און טיטוס מיט זיינע גענעראלען פון דער צוויי־טער זייט האָבען איהם בעוואונדערט. שמעון האָט געצויגען זיין שווערד און צפורה'ס פּנים האָט געשוועבט פאר זיינע אויגען און ער האָט דערשטאָכען מאסען רוימער.

נאכדעם ווי די רוימער האָבען צוטראָגען די פעסטונג־מויער האָבען זיי געהאַט אַ ברייטען פרייען וועג צו די מויערן פון בית המקדש. האָבען זיי אוועקגעשטעלט פיער שאַ־צען געגען איבער די זיילען אויף צפון און אויף דרום. טאָג און נאַכט האָבען די קנאים געשליידערט אויף זיי שטיי־נער און פיילען, זיי האָבען זיך אָבער געשיצט אונטער זייערע פאַנצער־מאַשינען.

דעמאָלט האָבען די רוימער בעלאַגערט דאָס בית המקדש און די אידישע קעמפער זענען דאָרט געווען פערשלאָסען ווי אַ פויגעל אין שטייג. אין די בית המקדש אוצרות איז ניט גע־ווען מעהר קיין שפייז, נאָר אַ ביסעל פייגען, וואָס זענען געוואָרען ווייניגער פון שעה צו שעה, ווייל מען האָט דאָך געמוזט שפייזען די וואָס זענען אַנגעלאָפען אהער צו ראַ־טעווען זיך דאָס לעבען, ווען די פעסטונג איז געפאַלען.

די קנאים האבען בעשלאָסען דורכצורייסען זיך דורך דער רוימישער ארמעע, וואס איז געשטאַנען אויפ׳ן הר הזיתים אויף מזרח פון הר הבית און ארויסגעהן אויף דער פריי. דארט האבען זיי געוואלט בעפאלען דעם פיינד׳ס שפייכלער מיט שפייז און ראטעווען די שטאָדט פון הונגער.

ביז זיי זיינען אבער צוגעקומען צו דער גרויסער שאנץ, וואס האט ארומגערינגעלט דער שטאָדט און ביז זיי האבען זיך דורכגעריסען, איז אנגעלאָפען אַ מעכטיגע מחנה רוימער און זיך געשטעלט אנטקעגען און ווי אַ פעסטע מויער פער־צוימט דעם וועג און זיי נישט געלאָזט מאכען אַ טריט פאָראויס.

עס איז ווידער אויסגעבראכען אַ שווערע, בלוטיגע שלאַכט. די אידען האבען אומזיסט פערשווענדעט זייערע קרעפטען. וויפיעל רוימער זיי האבען אויסגע׳הרג׳עט זענען צעהן מאָל אזוי פיעל פרישע סאָלדאטען אנגעקומען און די אידען האבען געמוזט אבטרעטען און זיך בעפעסטיגען אין בית המקדש.

די קנאים האָבען איינגעזעהן, אז די זיילען און די קאַ־מערן פון צווישען פעסטונג און בית המקדש מיט די גרויסע באלקענעס אין דער הויך קענען דינען פאר דעם פיינד אלס וועג זיך ארייגצורייסען אין בית המקדש, און דער שונא קען

זיך נאָך אוועקשטעלען אויף זיי און בעשיסען די אידישע קעמפּער, האָבען זיי בעשלאָסען נישט חס זיין אויף דער וואונדערליכער שעהנקייט פון די קאמערן און זיילען און זיי בעסער פערניכטען איידער זיי זאָלען דינען פאר הילף פאר'ן פיינד.

דאָס ערשטע האָבען זיי אונטערגעצונדען די גרויסע קאַמער און זאַל וואָס איז גלייך לעבען פעסטונג, וואו די רוימער זענען געשטאַנען. די רוימער האָבען אויך מורא געהאַט פאר די קאמערן, די אידען זאָלען נישט אַרויף אויף זיי און אָנהויבען די אטאַקע פון דער הויך, האָבען זיי אונטערגעצונדען דעם צווייטען זאַל און קאַמער.

האָבען די אידען בעשלאָסען אָבצונאַרען די רוימער און זיי דערלאַנגען א גרויסען קלאַפּ. זיי האָבען בייגאַכט אָנגעלייגט אין מערב זאַל א סך טרוקען האָלץ, פּעך און שוועבעל. אין דער פריה זענען זיי אַרויף אויפ'ן דאַך, ווי זיי וואָלטען זיך געגרייט אטאַקירען די רוימער. זענען די רוימער אַרויס אַנטקעגען זיי, האָבען די אידען אָבגעטראָטען, ווי זיי וואָלטען זיך דערשראָקען. דעמאָלט האָבען די רוימער געכאַפּט לייטערס און גיך אַרויף אויפ'ן דאַך. מאַסענווייס זענען זיי אַרויף אויפ'ן דאַך און געיובעלט פאר פרייד, וואָס זיי האָבען אזוי גיך פערכאַפּט די פּאָזיציע.

פּלוצלונג האָט אָנגעהויבען זעצען א דיקער רויך און גרויסע פלאַמען האָבען זיך געריסען פון קאַמער. אלע רוימער אויפ'ן דאַך זענען פערברענט געוואָרען און די וואָס האָבען אַראָפּגעשפּרונגען זענען צושמעטערט געוואָרען אויף די שטיינער. טיטוס מיט זיינע גענעראַלען האָבען מיט פערדראָס צוגעקוקט די מפּלה פון זיינע סאָלדאַטען, זיי האָבען אָבער גאָרנישט געקענט העלפען. די רוימער וואָס זענען אַנגעלאָפען און געוואָלט ראַטעווען זייערע חברים, האָבען געקראָגען שווערע וואונדען פון די צופאַלענדע ברענענדיגע באַלקענס און די שטיקער פייער וואָס זענען געפלויגען אויף אַלע זייטען.

דערווייל האָבען די רוימער אָנגעשטעלט זייערע שאַנצען אויף דער מערב־מויער פון בית המקדש און די שטורם־בעק איינצוברעכען די מויער. זעקס טאָג האָבען זיי שווער

געהאָרעוועט און נישט געקענט איינברעכען די פעסטע מויער. די קאָלאָסאַלע שטיינער פון דער מויער זענען געווען אזוי פערפעסטיגט, אַז די שטורם־בעק זענען צושמעטערט געוואָרען און די מויער איז געבליבען נישט געריהרט.

האָבען די רוימער אוועקגעשטעלט לייטערס ביי דער מויער און געוואָלט מיט שטורם זיך אַרויפרייסען. די אידישע קעמפּפער האָבען זיי נישט געשטערט און זיי געלאָזט אַרויפ־געהן אויף די לייטערס. נאָר אַז זיי זענען שוין געווען ביים שפּיץ מויער זענען די קעמפּפער העפטיג אַרוים אַנטקעגען זיי און זיי צוהאַקט מיט די שווערדען און מיט קראַפט האָ־בען זיי די לייטערס אומגעוואָרפען. די אַלע רוימער וואָס זענען געשטאַנען אויף די לייטערס זענען מיטגעפאַלען און צושמעטערט געוואָרען אויף שטיקער, פאַלענדיג אויף די שטיינער פון הויף.

---

ארום דעם הויכען הר הבית איז געווען א זעהר הויכע און פעסטע מויער. אמאָל איז דער באַרג געווען קליין און שמאָל. הונדערטער יאָהרען האָבען אָבער די אידען אויסגע־געבען מאַסען גאָלד צו פערברייטערען און פערגרעסערען דעם באַרג. זיי האָבען אַרומגערינגעלט דעם באַרג מיט א שטיי־נערנעם פונדאַמענט אויף דריי הונדערט פוס טיעף ביז אין טאָל אַריין. די שטיינער פון פונדאַמענט זענען געווען אומ־געהייער גרויס און פערציג איילען לאַנג.

אויף דעם פונדאַמענט איז געשטאַנען די פעסטע מויער מיט פינף טויערן. אינוויינינג אויף אַלע פיער זייטען זענען געשטאַנען די ווייס־מאַרמאָרנע זיילען. יעדער זייל איז גע־ווען אויסגעהאַקט פון איין מאַרמאָר שטיין און געווען הויך פינף און צוואַנציג איילען. אויף יעדען שפּיץ זייל איז געווען א קרוין פון קאָרינטיש קופּער וואָס איז טייערער פון גאָלד. איבער די זיילען איז געווען א גרויסע פּלאַטפאָרם פון צע־דער־האָלץ אויסגעפלאַסטערט מיט פערשידענפאַרביגע שטיינדלאַך. די באַלקענס פון פּלאַטפאָרם זענען געווען וואונדערליך אויסגעאַרבייט און זעלטען שעהן דעקאָרירט.

עס זענען אויך געווען מאַרמאָר זיילען אזוי הויך ווי פּופּ־

ציג און הונדערט איילען און אזוי דיק אז דריי מענשען האָבען נישט געקענט ארומנעמען איין זייל.

צווישען די זיילען איז געווען בענק צו זיצען, קראָמען צו האנדלען און צו פערקויפען בהמות און טויבען פאר קרבנות. דאָס איז געווען אויף דרום־זייט.

אויף מזרח־זייט זענען געווען בעזונדערע זאלען צום דאווענען, פאר די דרשות פון די חכמים, פאר'ן קליין־סנהדרין און פאר פאָלקס־פער:אמלונגען.

דער גאנצער שטח אינוויייניג פון מויער איז געווען צו־טיילט אויף צוויי. דער אויסערליכער הויף און דער אינער־ליכער. אין אויסערליכען הויף האָבען געמעגט קומען גע־צענדינער. א שטיינערנע וואנד מיט שעהנע זיילען איז גע־ווען די גרעניץ ביז וואנען די געצענדינער האָבען געמעגט זיין. אויף די זיילען איז געווען אויפגעשריבען אויף גריכיש און רוימיש א ווארנונג:

"קיין פרעמדער זאָל נישט אריינקומען אין הייליגקייט. דער וואָס וועט עובר זיין אויף דעם, פאלט זיין בלוט אויף זיין קאָפּ".

ווייטער פון דער וואנד איז געווען דער חל, צעהן איילען ברייט, מיט צוועלף טרעפּען, דורך וואנען מען איז אריינגע־גאנגען אין אינערליכען הויף, וואָס איז געווען ארומגערינ־געלט מיט א בעזונדערע מויער. אין דער מויער איז געווען דרייצעהן טויערן. אלע טויערן פון דער מויער זענען געווען צוואנציג איילען הויך און צעהן איילען ברייט. יעדעס טויער האָט געהאט צוויי טירען בעדעקט מיט גינגאָלד. אלע באל־קענס, ביישטידלען זענען אויך געווען בעשלאָגען מיט גאָלד, נאָר דער טויער נקנור איז געווען בעדעקט מיט טייערן קאָ־רינטיש קופער.

דער אינערליכער הויף איז נישט געווען אינמיטען פון הר הבית, נאָר נאָהנט צו מערב־זייט, וואו ס'איז געווען דאָס קדשי קדשים. גאנץ מערב־זייט איז געווען א גרויסער גאָר־טען פון וואונדערליכע רויזען. דער אינערליכער הויף איז אויך געווען צוטיילט אויף צוויי. אין מזרח־טייל איז געווען די "עזרת נשים", די "עזרת ישראל" און די "עזרת כהנים". די הינטערשטע עזרה איז געווען העכער פון דער פאָדערשטער

און צווישען זיי — טרעפּען. אין מערב־זייט פון אינערליכען חויף איז געווען דאָס בית המקדש, צוטיילט אויף דריי : דער אולם, דאָס היכל און דאָס קדשי קדשים.

די "עזרת נשים" איז געווען הונדערט פינף און דרייסיג איילען לאַנג און אַזוי־פיעל — ברייט. אין דער הויך זענען געווען באַלקאָנעס, וואו די פרויען זענען געשטאַנען און צו־געקוקט די "שמחת בית השואבה". פופצעהן איילען העכער איז געווען די "עזרת ישראל" מיט דעם טויער ניקנור. אַ טויער האָט אָרומגערינגעלט די "עזרת ישראל" און "עזרת כהנים". אין דער טויער זענען געווען ברייטע בענק צום זיצען.

צוויי איילען און אַ האַלב העכער איז געווען די "עזרת כהנים". אַרום איז געווען פיער טרעפּען און אויף די אויבערשטע דריי טרעפּען איז געווען דער דוכן, וואו די לויים זענען געשטאַנען און געשפּילט און געזונגען. דאָרט איז גע־ווען דאָס האַנד־פאַס, דאָס מזבח, אַ מאַרמאָרנער טיש און אַ זילבערנער.

דאָ האָט זיך די פּאָדלאָגע געהויבען העכער און אויף צוועלף טרעפּען איז מען אַריינגעקומען אין אולם. ביים אַריינגאַנג אין אולם איז געהאַנגען אַ וואונדערליך אויסגע־שטיקטע פאָרהאַנג פון צוואַנציג איילען ברייט און פערציג איילען לאַנג. אין אולם איז געווען אַ מאַרמאָרנער טיש און אַ גאָלדענער טיש פאַר דעם "לחם הבנים". אויף די ווענד האָבען געהאַנגען דיקע גאָלדענע קייטען און די יונגע כהנים האָבען געקלעטערט אויף זיי.

דאָס היכל איז געווען פון ווייסען מאַרמאָר מיט גינגאָלד בעשלאָגען. זעקס איילען דיק זענען געווען די ווענד מיט אַ טויער צוואַנציג איילען הויך און צעהן איילען ברייט. אין טויער איז געווען טאָפּעלטע טירען און אַזוי שווער, אַז אַ סך לויים האָבען געמוזט שווער ארבייטען ביז זיי האָבען געקענט עפענען די טירען. אַז מען האָט זיי פערמאַכט איז דער רעש געווען אַזוי שטאַרק, אַז ס'האָט זיך געהערט זעהר ווייט.

אין דרויסען איבער'ן טויער פון היכל איז געשטאַנען אַ

גאלדענער וויינשטאק און די שווערע הענגלען זענען געוועזן אנגעשפארט אויף צעדערנע שטעקענס. דער וויינשטאק איז געווען פול מיט בלעטער, בלומען, קערנער און הענגלען פון טייערסטען גאלד, וואס די רייכע אידען האבען געשאנקען צו בעשעהנען דעם וויינשטאק. איבער׳ן וויינשטאק איז געווען א גאלדענער לייכטער מיט א גאלדענעם באלעם, וואס די קעניגען העלענא האט געשאנקען און אז די זון האט געשיינט האט דער גאלדענער באלעם געגאסען מיט גאלד ארום און ארום.

אין היכל איז געווען די מנורה, דער שלחן הזהב פאר׳ן לחם הפנים, וואס איז גענעהנט געווארען און דער גאלדענע מזבח פאר קטרת. אויףביידע זייטען פון היכל זענען געווען צוויי גאלד־פים ארויפצושטעלען אויף זיי דאס בלוט פון שטיר און דאס בלוט פון ציגעלע אום יום־כפור.

אין עק היכל אויף מערב־זייט איז געווען דאס קדשי קדשים. צוויי טייערע פרכת׳ען האבען אבגעטיילט דאס קדשי קדשים פון היכל. אין קדשי קדשים איז מעהר נישט געווען ווי דער "אבן שתיה", וואס דער כהן גדול האט יום־כפור ארויפגעשטעלט אויף איהם די פייער־פאן מיט קטרת.

דער אולם איז געווען עלף איילען לאנג און זיבעציג איילען ברייט. דאס היכל — צוואנציג איילען לאנג און צוואנציג איילען ברייט. זיי האבען געהאט איין הויך — פערציג איילען.

אין בית המקדש איז נאך געווען א סך צימערן, קאמערן, באלקאנעס און אויבערשטובען פאר די דינסט־כלים און הייליגע אוצרות. אויך פיעל טויערן און טירען, בריקען און טרעפען, וואס האבען פערבונדען די פערשידענע געביידעס.

א קוואל וואסער האט זיך געצויגען אין פערש־ידענע ערטער. דאס וואסער איז גענוצט געווארען צום טרינקען, קאכען, וואשען און צו טובל זיין.

אויפ׳ן דאך פון בית המקדש איז געווען א גאניק דריי איילען הויך, פול בעזעצט מיט שארפע שפיזען בעשלאגען מיט גאלד, די פויגעל זאלען נישט מאכען דארט זייערע נעסטען און בלייך־אבלייטערס.

די שטיינער פון בית המקדש זענען געווען פון ווייסען

וואונדערליכען מאַרמאָר, וואָס האָט געבלענדט די אויגען פון ווייסקייט. יעדער שטיין איז געווען פינף און פערציג איילען לאַנג, זעקס איילען ברייט און פינף איילען הויך. דאָס בית המקדש איז געשטאַנען צוויי און צוואַנציג איילען העכער פון אויסערליכען הויף, האָט מען ארויסגעזעהן דעם וואונדערליכען בנין. זיינע בלענדענדע ווייסע וועגד און דאָס גאָלד וואָס האָט בעדעקט די טויערן, פענסטער, באַל־קענס, ראַמען, גאַניק, דאַך און שפּיזען האָט אויסגעזעהן פון ווייטען ווי א בארג שניי שפּילט זיך אין פייער...

די געצענדינער האָבען פון ווייטענס געזעהן דאָס בית המקדש און געשטוינט פאַר גרויס וואונדער. מען האָט דער־מאָלט געזאָגט אז "דער וואָס האָט נישט געזעהן דאָס בית המקדש וואָס הורדוס האָט געבויט האָט קיינמאָל נישט גע־זעהן א שעהנעם בנין."

איטליכער איד וואָס איז געקומען נאָך ירושלים און האָט געזעהן די פּראַכט פון בית המקדש, איז זיין הארץ גע־וואַקסען פאַר גרויס פרייד און הייליג גליק. יעדער האָט דאָ געזעהן גאָט'ס עהרע אין הייליגען הויז, אין דער הייליגער שטאָדט, אין הייליגען לאַנד, וואָס גאָט האָט אויסגעקליבען צו רוהען צווישען זיין געליעבט פאָלק.

דאָס בית המקדש האָט הורדוס געבויט. צעהן יאָהר האָט געדויערט דאָס בויען. דערנאָך איז אבער די ארבייט נאָך אַלץ נישט געווען געענדיגט. מען האָט געהאַלטען כסדר אין ארבייטען צו פערפאָלקאָמען און פערפּוצען דאָס בית המקדש. דריי און זיבעציג יאָהר האָט מען נאָך געאַרבייט אין בית המקדש אויף די פערפּוצונגען און דעקאָראַציעס ביז דער צייט פון דעם רוימישען גובערנאַטאָר געסיוס פלאָרוס.

דעמאָלט האָבען אַכצעהן טויזענד ארבייטער געענדיגט זייער ארבייט אין בית המקדש. דאָס פאָלק האָט געוואָלט אגריפּאַס זאָל בויען א נייען אולם. דאָס האָט אגריפּאַס נישט נאַכגעגעבען, ער האָט אבער דעמאָלט אויסגעפלאַסטערט אַלע גאַסען מיט מאַרמאָר שטיינער.

שמעון בן יאיר איז אריינגעגאַנגען אין מערב זאָל זעהן וואָס מרים מאַכט. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין שוואַרצען און געזעסען טרויעריג אין א ווינקעל. לעבען איהר צופוסענס

איז געזעסען די אלטיטשקע וואס האט געבראכט די קראנק געווארענע צפורה, מאסארוס, מרים'ס געוועזענער דינער, האט געבראכט מרים'ען פייגען, וואס ער האט געקראגען אלס לוין פאר העלדישקייט.

— פריינד! פארוואס זאלסטו אבשפארען דעם ביסען פון דיין מויל? — האט מרים געזאגט מאסארוס'ען — איך ווייס אז מען טיילט איצט זעהר ווענינ פייגען אפילו צו די קעמפער, אז דו גיסט מיר אוועק דיין חלק וועסטו דאך מארגען הונגערן.

— זארג זיך נישט, הארנטע — האט מאסארוס געזאגט — איך וועל נאך קריגען א סך פייגען. איך האב אבגעמאכט מיט'ן קאמאנדיר יוחנן, ער זאל מיר געבען א פייג פאר יעדען אבגעהאקטען קאפ פון א רוימער, נאך א סך רוימישע קעפ וועל איך אבהאקען און קריגען א סך פייגען.

מרים האט גענומען די פיער פייגען וואס ער האט איהר געגעבען און זי האט זיך געטיילט מיט דער אלטיטשקער. און די אלטיטשקע האט זיך געבעטען:

—ערלויבט מיר זיך טיילען מיט יענער אלמנה, וואס זיצט אין ווינקעל, זי איז ערשט געקומען פון שטאדט מיט איהרע צוויי קינדער. זיי געהען אוים פון הונגער. איך וועל זיי אונ־טערלעהנען דאס הארץ.

— גוטע אלטע, האלט אייך די פייגען — האט שמעון גע־זאגט געריהרט — קומט מיט מיר צו דער אונגליקליכער אלמנה, איך וועל איהר געבען עפעס עסען.

די אלטע האט זיך אויפגעהויבען און אוועק מיט שמעון'ען צו דער פרוי. אין דער רגע האבען עטליכע מענער און פרויען ארומגערינגעלט די אלמנה, זי איז אויסגעגאנגען.

— וואויל איז איהר! זי וועט זיך מעהר נישט פייניגען ווי מיר וואס לײדען אהן האפנונג — האט זיך אנגערופען א פרוי אין א זיידענע קלייד און איהר געשוואלען פנים און די צופלאצטע ליפען פון געדערים אנצינדונג האבען געוויזען סימנים אז זי וועט נישט לאנג ציהען.

— מיר לײדען אהן האפנונג? — האט א פרוי אין א פראסט קלייד מיט א קינד אויפ'ן אקסעל איהר געענטפערט

— דאס קען נאָר זאָגען אזא רייכע פרוי ווי דו. די רייכע האָ־בען פערלוירען דאס גלויבען און ווערען גלייך ענטטוישט.

—ס'איז א גרויסע זינד זיך מיאש צו זיין אין א שלעכ־טע צייט — האָט זיך אָנגערופען א מאַן וואס איז געווען אָנ־געטאָן ווי א פרוש.

—דיר איז גרינג צו רעדען מוטיג — האָט די רייכע גע־זאָגט צו דער פראָסטער מיט'ן קינד — דו האָסט א מאַן וואס פאַשעט דיך מיט פייגען. איך בין אבער א וויסטע אלמנה, הונגער שוין אכט טאָג און קיינער דערבארימט זיך נישט אויף מיר.

—ווער איז די פרוי וואס איהר מאַן פאַשעט זי מיט פייגען? — האָט שמעון געפרעגט די ארומשטעהענדע.

— זי איז דעם בעוואוסטען קעמפער יונתן'ס ווייב.

שמעון האָט א ציטער געטאָן. נאָר וואָס, ווען שמעון איז אוועק פון דער מויער איז יונתן געפאַלען טויט פון א רוימישע פייל.

דער העלד יונתן האָט געשטאַמט פון פראָסטען פאָלק. ער איז געווען קליין און מאָגער און זיין פנים האָט נישט געציינט דעם מוטה, וואָס ער האָט פערמאָגט. אין יעדער אטאַקע האָט ער זיך אויסגעצייכענט און געוואָרען בעריהמט.

איידער שמעון איז אראָפּ פון מויער איז יונתן געשטא־נען אויף דער וואך און ער האָט בעמערקט צוואַנציג בעוואַ־פענטע רוימער קריכען אויף א לייטער און ווילען זיך ארויפ־רייסען אהין וואו ער איז געווען דער איינציגער וועכטער.

יונתן האָט גיך אָנגעכאַפּט די לייטער און זי אָנגעהויי־בען טרייסלען אזוי לאַנג ביז די רוימער זענען אראָפּגעפאַלען און צושמעטערט געוואָרען אויף שטיקער. א רוימישע אָב־טיילונג איז געשטאַנען פונווייטענס און דאס געזעהן, האָט דאס זיי געקאָכט און געברענט, האָט יונתן זיך אוועקגע־שטעלט שטאָלץ, זיי געזידעלט און גערייצט:

— אָט בין איך נאָר א איד, וואָס ווערט בעלאַגערט. איהר זענט דאָך די מעכטיגע רוימער וואָס בעהערשען די וועלט, קלייבט אויס אייער גרעסטען העלד און זאָל ער קו־מען צו מיר זיך שלאָגען, וועט איהר זעהן, וואָס איך וועל מאכען פון איהם!

ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אראָפּגעלאָזט אויף אַ שטריק צו די רוימער. צוערשט האָבען זיי זיך נישט אומגעקוקט אויף איהם. די ריעזיגע רוימער האָבען געהאַט נאָר פעראַכטונג פאר דעם קליינעם דארען אידען. ער האָט זיי אָבער כסדר געזידעלט, גערייצט זיך מיט זיי און געפּאָדערט דער שטאַרקסטער רוימער זאָל ארויסטרעטען אין קאַמף מיט איהם. דאָס האָט שוין פערדראָסען אַ ריעזיגען רייטער און ער האָט זיך געלאָזט לויפען צו איהם מיט דער שפּיז אין איין האנד און דעם פּאַנצער אין דער צווייטער האנד.

איז יונתן פּלוצלונג צוגעשפּרונגען צו איהם און אין אַ רגע דערשטאָכען צום טויט. אויפגערעגט האָט יונתן געטרעטען מיט די פיס דעם טויטען רייטער, האָט צוגענומען זיין אוניפאָרם און געוועהר און ארויפגעצויגען זיך מיט דעם שטריק אויף דער מויער.

דער עלטסטער פון דער רוימישער רייטער אָבטיילונג וואָס האָט פערלוירען דעם העלדישען רייטער איז געווען אין כעס אויף יונתן און ווי ער האָט געקלעטערט אויף דער מויער האָט ער אריינגעשאָסען אַ פייל אין זיין הארץ און איהם געטויט אויפ׳ן אָרט.

די אידען זענען געווען שטארק אויפגערעגט און בעדויערט יונתן׳ס טויט און די רוימער האָבען געשפּרונגען פאר פרייד. יונתן האָט פעראייביגט זיין נאָמען מיט זיין טויט. זיין פרוי האָט אָבער נאָך נישט געוואוסט פון אונגליק, אַז זי איז שוין אויך אַן אלמנה ווי די פרוי וואָס איז זי מקנא פאר די פייגען, וואָס דער מאַן ברענגט איהר.

שמעון האָט געהייסען די אלטישקע זאָל אוועקפיהרען די צוויי יתומים׳לעך, וואָס זייער מוטער איז נאָר וואָס געשטאָרבען פון הונגער, צו מרים׳ען, ער וועט באלד קומען און זיי בעזאָרגען מיט אַ ביסעל עסען. און ער איז אוועק אין אַן אנדער ווינקעל, וואו געשוואָלענע הונגעריגע האָבען געשמועסט וועגען דעם גרויסען קאַמף און זיין סוף.

— אומזיסט איז אונזער האָפנונג — האָט איינער געזאָגט — די צייכענס פון הימעל האָבען שוין אָנגעזאָגט, אַז ירושלים וועט חרוב ווערען און דער הר־הבית — וויסט.

— מען איז שוין נישט מקריב דעם תמיד, די פעסטונג אנטאָניא איז געפאַלען. אַלץ וועט באַלד געהן פערלוירען — האָט אַן אַנדערער צוגעגעבען.

— הערט דאָך אויף מיט אייערע יאוש־רייד! — האָט אַ דריטער אויף זיי אָנגעשריגען — זעהט איהר דען נישט, אַז אַלע צרות זענען נאָר ווייל באַלד וועט קומען משיח? מיר האָבען איצט משיח׳ס צייטען.

— אויב עס וואָלט געווען ווי דו זאָגסט — האָט אַ פירטער געפרעגט — וואָלט דאָך רבי יוחנן בן זכאי זיך נישט אַרויסגע׳גנב׳עט פון ירושלים און געלאָפען בעטען דעם פיינד, ער זאָל איהם ערלויבען גרינדען אַ ישיבה אין יבנה? רבי יוחנן בן זכאי האָט געזעהן מיט רוח הקודש, אַז דאָס בית־המקדש וועט חרוב ווערען, האָט ער כאָטש געוואָלט מציל זיין די תורה.

— ווען ס׳וואָלט געווען אַזוי שלעכט — האָט נאָך איינער זיך אריינגעמישט — וואָלט דער נשיא נישט געבליבען אין ירושלים און די מעהרסטע תלמידים זיינע וואָלטען נישט צוגעשטאַנען צו די קנאים. עס איז יאָ דאָ אַ האָפנונג.

— ווען עס וואָלט געווען אַ האָפנונג, וואָלט דעם נשיא׳ס איידים רבי אליעזר בן הורקנוס און זיין חבר רבי יהושע בן חנניה נישט איבערגעלאָזט דעם נשיא און אוועק מיט רבי יוחנן בן זכאי נאָך יבנה צו פערשפּרייטען די תורה.

—יאָ, וואָס מאַכט עפּעס דער נשיא? מיר האָבען איהם שוין לאַנג נישט געזעהן. דורך די צרות האָט מען גאָר פערגעסען אין איהם — האָבען עטליכע געפרעגט.

— ער ליגט קראַנק אין הויז — האָט עמיצער דערציילט — זינט די אינערליכע רייסערייען האָט ער זיך אָבגעזונדערט און וויל זיך מעהר נישט מישען אין קיין זאַך.

— איך וועל נישט לייקענען — האָט איינער אַ זאָג געטאָן — אָפט צווייפעל איך, אויב מיר וועלען זיעגען. אפשר ווען מען וואָלט געפאָלגט די שלום־זוכער וואָלטען מיר צו די צרות נישט געקומען!

— אוי, איהר קליין־גלויביגע! איהר צווייפלער! — איז אויפגעשפּרונגען אַן אַלטער מאַן — מיר זענען אידען אָדער נישט? איז גאָט צווישען אונז אָדער נישט? מיר

קענען נאָר זיין גאָט'ס קנעכט, אָבער נישט קנעכט פון מענ־שען. זאָלען מיר ווערען אונטערטעניג צו יעדען פערדאָרבען פאָלק, וואָס וויל אונז פערשקלאַפען? נאָך איידער די רוי־מער זענען געווען אויף דער וועלט, איז שוין אונזער עלטער־פאָטער אברהם געשטאַנען אויף דעם בארג וואָס מיר שטעהן איצט און גאָט האָט איהם געבענטשט.

— איך בלייב ביי מיין מיינונג — האָט דער פריהריגער זיך איינגעשפארט — ווען מיר וואָלטען געפאָלגט אגריפאס'ן און געבעטען פרידען, וואָלט רוים אונז געלאָזט צורוה און מיר וואָלטען נישט געוואָרען אזוי געפייניגט.

— מיט אונז וואָלט רוים נישט געשלאָסען פרידען, ווייל מיר דינען נישט צו איהרע אָפגעטער און מיר קענען נישט בעטען שלום ביי רוים. געדענקט איהר נישט, אז זיי האָבען געוואָלט אריינשטעלען דעם קייסער'ס סטאַטוע אין היכל און געוואָלט, אז מיר זאָלען זיך בוקען צו איהר? בעדענקט איהר נישט, ווי די רוימישע גובערנאַטאָרען האָבען אונז גע־מאַטערט און אויסגעזויגען אונזער מאַרך און בלוט? וואָס פאר א פרייהייט האָט אונז אגריפאס, דאָס אייניקעל פון דעם אדומי'שען קנעכט, דען צוגעזאָגט? מיר זאָלען בע־אַרבייטען אונזער לאַנד און די פרוכטען אוועקגעבען צו רוים? די פערדאָרבענע רוימער זאָלען בעוואַכען דאָס בית־המקדש? מיר ווילען א גאַנצע פרייהייט, א פולשטענדיגע אויפלייזונג, מיר וועלען אזוי לאַנג ליידען און קעמפען ביז מיר וועלען געווינען אונזער פרייהייט!

דער אלטער האָט הויך און בעגייסטערט גערעדט. א סך מענער און פרויען מיט הונגעריגע קינדער אויף די הענד האָבען איהם ארומגערינגעלט. אלע זענען געווען געשוואָלען פון הונגער. אין זייערע אויגען האָט אָבער געברענט דאָס פייער פון טרייהייט און פאטריאָטיזם און איבערגעבענהייט צום פאָלק און זיין לאַנד, צו זייער אמונה און די גרייטקייט צו שטאַרבען פאַר זייער פרייהייט.

ס'איז געווען קעגען אווענד. די זון האָט זיך אראָפגעלאָזט אויף מערב־זייט און געגאָסען איהר ליכט אויפ'ן בית־המקדש. דאָס גאָלד פון בית המקדש פון דאַך, די פענסטער און די טירען האָט זיך אָנגעצונדען אין זון־ליכט און עס

האט אויסגעזעהן ווי א גרויסער היילינער פלאם האט ארומ־גענומען גאט׳ס הויז. און דאס ליכטיגקייט האט פערגאסען די מאסען מענשען, וואס האבען זיך געפונען אויפ׳ן הר־הבית און זיי האבען אלע פערגעסען דעם הונגער און זייערע אויגען האבען געשיינט פאר פרייד פון דעם וואונדערליכען בילד.

— אט זעהט גאט׳ס כבוד וואס שיינט אויף אונז! — האט דער אלטער אויפגעהויבען זיינע הענד אין הייליגער פרייד — זעהט איהר דען נישט, אז גאט וועט אויך שיקען זיין ליכט צו אונז ווייטער און מיר וועלען בעזיעגען דעם שונא?

בעגייסטערט האבען אלע אנידערגעקניהט און זייערע געשוואלענע פנים׳ער געווענדט צום היכל. די איינגעזונקע־נע אויגען זענען געווארען פול טרערען און זייער געפייניגט געמימעה האט שטיל תפלה געטאן צו גאט און געבעטען רחמים...

— טרייסט אייך, האפנונגספולע ברידער און שוועסטער — האט דער אלטער מוטיג גערעדט — גאט׳ס טאג איז נאהנט. באלד וועט זיך ענדיגען די גוג ומגוג קריעג. גאט׳ס צארן וועט זיך אויסגיסען אויף רוים און איהרע מיטהעלפער. זיי וועלען פאלען אויף די אידישע בערג. זיבען חדשים וועט מען זיין פערנומען צו בעגראבען זיי ביז דאס לאנד וועט זיין אויסגערייניגט פון זיי. גאט וועט אויס׳הרג׳ענען אונ־זערע פיינד און שיקען זיין הילף צו אונז!

שמעון בן יאיר האט אלץ געהערט און אנגעקליבען פריי־שען מוטה. בעגייסטערט מיט נייע קרעפטען האט ער אנ־געהויבען געהן צוריק צו דער מויער. די רוימער האבען אנ־געהויבען בעשיסען די מויער מיט פיילען און שליידער־שטיינער און געוואלט פערטרייבען די קעמפער. עטליכע שליידער־שטיינער זענען אריינגעפאלען אין הויף פון בית־המקדש. שמעון האט זיך געאיילט צום קאמף־פלאץ און ער האט שוין געהערט ווי די קעמפער שרייען:

— ביי גאט איז די הילף!

פלוצלונג האט איהם אין די אויערן א רים געטאן א יאמ־מערנדע שטימע, ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן דעם

משוגע'נעם יהושע בן חנני דרעהען זיך אין אויסערליכען תויף און קלאגען:

א קול! א קול! א קול!
א קול פון מזרח־זייט!
א קול פון מערב־זייט!
א קול פון אלע עקען וועלט!
דאס קול פון גאט'ס טאג
ביטער שרייט:
אוי, וועה געשריגען אויף ירושלים!
אוי, וועה געשריגען אויף'ן היכל!
אוי, וועה געשריגען אויף חתן־כלה!
אוי, וועה געשריגען אויף דעם פאלק יהודה!
אוי, וועה געשריגען פון אלע עקען וועלט!
אוי, וועה פון מזרח־זייט!
אוי, וועה פון מערב־זייט!
אוי, וועה! אוי, וועה! אוי, וועה!

שמעון איז אויפגעשפרונגען פאר שרעק. זיין בעגייסטערונג איז פערשוואונדען. ער איז געווארען נידערשלאגען. "אוי, וועה געשריגען אויף חתן־כלה", האט ער איבערגע־חזר'ט דעם משוגע'נעם'ס רייד און געטראכט: איז דער משוגע'נער דען נישט גערעכט? וואס איז דען געווארען פון צפורה'ן מיט אסתר'ן? און ווי ביטער איז זיין אייגענער גורל און זיין ברודער יהודה'ס! און איז דען דעם פאלק בעסער? עס זענען פערווירקליכט געווארען דעם משוגע־נעמ'ס רייד. ווער ווייס וואס נאך פאר צרות עס וועלען קומען?

שמעון איז געגאנגען ווייטער און געטראכט זיינע פער־צווייפעלטע געדאנקען. פלוצלינג איז אראפגעפלויגען א גרוי־סער שטיין פון דער מויער, אריבער זיין קאפ און זיך אן עמיצען אנגעקלאפט, וואס איז גלייך אומגעפאלען. שמעון איז צוריק געגאנגען זעהן וועמען דער שטיין האט אוועקגע־לייגט און ער האט דערזעהן דעם משוגע'נעם ליגען אויסגע־צויגען מיט אפענע אויגען און צושמעטערטע ריפען.

די ארומיגע מענשען האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען ארום דעם דער׳הרג׳עטען און איינער האָט געזאָגט :

— אָט איז די טויטע קראָה, וואָס האָט אונז פאַרגעזאָגט צרות און שלעכטס. גאָט ! אזוי זאָלען געהן פערלוירען אלע וואָס רעדען שלעכטס אויף אונז און דיינע ליעבהאָבער זאָלען שיינען און לייכטען ווי די זון !

— אמן ! — האָבען אלע געענטפערט.

גרויסע געשרייען האָבען זיך געהערט אויף דער מויער. שמעון איז גיך אהין געלאָפען און ער איז געקומען אין צייט. א רוימישע אָבטיילונג מיט די אדלער און פאָהנען איז ארויף אויף דער מויער. די קנאים האָבען זיך העפטיג געוואָרפען אויף זיי און צוהאקט אויף שטיקער. קיין איינעם האָבען זיי נישט געלאָזט לעבעדיג. די פעהנער און די אדלער זענען געבליבען ביי די אידען און אלע האָבען זיך געפרעהט מיט דעם זיעג.

## דאָס בית המקדש ברענט...

ווי די זיעגרייכע אידישע קעמפער האָבען זיך דאָ געפרעהט מיט דעם נצחון, האָבען זיי צו זייער גרויס שרעק פלוצלינג דערזעהן וואָלקענס רויך און גרויסע פלאַמען ארויסזעצען פון טויער קופינוס.

ווען אלע קעמפער זענען געווען פערנומען אין דער שלאַכט אויף דער מויער, האָבען די רוימער דערווייל זיך אונטערגע׳גנב׳עט הינטער׳ן טויער און איהם אונטערגעצונדען. דאָס גאָלד פון די טירען האָט אָנגעהויבען צושמעלצען און דאָס פייער האָט ארומגעכאַפּט די ברעטער און פערצויגען צו די באַלקענס פון די זיילען און מיט שנעלקייט זיך פערשפּרייט ווייטער און ווייטער.

עס איז נאָר געבליבען אונבעריהרט די רייחט זיילען אויף דרום זייט. זענען דאָרט אָנגעלאָפען זעקס טויזענט אידען און זיך ארויפגעכאַפּט אויף דער גרויסער פּלאַטפאָרם. דער מוטיגער אלטער האָט נביאות געזאָגט, אז גאָט וועט שיקען די הילף, זענען זיי געשטאַנען און געוואַרט אויף דער הילף.

מרים האָט זיך נישט געוואָלט פערלאָזען אויף נסים און איז אוועקגעלאָפען צו די קעמפער זוכען שוץ. די קעמ־

פער זענען אנטלאָפען פון די שרעקליכע פלאַמען וואָס האָבען זיי ארומגערינגעלט. זיי האָבען אויך מיטגענומען אלעמען וואָס זענען צומישט געלאָפען צווישען די ברענענדע זייַלען און זיי זענען אוועק אין אינערליכען הויף.

אין דער נאַכט האָבען די אידען געקלאָגט אויפ׳ן חורבן פון ערשטען בית המקדש. און אין דער זעלבער נאַכט האָבען זיי געקלאָגט און געוויינט זעהענדיג דאָס העלישע פייער וואָס ברענט ארום דעם איצטיגען בית המקדש און זיי קענען נישט העלפען צו לעשען דאָס פייער.

דאָס בית המקדש וואָס האָט ערשט געלויכטען אין זונליכטיגקייט און געבלענדט די אויגען, האָט איצט ווידער געבלענדט די אויגען, שטעהענדיג ארומגערינגעלט פון דריי זייטען מיט שרעקליכע פערצעהרענדע פלאַמען, און עס האָט אויסגעזעהן אז דאָס בית המקדש ברענט.

אין דער זעלבער נאַכט פון תשעה באב, ווען דאָס ערשטע בית המקדש איז פערברענט געוואָרען, האָט אָנגעהויבען ברענען אויך דאָס צווייטע בית המקדש.

די קעמפּפער האָבען טרויריג און דערשלאָגען צוגעקוקט דאָס אונגליק און זיי האָבען שוין געוואָלט זיך נעמען דאָס לעבען און מאַכען אַ סוף צו די גאַנצע פּיין.

איז אָבער אריבער דער ערשטער טומעל און שרעק האָבען זיי געזעהן, אז דאָס היכל איז געבליבען אונבעריהרט, דער וואונדערליכער מקדש שטעהט אין זיין גאַנצער פּראַכט, האָבען זיי זיך געטרייסט און בערוהיגט און געשוואוירען אז ביז׳ן לעצטען אטעם וועלען זיי נישט דערלאָזען דעם שונא צוטרעטען צום היכל. אלע ווי איינער וועלען זיי שטעהן און פערטיידיגען דאָס היכל ביז׳ן לעצטען טראָפּען בלוט, ביז די הילף וועט קומען.

גאָט וועט דאָך נישט איבערגעבען זיין הייליג הויז אין די הענד פון פרעמדע געצענדינער, זיי זאָלען עס פערשוועכען און פעראונרייניגען. דאָס קען נישט געשעהן! זיי די געטרייע אידישע קעמפּפער, די גאָטספּאַרכטיגע וועלען נישט איבערגעבען גאָט׳ס הויז אין שונא׳ס האַנד. אזוי לאַנג ווי זיי קענען ריהרען מיט די הענד, אזוי לאַנג ווי זיי אטעמען

וועלען זיי פערטיידיגען גאָט'ס הייליג הויז — און זאָל גאָט טאָן וואָס ס'וועט וואויל געפעלען אין זיינע אויגען !

ס'איז געוואָרען טאָג. די זון איז אויפגעגאַנגען און איהרע ערשטע שטראַהלען האָבען פערגאָסען די גאָלדענע שפּיזען אויפ'ן דאַך און זיך אָנגעשלאָגען אָן גאָלדענעם באַלעם ביים טיר פון היכל. די שטראַהלען זענען צושפּריצט געוואָרען אַרום און אַרום און געגאָסען וואונדערליך ליכט אויפ'ן באַרג.

דער באַרג האָט געריויכערט אינגאַנצען פון דעם פייער, וואָס האָט פערברענט די זיילען און די פּלאַטפאָרמען. פון דעם באַרג האָט געזעצט אַ דיקער רויך... און דער רויך איז בעלויכטען געוואָרען פון דעם ליכטיגקייט, וואָס האָט געפלייצט פון מקדש דאַך.

אַמאָל פלעגען די כהנים אין דער צייט, ווען דאָס ליכטיג־קייט האָט זיך אָנגעהויבען צוגיסען, אויפשטעהן צום הייליגען דיענסט. דעמאָלט האָבען זיי געבראַכט די עולה צו גאָט. און די לויים האָבען געשפּיעלט און געזונגען. איצט איז דאָס מזבח וויסט. דריי וואָכען האָט מען שוין נישט מקריב גע־ווען קיין קרבן. די לויים האָבען אויפגעהערט זינגען און די כהנים צו טאָן די עבודה.

די כהנים און די לויים זענען אָבער נישט געזעסען ליידיג. זיי האָבען גענומען שווערדען אין די הענד און אַרויסגעגאַנגען אין קאַמף אַנטקעגען פיינד. אַ סך פון זיי האָבען בעוויזען גרויס העלדישקייט אויף דער מויער. איצט האָבען אויך זיי זיך אומגעקערט אַהער אויף דעם אָרט וואו זיי האָבען געטאָן זייער הייליג דיענסט.

מאַסען מענשען האָבען זיך דאָ פערזאַמעלט און אָנגע־פּאַקט די "עזרת נשים" און די "עזרת ישראל". ווי שאָף וואָס אַנטלויפט פאַר פייער זענען זיי דאָ אָנגעלאָפען צו ראַ־טעווען זיך פון דעם שרעקליכען פייער וואָס ברענט אַרום. אַלע זענען געווען פער'חלש'ט פון הונגער. אָבער נישט פער־לוירען די האָפנונג, אַז גאָט וועט העלפען.

פּלוצלונג, אָהן אַ בעפעהל פון עמיצען, האָבען די לויים גענומען די הייליגע מוזיק אינסטרומענטען און זיך אויסגע־שטעלט אויף די פּוסצעהן טרעפּען ווי אַמאָל. צוויי הונדערט

לויים האָבען זיך אויסגעשטעלט. די פרויען זענען ארויף אויף די באַלקאָנען ווי אמאָל ביים "וואסער גיסען". איצט האָט מען אָבער נישט געגאָסען קיין וואסער פאַר גאָט, נאָר טייכען טרערען.

די לויים האָבען אָנגעהויבען שפּילען און זינגען הייסע תפלות. די פייפלען האָבען געזיפצט און די האַרפען גע־קלאָגט און געוויינט און דאָס גאַנצע פאָלק האָט מיטגע־וויינט.

און די לויים האָבען געזינגען טרויעריג און געבעטען צו גאָט:

נאָט! גוים זענען געקומען אין דיין נחלה.
זיי האָבען ירושלים פערוויסט.
די קערפּער פון דיינע קנעכט האָבען זיי
פאַר די פויגעל געוואָרפען צו פרעסען...
דאָס פלייש פון דיינע פרומע פאַר די חיות...
האָבען פערגאָסען זייער בלוט ווי וואסער ארום ירושלים
און ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל בעגראָבען...
פאַרוואָס, גאָט, שטעהסטו פון וויטענס!
פערהוילסט דיך אין עת צרה!...
פאַר וואָס פערבאָרגסטו דיין פנים?...
פערגעסט אונזערע ליידען און פיין?...
האָסט אונז פערגעסען און פערשעמט,
געהסט נישט מעהר אין אונזערע הערשאַפטען...
קערסט אונז אום הינטערוויילעכטס פאַר'ן פיינד
און אונזערע שונאים רויבען אונז...
האָט גאָט פערגעסען צו לייטזעליגען?
אָבגעטאָן מיט צאָרן זיין רחמנות אויף אייביג?...
דו וועסט אויפשטעהן, דערבאַרימען אויף ציון!
ס'איז צייט זי לייטזעליגען, געקומען די צייט
שטעה אויף מיט דיין הילף פאַר אונז
און לייז אונז אויס
פון דיין חסד וועגען.

די תפלה מיט די אומעטיגע נגונים האָבען געעפענט די

וואונדען. און א רייסענד געוויין, א מורא׳דיגער יאָמער האָט אויסגעבראָכען. די הונגעריגע און די מיעדע האָבען אָנגע־הויבען שרייען און בעטען צו גאָט און מען האָט מעהר נישט געהערט דאָס שפּילען און זינגען איבער דעם שטאַרקען גע־וויין.

א סך פרויען האָבען מעהר נישט געקענט וויינען און זיי האָבען גע׳חלש׳ט. די קליינע קינדער האָבען צוריסען די הימלען מיט זייערע ביטערע קולות. צווישען אולם און מזבח זענען געשטאַנען די כהנים און געיאָמערט. די גרעסטע העלדען האָבען זיך נישט געקענט איינהאַלטען און מיטגע־וויינט. דאָס האָט א פאָלק, גאָט׳ס פאָלק געוויינט אויף זיין ביטער אונגליק. און ווי דאָס הארץ וואָלט זיי געזאָגט, אז דאָס לעצטע מאָל זעהן זיי גאָט׳ס הויז, דאָס לעצטע מאָל הויבען זיי די הענד צום קדשי קדשים און זיי הערען די הייליגע געזאַנגען פון די לויים.

נאָכ׳ן וויינען זענען ארויסגעאַנגען בן־גיורא, יוחנן פון גוש־חלב, שמעון בן יאיר און זיין ברודער יהודה, זיי האָבען מיטגענומען עטליכע יונגע כהנים און באַלד זענען זיי צו־ריקגעקומען מיט קערב פייגען, וואָס איז נאָך געבליבען אין גאָט׳ס הויז.

די פרויען און די קינדער האָבען די ערשטע געקראָגען צו איין פייג. די איבריגע האָבען זיי צוטיילט צו די אַלטע לייט. דאָס פאָלק און די קעמפער האָבען גאָר נישט בעקו־מען צו שטילען דעם הונגער. עס איז מעהר נישט געבליבען פאַר זיי. די אוצרות פון בית המקדש זענען געווען ליידיג.

— אויב גאָט וועט באַלד נישט שיקען זיין הילף, איז אַלץ פערלוירען — האָט איטליכער געטראַכט שטיל פאַר זיך. זיי האָבען אָבער מורא געהאַט צו ברענגען דאָס אויף די ליפּען.

---

נאַכמיטאַג האָט דאָס פייער אָנגעהויבען איינלע־שען. די רוימער זענען דורכגעגאַנגען דאָס צושטערטע טויער און זיך צושפּרייט אין אויסערליכען הויף. די קנאים האָבען דאָס נישט געקענט צוקוקען רוהיג. פער־צווייפעלט זענען זיי ארויס צו די רוימער אין הויף און זיך געוואָרפען אויף

זיי ווי צורייצטע וועלף אויף שאף.

די רוימער האָבען אויסגעשטעלט זייערע פאַנצערס און זיך העלדיש פערטיידיגט. זיי האָבען אָבער נישט געקענטביישטעהן די דערצאָרנטע קנאים. ווי אַ שטורם־ווינד האָבען די קנאים אריינגעריסען זיך צווישען זיי, ווי אַ מעכטיגע פערפלייצונג אריין אין די רוימישע רייהען און געשניטען אויף רעכטס און לינקס.

דער מוטיגער אַלטער איז געשטאַנען אינמיטען, אויפ־געהויבען הויך זיין שטעקען און געשריגען:

—ערוואַכט, יעקב׳ס קינדער! זאָלען ציטערן עשו׳ס גבורים! היינט וועט גאָט שיקען זיין גרויסע הילף! דער גייסט פון די חשמונאים שוועבט פאר אונז! אָט איז גאָט׳ס כבוד! גאָט רופט פון היכל! עס קומען די געטליכע מלאכים! פון הימעל וועט מען מלחמה האלטען פאר אונז!

דער אטעם פון די קעמפענדע קנאים האָט געברענט ווי פייער. די פיינדליכע מחנה איז פערברענט געוואָרען ווי שטרוי. די הילף איז אָבער נישט געקומען. גאָט האָט זיך אָבגעטאָן, אָבגעטאָן זיין רחמנות, פערגעסען זיין הייליג הויז און הייליג פאָלק.

טיטוס איז געשטאַנען אויפ׳ן טורעם אנטאניא און צו־געזעהן די שלאכט און די מפלה פון זיינע סאָלדאטען, האָט ער געגעבען א סיגנאַל און מחנות רוימער האָבען געאיילט צו דער שלאכט און פערדעקט אלעמען ווי א שווערער גע־דיכטער היישעריק.

טיטוס איז אויך באלד אָנגעקומען מיט זיינע רייטער און זיי האָבען ארומגערינגעלט די קנאים. דאָ האָבען זיי שוין געמוזט צוריקטרעטען. צוויי מאָל האָבען זיי בענייט די אטאקעס, דערשטאָכען און אויסגע׳הרג׳עט א סך רוימער ביז זיי האָבען צובראָכען אן שונא די שווערדען און שפּיזען. אָהן געוועהר האָבען די קנאים פערצווייפעלט געקעמפט, מיט שטיינער אין די הענד, מיט די בלויסע פויסטען, זיי האָבען דערשטיקט און געוואָרגען די רוימער, זיי צוביסען מיט די צייהן. זיי זענען אָבער אָבגעשטאַנען. אָהן אויפהער זענען צוגעקומען נייע סאָלדאטען, פרישע רוימישע מחנות און די אידען זענען אנטלאָפען צום טויער.

די רוימער האָבען זיי נאָכגעיאָגט און אריינגעריסען זיך אין "עזרת נשים". מיט גרויס מיה איז די קנאים געלונגען אריינצולויפען אין "עזרת ישראל" און "עזרת כהנים" און זיי האָבען הינטער זיך פערשלאָסען דאָס טויער. אויפ'ן וועג לויפענדיג האָט שמעון געפונען דעם אַלטען מאַן צוטראָטען אויף טויט. דאָס אַנטלויפענדע פאָלק האָט אין איילעניש איהם אומגעוואָרפען און צוטראָטען.

די קנאים, צוזאמענגעדריקט אין די עזרות, האָבען נאָך נישט אָבגעצויגען דעם אטעם, איז פלוצלונג איין עזרה גע־וואָרען פול רויך. א רוימער האָט דורך דעם גאָלדענעם פענס־טער אריינגעוואָרפען א פלאקער אין קליידער קאמער. אין דער קאמער זענען געווען זעקס און נײַנציג הילצערנע שאַ־פעס מיט כהונה קליידער. האָבען זיי זיך גלייך אנגעכאפּט און די קאמער איז מאָמענטאַל געשטאַנען אין פלאַמען.

די פלאַמען זענען צופלויגען און אָנגעצינדען די בענק און די וואנד און א פייער־פערפלייצונג האָט ארומגענומען די צוטומעלטע קנאים. אַלע זענען זיך צולאָפען אין גרויס שרעק. די וואָס זענען ארויס דורך די טויערן אויף צפון און דרום האָבען די רוימער דערשטאָכען אויף טויט. אנדערע זענען אריינגעלאָפען אין היכל, די רוימער זענען אָבער באַלד נאָכגעקומען און פערשפּרייט זיך אין אַלע ווינקלען פון די עזרות און היכל.

א שרעקליכע שחיטה האָבען די ווילדע רוימער דעמאָלט געמאַכט אויף די דערשראָקענע אידען. אויפ'ן מזבח און ארום איהם זענען געלעגען בערג מיט טויטע. די רוימער האָ־בען אָהן רחמנות דער'הרג'עט יעדען איינעם וואָס איז אריינגעפאלען אין זייערע גרויזאמע הענד. אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, זיי האָבען נישט געשוינט זויגעדיגע קינדער — אַלעמען גרויזאם אויסגעשאָכטען.

טייכען בלוט האָבען פערפלייצט דאָס בית המקדש, ארויסגערונען אין עזרות. ביז דער מויער אין אויסערלי־כען הויף האָבען געשטראָמט טייכען בלוט.

אין די מורא'דיגע געשרייען פון די געשאָכטענע האָט זיך אריינגעריסען א הארצרייסענד געוואלד פון זעקס טוי־זענד העלזער. זעקס טויזענד אידען זענען געשטאַנען אויף

דער מיטעלסטער פּלאַטפאָרם איבער די זיילען און געהאָפט אויף גאָט'ס הילף. האָבען די רוימער זיי בעמערקט און אונ־טערגעצונדען די זיילען מיט דער פּלאַטפאָרם. דאָס פייער האָט באַלד ארומגעכאַפּט די זעקס טויזענט אידען און זיי פערברענט אויף אש.

טיטוס מיט זיינע גענעראַלען זענען אריינגעגאַנגען אין היכל אין קדשי קדשים. טיטוס'עס געליעבטע בעראַניקא איז אויך מיטגעגאַנגען צו זעהן דעם חורבן. זיי האָבען זיך גע־וואונדערט אויף דער וואונדערליכער פּראַכט פון בית המקדש און זיין זעלטענע שעהנקייט. זיי האָבען מודה געווען אז די גאַנצע וועלט פערמאָגט נישט נאָך אַזא וואונדער.

לאַנג זיין אינוועניג האָבען זיי אבער נישט געקענט. דאָס היכל מיט'ן קדשי קדשים זענען באַלד פול געוואָרען מיט רויך און דערשראָקענע זענען זיי ארויס אין דרויסען.

די צוואווילדעטע רוימער האָבען שוין נישט צוגעהערט זיך צו קיין בעפעהל און האָבען גע'הרג'עט, געמאָרדעט און צוטרעטען אָהן רחמנות. זיי האָבען זיך אויך געוואָרפען רוי־בען און אָנגעשטאָפּט די קעשענעס מיט גאָלד און טייערע שטיינער. ווי טייוואָלים זענען זיי געלאָפען צווישען די פלאַמען וואס האָבען ארומגענומען דעם גאַנצען הר הבית. זיי האָבען ווילד געשריגען, שכור פון זיעג און דאס פערגאָ־סענע בלוט. דאס פייער האָט שטאַרק געקנאַקט און מיט שטורם צושמעטערט די ריעזענפעסטע ווענד. עס האָבען מורא'דיג געשריגען די קעמפער וואָס האָבען פערטיידיגט זייער לעבען. די פערוואונדעטע האָבען שרעקליך געקרעכצט. די גאַנצע שטאָדט האָט ביטער געיאָמערט און געקלאַגט. אין די צעהנטויזענדער זענען די איינוואוינער מיט זייערע פרויען און קליינע קינדער געשטאַנען אויף די גאַסען און געקלאַגט אויף דעם גרויסען בראָך און געיאָמערט אויפ'ן פערברענטען בית המקדש.

דאס געיאָמער, די שרעקליכע געשרייען און געוויינען האָבען זיך אויסגעמישט אינאיינעם מיט די רוימישע ווילדע געשרייען. איין מורא'דיג גרוים געשריי האָט זיך געטראָגען איבער ירושלים. א געשריי פון הונדערטער טויזענדער העל־זער. די בערג ארום האָבען פערנומען דאס געשריי און אָבגע־

ענטפערט מיט דונערנדע אָבקלאַנגען. און עס האָט אויס־געזעהן ווי די בערג ברומען ווילד און קלאַגען אויפ'ן חורבן...

אין די גרויסע פלאַמען וואס האָבען ארומגעכאַפּט דאס בית המקדש האָט מען געזעהן אַ סך כהנים שטעהן אויפ'ן דאַך, רייסען אויס די גאָלדענע שפּיזען און שליידערן זיי אויף די קעפּ פון די רוימער, וואס האָבען געשפּרונגען ארום פייער און ווילד געטאַנצט. צוויי עלטסטע פון די כהנים, מאיר בן בלגה און יוסף בן דלעאי האָבען זיך אריינגעוואָר־פען אין די פלאַמען און פערברענט געוואָרען אינאיינעם מיט'ן בית המקדש.

די פערבליבענע קנאים האָבען שטאַרק געוואָלט זיך ווארפען אין די פלאַמען פערברענט צו ווערען און מעהר נישט זעהן דעם גרויסען בראָך. זיי האָבען דאס אבער נישט גע־טאָן איבער דער שבועה וואָס זיי האָבען געשוואוירען מלחמה צו האַלטען ביז'ן לעצטען אטעם.

מיט'ן כח פון דער שבועה האָבען זיי זיך אָנגענומען מיט פרישען מוטה און זיך דורכגעריסען דורכ'ן אויסוויינינגסטען הויף אין די גרויסע רוימישע אַרמעע אויפ'ן הר הבית און זענען ארויף אויף דער בריק וואָס פיהרט פון בית המקדש ביז דעם באַרג ציון. און זיי האָבען זיך בעפעסטיגט אין דער אויבערשטער שטאָדט, די שטאָדט ציון.

מרים האָט שוין נישט געקענט געהן האָט מאַסאַרום זי גענומען אויף זיי הענד, שמעון און יהודה האָבען איהם בע־שיצט ביז זיי זענען אָנגעקומען נאָך ציון. זיי האָבען דאָרט געפונען אביסעל עסענוואַרג, וואס איז נאָך פערבליבען אין עטליכע רייכע הייזער. דאס איז אבער נישט גענוג געווען מעהר ווי אויף עטליכע טעג. און אויך נישט אָנצועסען זיך זאַט, נאָר קוים צו בעהאַלטען די נשמה.

וואס וועט זיין דער סוף אז דאס ביסעל עסען וועט זיך אויסלאָזען? האָט זיי זיך געפרעגט. וואס וועט שוין ארויס־קומען אז זיי וועלען ווייטער קעמפען? אז גאָט האָט אָבגע־טאָן זיין גענאָד! ער וויל מעהר נישט העלפען! איז נאָך דאָ אַ פונק האָפנונג צו בעזיעגען דעם שונא? זאָל מען זיך אונטערגעבען צו ראַטעווען די לעבעדיגע געבליבענע?

אַלע קעמפער האָבען אָבגעהאַלטען אַ בעראַטונג וואָס

צו טאָן ווייטער. די קנאים האָבען פעסט דערקלערט אז מען טאָר זיך נישט אונטערגעבען דעם שונא, ווייל מען האָט גע־שוואוירען ביי גאָט נישט אונטערצוגעבען זיך לעבעדיגער־היים. אויב דער פיינד וועט איינשטימען ארויסצולאָזען אלעמען מיט׳ן געוועהר און געהן פריי אין דער מדבר, וועלען זיי איבערלאָזען די שטאָדט און געהן וואוהין די אויגען וועלען טראָגען.

וועט אבער טיטוס נישט בעשטעהן וועלען זיי ווייטער פערטיידיגען די שטאָדט, און אויס׳הרג׳ענען א סך רוימער ביז זיי וועלען איינגעמען דעם בארג ציון.

אלע זענען געווען צופריעדען מיט דעם, יעדער האָט גע־האָפט אז כל זמן זיי וועלען זיך נישט אונטערגעבען די רוי־מער וועט געשעהן א נס און זיי וועלען אויסגעלייזט ווערען, אויפבויען דאס בית המקדש און די חרוב׳ע שטאָדט און ווידער לעבען רוהיג און דינען גאָט אונגעשטערט.

די קנאים האָבען געלאָזט וויסען טיטוס׳ען אז זיי זענען גרייט צו פערלאָזען די שטאָדט אָהן א קאַמף אויב ער וועט זיי דערלויבען ארויסצוגעהן מיט זייער געוועהר. טיטוס האָט געברענט פאר כעס אז ער האָט דאס געהערט און ער האָט בעפוילען זיינע סאָלדאטען זיי זאָלען פערברענען אלע טיילען פון שטאָדט, וואס זיי האָבען פערנומען און מיט די אידען זאָלען זיי טאָן וואָס עס גלוסט זיי. נאָר די וואָס וועלען דעם זעלבען טאָג ארויסגעהן פון ציון און בעטען גנאָד פון די רוימער זאָלען זיי נישט טויטען, נאָר ברענגען אויפ׳ן הר הבית.

דאָרט וועט געמאכט ווערען אן אויספאָרשונג און אָבטיי־לען די וואָס האָבען זיך בעטייליגט אין קאַמף פון די וואָס זענען געשטאנען אָן א זייט.

דעם טאָג זענען די ווילדע רוימער בעפאלען די אונטער־שטע שטאָדט און דעם קווארטאל עופל און אויסגעגאָסען זייער גרויזאמקייט אויף די רוהיגע איינוואוינער. די אלטע און שוואכע האָבען זיי אויסגעקוילעט און די יונגע און גע־זונטע האָבען זיי גענומען געפאנגען צו פערקויפען זיי פאר קנעכט און דינסטען.

דערנאָך האָבען זיי אונטערגעצונדען דעם ארכיוו און

דאס ראטהויז אין פאלאץ פון קעניגין העלענא. זיי האבען אויך אונטערגעצונדען אלע רייכע פאלאצען און די ארימע נידריגע הייזער. אלע הייזער און פאלאצען מיט די צעהנ־טויזענדער פערוואונדעטע און קראנקע פון הונגער און פעסט זענען פערברענט געווארען אינאיינעם און ס׳איז געווארען פון זיי איין גרויסער מורא׳דיגער בארג אש.

דעמאלט האבען בן גיורא און יוחנן פון גוש חלב ערלויבט יעדען איינעם וואס האט נישט געשוואוירען צו קעמפען ביז׳ן לעצטען אטעם ארויסצוגעהן צו די רוימער און זיך אי־בערגעבען אין זייערע הענד, אפשר וועלען זיי זיך דערמיט ראטעווען זייער לעבען. באלד זיינען ארויסגעגאנגען די קינ־דער פון דער אדיאבישער קעניגליכער פאמיליע, וואס האבען ביז איצט געקעמפט אינאיינעם מיט די קנאים. פיעל אריסטאקראטען פון ציון זענען אויך ארויסגעגאנגען. טיטוס האט געהייסען זיי איינזעצען אין תפיסה ביז ער וועט ארויס־געבען זייער אורטייל.

צו טיטוס׳ען זענען דעמאלט ארויס אויך צוויי כהנים־אויפזעהער פון בית־המדרש. יהושע און פנחס. זיי האבען איהם אויסגעזאגט די סודות פון גאט׳ס הויז און איהם אי־בערגעגעבען גאלדענע טישען, מנורות, בעקענס און לעפעל, דאס הייליגע געשיר און אלע טייערע ווערטפולע זאכען וואס זענען געווען בעהאלטען און נישט דאס פייער האט זיי פערברענט און דער פיינד האט זיי נישט געקענט געפינען. זיי האבען איהם אויך געוויזען וואו דאס פרכת איז געווען בעהאלטען און די אוצרות פון תכלת און פורפור און רויטען פאדים און דער גוטער בוימעל מיט די טייערע געווירצען אויף קטרת. מיט דעם וואס זיי האבען איהם די הייליגקיי־טען און טייערע זאכען איבערגעגעבען האבען זיי אויסגע־קויפט זייער לעבען.

מרים האט געזעהען, אז די קנאים ערלויבען אלע שלום־זוכער ארויסצוגעהן צום פיינד און טיטוס בעגנעדיגט זעהר פיעל פון זיי און לאזט זיי לעבען, האט זי אויך געוואלט ארויס צו די רוימער. זי האט געבעטען איהר טרייען מא־סארוס, ער זאל זי ארויספיהרען צו די רוימער און זי בע־שיצען ביז זי וועט אנקומען אהין.

שמעון בן יאיר האט זיך ניט ארייגעמישט און ער האט זי ניט אבגערעדט דערפון. ער האט זי גוט געקענט. זי האט ניט געהאט דעם מוטה פון צפורה'ן און אסתר'ן, וואס האבען זיך מקריב געווען פאר דער אידישער פרייהייט. ער האט נאר געוואלט וויסען וואס וועט מאסארום איצט טאן. וועט דער אונערשראקענער העלד אויך זיך איבערגעבען צו די רוימער און בעטען רחמנות ווי די שרעקעדיגע פרוי, זיין געוועזענע הארנטע? און אז ער וועט זיך שוין איבערגע־בען, וועט ער דען ראטעווען זיין לעבען? טיטוס האט נאר געהייסען לאזען לעבען די וואס האבען ניט געקעמפט געגען די רוימער. מאסארום האט דאך אויסגע'הרג'ט טויזענטער רוימער! אפילו ווען ער וועט זיך ווי שטארק פארשטעלען וועלען זיי איהם דערקענען. שמעון איז געווען זיכער אז מאסארום האט נישט קיין אנדערען וועג נאר צוריקצואוויי־זען מרים'ס פארלאנג.

מאסארום האט אבער גארנישט געטראכט און גלייך געזאגט אז ער וועט זי אוועקפיהרען צו די רוימער. שוויי־גענדיג האט ער אוועקגעלייגט דעם בויגען און זיך אנגעטאן די שווערד. ער האט זיך צוקושט מיט שמעון'ען און יהודה'ן און ארוים מיט מרים'ען.

ווען ער איז צוגעקומען צום טויער האבען די וועכטער אויף שמעון'ס באפעהל געעפענט די טירען. מאכארום האט היים געקושט די זיילען און די טירען, זיך געזעגענט מיט די חברים און באקאנטע און געגאנגען פאמעליך מיט מרים'ן ביז זיי זענען צוגעקומען צו די רוימער.

ער האט זי איבערגעגעבען צו אן עלטסטען און צוויי סאלדאטען האבען זי אוועקגעפיהרט צום הר הבית, וואו די אלע וואס זענען ארויס פון שטאדט זענען געווען פאר־האלטען.

ווי נאר מרים איז פארשוואונדען פון זיינע אויגען איז געווארען א גרויסער טומעל צווישען די רוימער. מאסארום האט געצויגען זיין שווערד און אנגעהויבען שניידען אויף רעכטס און לינקס.

די דערשראקענע רוימער האבען אנגעהויבען שרייען, שווערדען האבען געקלונגען און מאסען רוימער. זענען געפא־

לען ווי זאַנגען אונטער דער קאַסע. אַ סך רוימער זענען געפאַלען, פיעל מעהר זענען אָבער אַנטקומען און ווי ביהנען באַפאַלען מאַסאַרוס'ען פון אַלע זייטען און אַזוי לאַנג גע־האַקט איהם מיט זייערע שווערדען ביז ער געפאַלען. זיי האָבען איהם צושניטען און צוהאַקט אויף שטיקער. דערנאָך האָבען זיי איהם מיט ווילדע געשרייען געשלעפּט צום טאָל און אַראָפּגעשליידערט. מיט זיעגרייכע געשרייען האָבען זיי זיך אומגעקערט אין לאַגער, ווי זיי וואָלטען דאָ געווען אָב־געהאַלטען דעם גרעסטען נצחון.

---

ווידער זענען די קעמפער געווען אין בעלאַגערונג. וויי־טער געשטאַנען אויף דער מויער טאָג און נאַכט און געהיט. געשטאַנען זענען זיי הונגעריגע און מיעדע און זיי האָבען ביטער געצווייפעלט: וועלען זיי זיך קענען לאַנג האַלטען, אַז דער גרעסטער טייל פון שטאָדט איז פערברענט. דאָס בית המקדש חרוב, דאָס היכל — וויסט. נאָר די נאַקעטע שוואַרצע וועגד זענען געבליבען. און עס הענגען אויף די פינסטערע וועגד פון גאָט'ס הויז די רוימישע פעהנער און זייערע אדלער מיט אויסגעשפּרייטע פליגעל ווי גרייטענדיג זיך צו פערצוקען... דער שונא האָט אויך אריינגעשטעלט אין וויסטען היכל זיינע אָבגעטער און מקריב געווען צו זיי און גערויכערט ווייררויך. די פערבליבענע קעמפער זענען גע־שטאַנען אויפ'ן באַרג ציון און דאָס צוגעזעהן און זייערע הערצער זענען צוריסען געוואָרען אויף שטיקער פון גרוים וועהטאָג.

זיי האָבען אַלץ נישט אויפגעגעבען דעם קאַמף. זיי האָ־בען נישט געקענט רוהיג איבערלאָזען די שטאָדט ציון, די שטאָדט, וואו דוד המלך האָט געוואוינט און דאָרט געזונגען דאָס הייליגע תהלים. נישט דער רוימער האָט זיי בעזיעגט, נאָר דער הונגער. און דער שרעקליכער שונא־הונגער האָט אַרויסגעקלאַפּט די קעמפענדע שווערד פון די קנאים'ס הענד.

דער גרעסטער טייל איינוואוינער פון ציון האָבען דעם הונגער נישט געקענט אויסהאַלטען און זענען אַרוים צו די רוימער. זיי האָבען בעסער געוואָלט מיט זייערע ווייבער און

קינדער פערקויפט ווערען פאר קנעכט, איידער צו ליידען די שרקליכע פיין פון דעם שווערען הונגער. דעמאָלט איז גאָלד זעהר ביליג געוואָרען און נאָך ביליגער זענען געוואָרען די מענשען. איבער דעם גרויסען רויב וואָס רוים האָט אָנגע־רויבט אין גאָלד און מענשען זענען די שקלאַפען־מערק אין די אַרומיגע לענדער געווען פול מיט די געפאַנגענע און קיי־נער האָט זיי שוין נישט געוואָלט קויפען. איז דער פיינד געצוואונגען געווען אוועקצופיהרען די איד׳ישע געפאַנגענע אויף די שקלאַפען־מערק אין די ווייטע לענדער.

דער שונא האָט אויפגעשטעלט זיינע שאַנצען אויף דער שטאָדט ציון. דאָס איז זיי אָנגעקומען נישט גרינג. זיי האָ־בען דערביי געהאַט גרויסע פערלוסטען. די איינגעשפאַרטע קעמפפער האָבען זיי אָפט אַטאַקירט און אוועקגעלייגט אַ סך טויטע. דערנאָך זענען די רוימער מיט שטורם בעפאַלען די מויער און ווידער האָבען זיי געקראָגען שווערע קלעפּ. בערג מיט טויטע רוימער זענען אָנגעלייגט געוואָרען ארום דער מויער. דאָך האָבען די אידען פערלוירען, זיי זענען פון הונ־גער אזוי אָבגעשוואַכט געוואָרען, אז זיי האָבען מעהר נישט געקענט קעמפען. און איידער דער שונא האָט אויפגעבראָ־כען די מויער האָבען זיי, שוואַכע און מיעדע פערלאָזט די מויער און אוועק צום טאָל ביי עין רוגל. זיי האָבען זיך געוואָלט דורכרייסען דורך די רוימער און אַנטלויפען פון שטאָדט. די רוימישע אַרמעע אין טאָל איז אָבער געווען צו שטאַרק און די קנאים האָבען זיך געמוזט אומקערען אין שטאָדט אריין.

זיי האָבען בעשלאָסען זיך צו בעהאַלטען אין די הייהלען און אונטער־ערדישע דורכגאַנגען און נישט אריינצופאַלען אין שונא׳ס האַנד. שמעון בן יאיר און זיין ברודער יהודה האָבען אויסגעגראָבען אַ טיעפע גרוב אין אַ הייהל און דאָרט בעהאַלטען זייער גאָלד און זילבער מיט די מגלות, די לע־בענס־בעשרייבונגען, וואָס זייערע עלטער־זיידעס האָבען זיי געלאָזען בירושה. זיי האָבען ארויפגעלייגט אַ גרויסען שטיין אויף דער גרוב און געהאָפט, אז גאָט וועט זיי נאָך אומקע־רען אהיים. דערנאָך זענען זיי צוזאַמען מיט אַ סך קנאים נעגאַנגען ווייטער אין די אונטערערדישע דורכגאַנגען און גע־

זוכט א וועג אונטער דער ערד זיך ארויסצו׳גנב׳ענען פון שטאָדט.

די רוימער זענען ארויף אויף דער מויער און פערשפרייט זיך אין ציון. זיי האָבען אלעמען אויסגעקוילעט און אויסגע־רויבט די הייזער. דערנאָך האָבען זיי זי אונטערגעצונדען פון אלע פיער זייטען און די פלאַמען פון דער ברענענדיגער שטאָדט ציון זענען געפלויגען צום הימעל.

א גאַנצען טאָג, פון אינדערפריה ביז ביינאַכט האָבען די גרויזאַמע רוימער געקוילעט און געמאָרדעט די אידען. טייכען בלוט האָבען זיך געגאָסען אין די גאַסען און ערטער־ווייס פערלאָשען דאָס פייער... אז די זון איז צומאָרגענס אויפגעגאַנגען האָט זי בעלויכטען א חרוב׳ע שטאָדט, א פער־ברענטע און א פערדרויכערטע מיט א פערפלייצטע ערד פון טייכען אידיש בלוט. די גאַסען זענען געווען פול מיט בערג טויטע און שווער פערוואונדעטע און ווי א פעלד נאָך׳ן שניט פול מיט בינדלעך זאַנגען, איז די חרוב׳ע ירושלים גע־ווען פול מיט בערג דער׳הרג׳עטע און געקוילעטע.

---

אונטער דער ערד איז געווען א סך דורכגאַנגען און וואסער־רינעס, וואָס האָבען געבראַכט וואסער אין שטאָדט אריין. בעריהמט איז געווען "צדקיהו׳ס הייהל", וואָס איז לאַנג געווען אכצעהן מייל און זי האָט זיך געצויגען ביז די יריחו וועלדער. די קנאים האָבען געוואָלט אריין אין דער הייהל און אנטלויפען אין די וועלדער און דערנאָך אין פעסטונג מכור, ביים טויטען ים, וואָס איז נאָך נישט גענומען געוואָרען פון די רוימער.

די פערבליבענע קנאים האָבען זיך צוטיילט אין קליינע גרופען און אויף פערשידענע ערטער האָבען זיי זיך אראָפ־געלאָזט אין די הייהלען און אונטערערדישע דורכגאַנגען. זיי זענען געגאַנגען אויף גאָט׳ס בערויט. ס׳איז געווען שטאָק־פינסטער אין די הייהלען, זענען זיי בלינדערהייט געגאַנגען און מיט די הענד געטאַפּט דעם וועג.

אין די הייהלען איז געווען שטאַרק קאַלט. אין אָנפאַנג האָט די קעלט זיי אויפגעמינטערט, דערנאָך זענען זיי אין דער קעלט געוואָרען מעהר הונגעריג. דאָרט וואו די דורכ־

גאנגען זענען געווען ענג און שמאָל זענען זיי געקראָכען אויף אַלע פיער, גערוקט זיך אויפ'ן בויך אבי צו געהן ווייטער.

טאַפּענדיג מיט די הענד האָבען זיי אָנגעטאַפּט טויטע קערפּער וואָס האָבען זיך געוואַלגערט אין די הייהלען. דאָס האָט געוואָרפען גרויס שרעק אויף זיי. זיי האָבען פערשטאַנען, אַז די אידען וואָס האָבען זיך פריהער אויף דעם וועג געוואָלט ראַטעווען, זענען דאָ אויסגעגאַנגען פאר הונגער. זיי האָבען געוואוּסט, אַז זיי דערוואַרט דערזעלבער טויט, דאָך זענען זיי נישט צוריק ארויסגעגאַנגען. זיי האָבען בעסער געוואָלט שטאַרבען אין דער פינסטערער הייהל איידער ארייננפאַלען צום שונא.

פיעל קנאים זענען אָבגעשטאַנען אינמיטען וועג אָדער פערבלאָנדזשעט אין א זייט. שמעון בן יאיר האָט דאָ פערלוירען זיין ברודער יהודה. זיי האָבען זיך גערופען ביי די נעמען אַלס צייכען, אַז זיי זענען אַלע דאָ. פּלוצלונג האָט יהודה מעהר נישט געענטפערט. שמעון האָט פערשטאַנען, אַז יהודה האָט פערבלאָנדזשעט אָדער געפאַלען טויט אינמיטען געהן. ער האָט זיך אָבער נישט אומגעקערט זוכען. אין די לעצטע פערצווייפעלטע מינוטען האָט יעדער געזאָרגט פאר זיך און זיך געוואָלט ראַטעווען. אין די גרויסע ליידען און פּיין האָבען זיי פערגעסען איינער דעם אנדערן, א ברודער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיין ברודער, זיי זענען שיער אראָפּ פון זינען פאר צער און שרעק.

---

ווי לאַנג זיי האָבען געבלאָנדזשעט האָבען זיי נישט געוואוסט. נאָך א צייט פון לאַנגען בלאָנדזשען און קריכען אונטער דער ערד, האָבען זיי דערזעהן א שטיקעל שיין. מיט די לעצטע קרעפטען זענען זיי געלאָפען צו דער שיין און זענען אָנגעקומען צו א גרוב. און צו זייער שרעק האָבען זיי דערזעהן, אַז דאָס איז די זעלבע גרוב, וואָס זיי זענען אריין אין איהר אריינצוגעהן אין דער הייהל. אין די קרומע וועגען האָבען זיי זיך אַזוי לאַנג געדרעהט ביז זיי זענען צוריק געקומען צום זעלבען אָרט וואָס זיי זענען פריהער אריין. און זיי זענען ווידער געווען אין שטאָדט.

זיי האָבען שוין מעהר נישט געהאַט קיין קרעפטען און

קיין מוטה ווידער זיך אראפלאזען אין דער פינסטערער הייהל. זיי האבען דאס אויך נישט געקענט טאן, ווייל די רוימער האבען זיי אויסגעפונען און ווי די חיות צוגעשפרונגען צו זיי און זיי אוועקגעשלעפט צום הר־הבית. טיטוס האט אנגעזאגט נישט צו טויטען די געפאנגענע קנאים, נאר זיי האלטען אין תפיסה אויפ'ן הר־הבית. מיט זיי וועט ער זיך בעזונדער אברעכענען. ער וועט זיי פיהרען מיט טריאומף אין אלע לענדער און שפעטער וועט ער זיך נוקם זיין אן זיי.

אז די רוימער האבען געבראכט שמעון בן־יאיר'ן אין תפיסה אויפ'ן הר־הבית, האט ער שוין געפונען ליגען אין א ווינקעל דעם בעריהמטען העלד יוחנן פון גוש־חלב, ארומגערינגעלט פון בעוואפענטע סאלדאטען. יוחנן איז אלעמאל געווען א קראנקער צובראכענער מענש. נאר זיין העלדישער מוטה האט איהם געמאכט פערגעסען זיין קראנקהייט און די האפנונג צו בעפרייען זיין פאלק האט איהם געגעבען קראפט צו קעמפען און ווייזען וואונדער אין קאמף.

איצט, אז די האפנונג איז געווען פערלוירען, איז ער ווידער געפעהרליך קראנק געווארען און געפאלען פון די פיס פער'חלש'ט. די רוימער האבען איהם געפונען א פער'חלש'טען און געפאנגען. אז טיטוס האט געוואהר געווארען דערפון, האט ער זיך שטארק דערפרעהט און בעפוילען די בעסטע דאקטוירים זאלען היילען יוחנן'ען און איהם אבהיטען ווי די אויגען אין קאפ. מיט איהם וויל ער בעשעהנען זיין שטאלצען רייטוואגען, ווען ער וועט טריאומפירענדיג אריינפאהרען נאך רוים.

מיט דעם אונדערשראקענעם העלד שמעון בן־גיורא איז אנדערש געווען. ווען ער איז אראפ מיט זיינע מענשען אין גרוב און געוואלט אריינקומען אין "צדקיהו'ס הייל" האט ער מיטגענומען שארפע אייזענס און עגבערס, אויך אויל צו בעלייכטען דעם וועג און א ביסעל שפייז.

א שטיק וועגס זענען זיי געגאנגען אונטער דער ערד ביז זיי זענען צוגעקומען צו א גרויסען פעלז. האבען זיי אנגעהויבען אויסהאקען א וועג. האט זיך אבער אויסגעלאזט די שפייז און דער הונגער האט זיי אנגעהויבען שרעקליך מא־

טערן, האָט שמעון בן־גיורא בעשלאָסען ארויסצוגעהן צו די רוימער און שטאַרבען אַ העלדישען טויט. ער האָט געוואָלט שטאַרבען אויף דער ערד, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק גע־קעמפט פאַר איהר.

ער האָט זיך אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער און זיך איינ־געהילט אין אַ פורפור מאַנטעל און געגאַנגען אונטער דער ערד ביז ער איז צוגעקומען צום אָרט פון בית־המקדש. ער איז פּלוצלינג ארויסגעשפּרונגען פון גרוב און זיך אַוועקגע־שטעלט פאַר די צוטומעלטע רוימער. זיי האָבען זיך דער־שראָקען זעהענדיג פּלוצלינג ארויסקומען פון דער ערד אַ מאַן אין קעניגליכע קליידער, האָבען זיי מיט מורא זיך אָבגע־רוקט און געשטאַנען פונוויטענס. און ער האָט זיי שטאָלץ געזאָגט:

— איך בין בן־גיורא, וואָס האָט אַ סך רוימער אויסגע־הרג'עט. רופט אייער גענעראַל!

די סאָלדאַטען האָבען געבראַכט דעם גענעראַל טורנוס רופוס, וואָס טיטוס האָט איהם בעשטימט פאַר שטאָדט־קאמענדאנט.

בן־גיורא האָט געדענקט, אַז דער גענעראַל וועט איהם טויטען אויפ'ן אָרט. דאָס איז אָבער נישט געשעהן. ער האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ קריעגס־געפאַנגענעם, געהייסען איהם שמידען אין קייטען און אַוועקגעשיקט צו טיטוס'ען. טיטוס איז געוועזען אויסער זיך פאַר גרויס פרייד, וואָס ער האָט ארייננעקראָגען דעם גרעסטען אידישען העלד און ער האָט בעפוילען, מען זאָל איהם מיטפיהרען נאָך רוים, דאָרט וועט ער איהם משפט'ען.

אַזוי איז כמעט דער גרעסטער טייל קנאים ארייננעפאַ־לען אין טיטוס'עס הענד. נאָר יהודה, שמעון'ס ברודער, האָט געהאַט מעהר גליק. אַלע האָבען געדענקט, אַז ער איז גע־שטאָרבען אין הייהל. צום סוף האָט ער יא געפונען דעם ריכטיגען וועג אין "צדקיהו'ס הייהל" און דערגאַנגען ביז די וועלדער פון יריחו. אין וואַלד האָט ער געטראָפען אַ סך אַנטלאָפענע און זיי האָבען איהם אויסגעקליבען פאַר אַ פיהרער.

באַלד זענען צו זיי צוגעשטאַנען אַ סך אַנטלאָפענע פון דער פעסטונג מכור, וואָס איז דערוויייל געפאַלען.

לאַנג האָבען זיי זיך אָבער נישט געהאַלטען אין וואַלד. באַלד זענען די רוימער געקומען און ארומגערינגעלט דעם וואַלד. די רייטער האָבען געשלאָסען אַ קייט ארום וואַלד און קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. די פוסגעהער זענען דער־נאָך געקומען מיט העק און אָנגעהויבען אויסהאַקען די בוי־מער און אויסגעפינען די בעהאַלטענע אידען.

אַ מורא'דיגע שלאַכט האָט אויסגעבראָכען צווישען די אידען און די רוימער. דער שונא האָט געכאַפּט גרויסע קלעפּ, אָבער זיי זענען געוועןן הונדערטמאָל מעהר ווי די אידען און זיי האָבען קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט פון וואַלד. דעם גרעסטען טייל האָבען זיי געטויטעט אויפ'ן אָרט און די איבריגע גענומען געפאַנגען. דאָרט איז אויך געפאַלען טויט יהודה, שמעון'ס ברודער. ער איז געשטאָרבען אַ העלדישען טויט. ביים לעבען האָט ער העלדיש געקעמפט און געשטאָר־בען ווי אַ העלד אין קאַמף אויף זיין ליעבע ערד.

זיין ברודער שמעון האָט דאָס שפּעטער געוואָהר געוואָ־רען פון די געפאַנגענע אין וואַלד. ער האָט זיין ברודער שטאַרק מקנא געווען. יהודה האָט נישט איבערגעלעבט די גרויסע שאַנד וואָס ער, שמעון, ווען די רוימער האָבען איהם געשלאָסען אין קייטען געפיהרט צום הר־הבית, האָט ער געזעהן ווי די הייליגע שטאָדט איז געוואָרען אַ שרעקליכער מזבח פאַר זיינע ברידער און גאָט'ס הויף — דער הויף פון טויט.

די אַלטע לייט און די קליינע קינדער פון אָרימען פאָלק האָבען די בייזע רוימער אויסגעקוילעט ווי שאָף און זייער בלוט האָט פערגאָסען אַלע גאַסען. עס זענען אין דעם גרוי־סען אונגליק געווען פעררעטער, וואָס האָבען אָנגעוויזען דעם שונא אויף די חכמים, די עלטסטע און די פיהרער פון ירושלים. און די רוימער האָבען זיי אויפגעהאַנגען אויף די בוימער אינמיטען שטאָדט. די געזונטע, פעסטע יונגע לייט האָבען זיי אַוועקגעשיקט נאָך עגיפּטען צו גראָבען גאָלד אין די בערג. און די קעמפער האָבען זיי אויסגעטיילט בעזונדער פאַר די צירקען אין די גוי'שע לענדער, וואו זיי וועלען איי־

נער דעם אנדערן מוזען דער׳הרג׳נען אָדער ווילדע חיות וועלען זיי צורייסען.

די אינגלעך אינגער פון זיבעצעהן יאָהר און אלע שעהנע פרויען און איידעלע מיידלעך האָבען זיי פערקויפט פאר שקלאַפען. פון די צעהנטויזענטער אידען, וואָס זענען אין צייט פון בעלאַגערונג ארויסגעגאַנגען צו די רוימער האָט טיטוס נאָר געלאָזט פריי פערציג טויזענט נפשות און זיי דערלויבט צו געהן וואו זיי ווילען. די איבעריגע זענען געוואָרען אויסגעקוילעט אָדער פערקויפט פאר אייביגע קנעכט.

איידער דאָס רוימישע געריכט האָט זיך געזעצט משפט׳ן די געפאַנגענע אויפ׳ן הר־הבית, זענען דערווייל עלף טויזענט געפאַנגענע געשטאָרבען פון הונגער. די רוימער האָבען זיי געהאַלטען אין געפענגנים און זיי נישט געגעבען צו עסען. נאָר די בעריהמטע קנאים־קעמפער, וואָס טיטוס האָט אויסגעקליבען מיטצופיהרען מיט זיך אויף זיין טריאומף־רייזע נאָך רוים, האָבען געקראָגען צו עסען און צו טרינקען און שטארק געהיט געוואָרען זיי זאָלען נישט בעגעהן זעלבסטמאָרד. צווישען זיי איז געווען שמעון בן־יאיר, דער פרינץ פון דוד המלך׳ס משפחה.

די רוימער האָבען אויך דערמאָרדעט דעם נשיא רבי שמעון בן גמליאל. די פעררעטער האָבען איהם פער׳מסר׳ט ביי טיטוס׳ען, אז אין אָנהויב קריעג איז ער געשטאַנען בראש פון די קעמפער און ער איז געווען געגען יוסיפוס׳ען פאר זיין פעררעט אין גליל. די רוימער האָבען אויך געוואָלט הרג׳ענען דעם נשיא׳ס זוהן רבי גמליאל. די פעררעטער האָבען אָנגעוויזען אויף איהם, אז ער איז געווען פערבונדען מיט די קנאים. זיי האָבען איהם שוין געזוכט צווישען די געפאַנגענע און געוואָלט אומברענגען.

איז רבי יוחנן בן זכאי געקומען צו לויפען פון יבנה און געפאַלען צו טיטוס׳עס פיס און איהם געבעטען, ער זאָל לאָזען לעבען דעם נשיא׳ס זוהן און נישט פערניכטען דאָס איינציגע איבערבלייבונג פון נשיא׳ס הויז. און דערמיט האָט רבי יוחנן בן זכאי איהם געראַטעוועט פון טויט. טיטוס האָט איהם צוליעב געטאָן, ווייל ער האָט געוואוסט, אז רבי יוחנן בן זכאי האָט אלעמאָל געוואָלט שלום.

טיטוס האָט געגעבען יוסיפוס׳ען די ערלויבניש אויסצו־קלייבען וועמען ער וויל צו ראַטעווען פון טויט. יוסיפוס האָט נאָר אויסגעקליבען זיינע קרובים און גוטע פריינד און דער־נאָך האָט דער פעררעטער זיך בעריהמט, אז ער האָט געטאָן א גרויסע זאַך פאַר זיי, וואָס ער האָט זיי בעפרייט און נישט גענומען פון זיי קיין געלד בעלוינונג דערפאַר.

---

די ביטערע מלחמה האָט זיך געענדיגט מיט דער פאָל־שטענדיגער פערניכטונג פון ירושלים און איהרע אידען. א מיליאָן מיט הונדערט טויזענט נפשות זענען געפאַלען בלויז אין ירושלים, אונטער דער רוימישער שווערד, פון שרעק־ליכען הונגער און די פעסט. זיבען און נייצניג טויזענט גע־קליבענע יונגע לייט און מיידלעך זענען גענומען געוואָרען אין געפאַנגענשאַפט. אויסער זיי זענען נאָך געפאַלען צעהנ־טויזענטער אין די שלאַכטען פון גליל, עבר הירדן און די שטעדט יהודה. פון דאָרט זענען אויך מאַסען אידען געשיקט געוואָרען צו די גוים אויף שווערע ארבייט און פערקויפט געוואָרען פאַר שקלאַפען.

אלע שטעדט איבער׳ן גאַנצען לאַנד האָבען די רוימער פערוויסט. געבליבען זענען נאָר די שטעדט, וואָס האָבען אין אָנפאַנג אָהן קאַמף איבערגעבען זיך דעם פיינד און גע־בעטען שלום. אויף טיטוס׳עס בעפעהל האָבען די רוימער צושטערט גאַנץ ירושלים. פון אלע הייזער, פּאַלאַצען און מויערן און דאָס בית המקדש איז נישט געבליבען א שטיין אויף א שטיין. צושטערט און צוואַוואָרפען. נאָר דריי טורעמס פון דער אלטער מויער האָט טיטוס געהייסען איבערלאָזען. די וועלט זאָל זעהן זיין מאַכט, אז ער האָט בייגעקומען אזעלכע מעכטיגע און ריזיגע פעסטונגען.

ווידער איז ירושלים און דאָס הייליגע לאַנד ווי א וויס־טע אלמנה געזעסען אויף די חורבות און געקלאָגט אויפ׳ן גרויסען בראָך. ירושלים האָט געוויינט אויף איהרע זיהן וואָס זענען אומגעקומען און אויף דעם פערשוועכטען כבוד פון איהרע טעכטער, וואָס די רוימער האָבען געפייניגט און געשענדעט און זיי דערנאָך פערקויפט פאַר שקלאַפינס. וועספּאַסיאַנוס האָט דאָס בילד אויסגעקליבען אלס אנדענ־

קען פון זיין גרויסען זיעג. ער האָט געמאַכט מטבעות מיט דעם בילד פון אַן אונגליקליכע אידישע פרוי געשלאָסען אין קייטען, וואָס זיצט אונטער א טייטעלבוים און טרויערט.

דער איצטיגער חורבן איז געווען פיעל גרעסער ווי דער פריהעריגער. די רוימער זענען געווען גרויזאַמער פון די כשדים, וואָס האָבען פערוויסט דאָס ערשטע בית המקדש. נבוכדנצר האָט דאָס אָרימע פאָלק איבערגעלאָזט אין לאַנד און בעשטימט אַ אידישען גובערנאַטאָר איבער זיי. די געפאַנגענע האָט ער בעזעצט אין בבל און זיי געשאָנקען לאַנד צו אַקערן און זייען און בויען הייזער.

טיטוס האָט אָבער נישט געוואָלט וויסען פון קיין רחמנות. ער האָט אַלעמען פערטיליגט און אומגעבראַכט. וועספּאַסיאַנוס האָט גענומען ארץ־ישראל פאַר זיין אייגענטום און שטיקער לאַנד פערקויפט צו די געצענדינער פאַר שווער גאָלד.

די ארויסגעטריבענע נאָך בבל האָבען געהאַט נביאים, וואָס האָבען זיי געטרייסט און אָנגעזאָגט דעם טאָג ווען זיי וועלען זיך אומקערען אין זייער לאַנד אריין. די פערטריבענע דורך רוים האָבען נישט געהאַט קיין נביאים און קיין טרייסטער, נאָר געמיינע פערדעמער, וואָס האָבען צוגעקוקט די גרויסע צרות און געקוואָלען פאַר פערגעניגען.

יוסיפוס האָט נישט געוואָלט צוריק נעמען זיינע פעלדער און גיטער אַרום ירושלים, ווייל זיי זענען געווען וויסט. האָט איהם דערפאַר טיטוס געגעבען די בעסטע פעלדער פון שרון.

טיטוס האָט פערלאָזט די פערוויסטע ירושלים און געפאָהרען נאָך קסריה. האָט ער דאָרט געמאַכט גרויסע פערוויילונגען פאַר די געצענדינער און ער האָט געהייסען וואַרפען אין צירק פאַר די ווילדע חיות איבער פופצעהן הונדערט געפאַנגענע העלדישע קנאים. די חיות האָבען זיי צוריסען און געטרונקען זייער בלוט און די געצענדינער האָבען צוגעקוקט און ווילד געשפּרונגען פאַר גרויס פרייד.

פיעל געפאַנגענע זענען אויך געצוואונגען געווען איינצוטרעטען אין צירק און ראַנגלען זיך איינער מיט'ן אנדער'ן ביז טויט. און אז זיי האָבען נישט געוואָלט הרג'ענען איינס

דאָס אַנדערע, האָבען די רוימער זיי געשטאָכען מיט גלי־הענדע אייזענע ריטער.

טיטוס איז מיט זיין סוויטע דערנאָך פערפאָהרען צו אַגריפּאס'ען און דאָרט פערבראַכט מיט זיין געליעבטע בע־ראַניקא. יוסיפוס איז אויך דאָרט געווען. האָט טיטוס אַלע טאָג געמאַכט פערוויילונגען און אַנגעטרונקען מיט די טייערסטע וויינען האָט טיטוס יעדעס מאָל געהייסען וואַר־פען מאַסען קריעגס־געפאַנגענע פאַר די ווילדע חיות אין צירק. אַגריפּאַס, בעראַניקא און יוסיפוס האָבען צוגעקוקט ווי די חיות צורייסען זייערע ברידער, זויפען זייער בלוט און עס האָט זיי גאָרנישט געאַרט און האָבען זיך נאָך מיטגע־פרעהט מיט די שונאים.

אויף דער גאַנצער רייזע פון קסריה ביז רוים האָט טיטוס זיך אָבגעשטעלט אין די גרויסע שטעדט און געטאָן דאָס זעלבע מיט די קריעגס־געפאַנגענע. טויזענטער און טויזענ־טער אידישע קעמפּער זענען נישט דערפאָהרען ביז רוים, די ווילדע חיות אין פערשידענע צירקען האָבען זיי צוריסען. און די דריי אידישע פּעררעטער, אַגריפּאַס, בעראַניקא און יוסיפוס זענען אומעטום מיטגעפאָהרען און געזעהן די שווי־דערליכע פּיין פון זייערע ברידער און זיי האָבען זיך גע־פרעהט און געווען לוסטיג מיט די גוים אינאיינעם.

---

זיבען הונדערט העלדישע קנאים־פיהרער האָט טיטוס אויסגעקליבען צו בעפּוצען מיט זיי זיין טריאומף־צוג נאָך רוים. צווישען זיי זענען געווען די הויפּט־פיהרער: שמעון בן־גיורא, יוחנן פון גוש־חלב און שמעון בן יאיר. א סך גע־ברענטע ליידען און פּיין זענען זיי אויסגעשטאַנען אויפ'ן וועג ביז זיי זענען אָנגעקומען נאָך רוים. מען האָט זיי אריינ־געשליידערט אין תפיסה לעבען דער נעראָן־בריק איבער'ן טיבער.

ניין חדשים נאָך'ן חורבן ירושלים האָט טיטוס זיך אומגעקערט נאָך רוים. עס איז געווען אין מאָנאַט סיון אין יאָהר דריי טויזענט אַכט הונדערט און איין און דרייסיג. דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבען דאָס טריאומף־פייערונג.

גאַנץ פריה זענען די תפיסה־וועכטער אריין צו די געפאַנ־

גענע קנאים און זיי ארומגעוואשען און אויסגעשמירט, זיי אָנגעטאָן טייערע קליידער מיט צירונג, ווי זיי זענען געווען גערעכט געווען צו געהן אָנגעטאָן אין ירושלים, יעדער לויט זיין ראנג און שטאנד. דאָס רוימישע פאָלק זאָל זעהן, אַז זיי זענען נישט קיין פּראָסטע געפאנגענע, נאָר די געקליבענסטע און אנגעזעהענע פיהרער און העלדישע קעמפער און בעוואונדערן טיטוס'עס זיעג.

אויסגעפּוצטע האָט מען זיי אויסגעשטעלט גרייט נאָכצוגעהן נאָך טיטוס'עס רייטוואָגען, ווען ער וועט אריינפאָהרען דורך דעם טריאומף־טויער, וואָס איז פאר דעם געווארען געבויט. אויסגעפּוצט אין די שענסטע קליידער זענען זיי אלע געווען און מען האָט נישט געקענט וויסען, אַז זיי זענען געפאנגענע, ביז מען האָט געזעהן די שווערע קייטען אויף זייערע פיס...

פינסטער האָבען די געפאנגענע געקוקט ארום זיך און געטראַכט, אז אמאָל האָט מען ביי אידען אויסגעפּוצט די אָקסען איידער מען האָט זיי געפיהרט צום מזבח. איצט האָט מען זיי אויסגעפּוצט איידער מען פיהרט זיי אין שאנד־צוג.

ווי ס'איז נאָר געוואָרען טאָג האָט זיך אָנגעהויבען דער טריאומף־פאראד. מען האָט זיי דורכגעפיהרט דורך שעהנע גאסען, פערביי פּראכטפולע פאלאצען, וואונדערליכע טעמפּלען און זעלטענע גערטנער, ביז זיי זענען צוגעקומען צום טריאומף־טויער. דאָרט זענען געשטאנען מאסען מענשען און געווארט אויפ'ן פאראד. פּאָליציי־עלטסטע זענען געריטען אויף ווייסע פערד און געהאלטען אָרדנונג. א סך ליקטארען, פּאָליציאנטען פוס־געהער זענען געשטאנען מושטירט צו מאַרשירען צום מארספעלד און זעהן די פייערונג און די גרויסע פערוויילונגען לכבוד דעם גרויסען זיעג איבער'ן אידישען לאנד.

פאָראויס זענען געגאנגען מחנות גלחים אין זייערע פּריסטער קליידער און געזינגען זייערע געזאנגען און געטראָגען אויף די פּלייצעס די געצען, וואָס זענען געווען אויסגעפּוצט מיט גאָלד און זילבער, תכלת און פּורפּור.

נאָך די גלחים זענען געפיהרט געוואָרען מיט מוזיק די שאָף און רינדער, וואָס זענען אָנגעגרייט געוואָרען פאר

קרבנות צו די אָבגעטער. דערנאָך זענען געגאנגען די יונגע זיהן פון רוימישען אדעל און אריסטאָקראטיע און געטראָגען אַלע טייערע זעלטענע אנטיקען, וואָס די רוימער האָבען אוועקגערויבט ביי אַלע פעלקער וואָס זיי האָבען בעזיעגט.

הינטער זיי איז דער קיסר וועספּאסיאנוס געפאָהרען אין א גאָלדענע קאָרעטע און צו זיין רעכטער האנד איז געזעסען זיין זוהן, דער שטאָלצער זיעגער טיטוס. לעבען דער קאָרעטע איז געריטען אויף א ווייס פערד דעם קייסער'ס זוהן דאמיציאנוס. ער האָט אָנגעפיהרט א מחנה גענעראַלען און מאַרשאַלען, וואָס זענען געגאנגען אָנגעטאָן אין לייכטע טאגעס געוועבט מיט גאָלד און אויף די קעפּ — לאָרבער־קרענץ אַלס צייכען פון זיעג.

נאָך די גענעראַלען זענען געגאנגען די עלטסטע קריעגער און געטראָגען אין זילבערנע בעקענס די דימאנטען און איידעלשטיינער, טייערע גאָלד־ארבייט און זעלטען זיידענס, וואָס זיי האָבען אָנגערויבט אין ארץ־ישראל.

הינטער זיי זענען געפיהרט געוואָרען העלפאנטען, אייזלען און מויל־אייזלען און חיות, בהמות און פערשידענע פויגעל פון ארץ ישראל און די ארומיגע לענדער. אויך לייבען, בערען, לעמפּערטען פון סיריען, אראַביען און לבנון זענען פערבייגעפיהרט געוואָרען אין אייזענע שטייגען. די דאָזיגע ווילדע חיות האָבען זיך געשפּייזט די גאַנצע צייט מיט'ן פלייש פון די אידישע קריעגס־געפאנגענע.

מען האָט אויך פערבייגעפיהרט אַלע סאָרטען בוימער, געוויקסען און בלומען פון ארץ־ישראל. ווייגשטאָקען, מילגרוים בוימער, איילבירטען, פייגען, ניס און מאנדלען, צעדער־בוימער פון לבנון, יריחו רויזען, די רויזען פון טאָל, ליליען פון שרון און אַלע וואונדערליכע בלומען פון ארץ־ישראל, דאָס רוימישע פאָלק זאָל זעהן וואָס פאַר א לאַנד טיטוס האָט בעזיעגט.

די מוזיק האָט אָנגעהויבען שפּילען און געגעבען א צייכען, אז די לעגיאָנען געהן. פּאָראַוים זענען געריטען די רייטער אויף די ריעזיגע פערד. הינטער זיי די פוסגעהער־ארמעע. אַלע זענען געווען אויסגעפּוצט. אנשטאט די שווערדען האָבען זיי געהאַלטען איילבירטען שטעקענס. יעדער

סאָלדאַט האָט געטראָגען א לאַרבער־קראַנץ אויפ'ן קאָפּ. זיי זענען געגאַנגען און געזינגען זיעג־ליעדער און מלחמה־גע־זאַנגען.

שפּעטער האָבען זיי פערבייגעפיהרט די בעלאַגערונגס־מאַשינען און די שטורם־בעק, וואָס האָבען צושטערט די מויערן פון ירושלים. מאַסען בילדער פון די פערשידענע מלחמות אין גליל, אין עבר הירדן, אין יהודה און ירושלים האָבען זיי געפיהרט צו ווייזען אין רוים. מאַלער קינסטלער וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט די רוימישע לעגיאָנען אין ארץ ישראל האָבען געמאָלען די בילדער פון די שלאַכטען, די שרפות, פערניכטונג און חורבן אין אידישען לאַנד.

גאָר פון הינטען האָבען די סאָלדאַטען געטראָגען דאָס רויב וואָס זיי האָבען געבראַכט פון ארץ ישראל, דאָס ציר־רונג און די טייערע קליידער פון די רייכע אידישע הייזער און די הייליגע כלים פון בית המקדש. דעם "שלחן הפנים", די מנורה און דאָס פּרכת פון היכל און דאָס ספר־תורה פון בית המקדש.

די סאָלדאַטען האָבען דאָס אַלץ געטראָגען און געזינגען טריאומף־ליעדער און די ארומשטעהענדע מאַסען האָבען געיובעלט פאַר פרייד און מיט דונערנדע געשרייען געשריי־גען:

— יודעא דעוויקטא! יודעא קאַפּטא! (יהודה איז בע־זיעגט! יהודה איז געפאַנגען!)

די ווילדע פרעהליכע קולות האָבען ווי דונערן געטראָ־גען זיך ווייט און די ערד האָט געציטערט פון די געשרייען.

דאָס אַלץ האָבען צוגעזעהן די געפאַנגענע קנאים־פּיה־רער. זיי זענען געשטאַנען לעבען טריאומף־טויער, געשמידט אין קייטען, און צוגעקוקט זייער שאַנד. דעם שונא איז גע־ווען ווייניג וואָס ער האָט חרוב געמאַכט דאָס לאַנד, שענ־דעט ער זיי נאָך און לעסטערט גאָט'ס נאָמען, האָבען די געפאַנגענע ביטער געטראַכט און געפרעגט:

— וועט גאָט שווייגען אויך איצט?!

זיי האָבען געוואָלט וויינען און דערטרינקען גאַנץ רוים אין זייערע טרערען. זיי האָבען געוואָלט שרייען ביז דער הימעל וועט זיך שפּאַלטען. זיי האָבען אָבער נישט געשריי־

נען און נישט געוויינט. זיי האָבען נישט געוואָלט די רוימער זאָלען זיי זעהן וויינען. זיי האָבען נאָר אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און געפרעגט פערביטערט:



אידישע געפאנגענע טראָגען די כלים פון בית המקדש אין טיטוס'עס טריאומף צוג אין רוים.

— פארוואָס קומט אונז דאָס? פארוואָס האָסטו אונז אזוי הארב בעשטראפט?

---

איצט האָבען די סאָלדאטען גענומען די אידישע געפאנגענע און זיי דורכגעפיהרט דורך'ן טריאומף־טויער. הונדערטער טויזענטער מענשען האָבען אָנגעפילט דעם גרויסען ברייטען פּלאַץ צווישען טיבער און בארג קארינוס. מאַסענווייס זענען זיי געשטאַנען אויף די באַלקאָנען, אויף די בוימער און דעכער. פון אלע זייטען, פון יעדען ווינקעל און פון דער הויך זענען געוואָען אויסגעשטעלט ים'ען קעפּ מיט בלישטשענדע אויגען אויף דעם הייפעלע אידישע קריעגסגעפאַנגענע, וואָס זענען געגאַנגען שטאָלץ און שטיל תּפלה געטאָן צו גאָט.

זיי האָבען נישט געבעטען גאָט זאָל רחמנות האָבען אויף זיי און ראַטעווען פון טויט. זיי האָבען נאָר געבעטען נקמה אָן פיינד. גאָט זאָל בעצאָהלען די שונאים וואָס האָבען פערוויסט זיין לאַנד און לעבטערן זיין נאָמען. זיי זענען זיכער

געווען, אַז גאָט וועט זיך נוקם זיין אָן רוים, די פערדאָרבענע שטאָדט. און אויב זיי וועלען נישט דערלעבען די נקמה, וועלען דאָס זעהען די שפּעטערע דורות.

די מאַסען מענשען האָבען געשטורמט און געברומט ווי דער ברויזענדער ים, אַז זיי האָבען דערזעהן די אידישע קריעגס־געפאַנגענע. אַז זיי האָבען זיך בערוהיגט און ס'איז געוואָרען שטיל, איז דער פּרעפעקטוס (פּאָליציי־שעף) צוגעריטען אויף אַ שוואַרץ פערד צו די קריעגס־געפאַנגענע. נאָך איהם זענען געגאַנגען די רייטער־פּאָליציי און די ליקטאָרען. דער פּרעפעקט האָט געהאַלטען אַ גרויס פּאַפּיר מיט די נעמען פון די געפאַנגענע און זייערע אורטיילען.

ער האָט פאָרגעלייענט, אַז זיי זענען אַלע דערקלערט אַלס ווידערשפּעניגע קנעכט, וואָס האָבען מורד געווען אין זייערע הערשער. נאָר די מיטגלידער פון דער אַדיאַבישער קעניגליכער פאַמיליע זענען פריי. אַדיאַבען איז נישט אונטערטעניג צו רוים. זיי וועלען באַשטראָפט ווערען לייכט. זיי וועלען נישט טאָרען אַרויספאָהרען פון רוים. זיי וועלען זיין אַ משכון אַז זייער קעניגליכע פאַמיליע אין דער היים וועט מעהר זיך נישט פאַראייניגען מיט די וואָס רעוואָלטירען קעגען רוים.

נאָך'ן לייענען די אורטיילען האָט די פּאָליציי צושיידט די געפאַנגענע און זיי גענומען אויסצופיהרען די שטראָפען אויף זיי. די קנאים האָבען שטיל זיך געזעגענט, נישט גערעדט קיין וואָרט. נאָר געדריקט זיך די הענד און אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל, ווי זיי וואָלטען געזאָגט :

— גאָט וועט זיך נוקם זיין פאַר אונזער בלוט !...

שמעון בן־גיורא, דער גרעסטער העלד, איז דער ערשטער אַוועקגעפיהרט געוואָרען צום טויט. די ליקטאָרען האָבען איהם אויסגעטאָן נאַקעט ביז די לענדען און אַרומגעלייגט אַ שטריק אַרום זיין האַלז. זיי האָבען איהם גענומען שלעפּען אויף דער ערד און געשטאָכען זיין לייב מיט אייזערנע שפּיזען ביז זיי האָבען איהם געבראַכט צום טאַרפּעאישען פעלז און האָבען איהם אַראָפּגעשליידערט פון דער הויך און ער איז געוואָרען צושמעטערט און צוריבען אויף שטיקלעך. זיי האָבען געגעבען אַ סיגנאַל, אַז רוים'ס פיינד איז

טויט. האָט די מוזיק אָנגעהויבען שפּילען, די גלחים האָבען מקריב געווען קרבנות און גאַנץ רוים האָט געשטורמט מיט פרייד־געשרייען.

איצט האָבען זיי צוגענומען דעם אונערשראָקענעם העלד




די מטבע וואָס טיטוס האָט געמאַכט אין אנדענקען פון זיין זיעג.

יוחנן פון גוש־חלב. אין די עטליכע מאָנאַטען האָט זיך יוחנן שרעקליך געענדערט. ער איז נישט מעהר געווען ווי א הויפען דארע ביינער בעצויגען מיט א גרינע הוט. זיין פנים איז מורא'דיג איינעשרומפּען און ער איז געוואָרען גרייז־גרוי. די רוימער האָבען זיך געשעמט, אז מיט אזא שוואַכען קראַנקען מענש האָבען זיי געמוזט אזוי לאַנג און אזוי שווער קעמפען.

יוחנן איז פער'משפט געוואָרען אויף לעבענסלענגליך געפענגנים. דאָס האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט אזוי געהאָפט, אז זיי וועלען איהם טויטען און מאַכען א סוף צו זיינע ליידען. האָבען זיי איהם געלאָזט לעבען, ער זאָל זיך מאַטערן. ער איז גלייך אַוועקגעפיהרט געוואָרען אין דער שוועדסטער רוימישער תפיסה, וואָס ווער עס קומט אריין געהט שוין נישט ארויס לעבעדיג.

איצט האָט ד'ער פּרעפעקט אויסגערופען שמעון בן־

יאיר׳ן. ער איז בעשולדיגט געוואָרען אין א סך שווערע פער־ברעכענס. ער איז ארומגעפּאָהרען צווישען די אידען ביים פּרת און חדקל און זיי אָנגערעדט צו געהן נאָך ירושלים און בעקעמפען רוים. ער האָט אויך אָרגאַניזירט מיליטער־גרופּען אין גליל און זיך בעטייליגט אין די שלאַכטען פון פעסטונג גמלא און שפּעטער איז ער געווען א מיליטער־קאָמאַנדיר אין ירושלים. שמעון בן־יאיר איז פעראורטיילט געוואָרען גע וואָרפען צו ווערען פאר די ווילדע חיות.

שמעון האָט אויפגעשווידערט, אַז ער האָט דאָס געהערט. ער האָט זיך אָבער בעהערשט, נישט אַרויסגעוויזען קיין שרעק פאר די רוימער און זיך געגרייט צום טויט. די ליקטאָרען האָבען אראָפּגעריסען פון איהם די קליידער און איהם געלאָזט נאַקעט, נאָר דעם גאַרטעל אויף די לענדען האָבען זיי איהם איבערגעלאָזט.

זיי האָבען איהם דערלאַנגט א קליין מעסעריל צו קעמ־פען דערמיט געגען די חיות, און האָבען איהם אוועקגעפיהרט אין אמפיטעאַטער. צוועלף טויזענט אידישע געפאַנגענע האָט טיטוס בעשטימט צו וואַרפען פאר די חיות אין אמפי־טעאַטער און שמעון בן־יאיר האָט געזאָלט בעגייען דאָס אָרט מיט זיין בלוט.

שמעון האָט זיך רוהיג אַרומגעקוקט. עס איז געווען אַן אונגעהויער גרויסע געביידע, זעהר לאַנג און רונדיג. ארום און ארום זענען געווען זיץ־פּלעצער אויף פיער שטאָק.

אויפ׳ן ערשטען שטאָק זענען געווען לאָזשעס מיט גאָל־דענע גראַטעס. אין די לאָזשעס זענען געזעסען די מי־ניסטאָרען און די וועסטא־מיידלעך. אינמיטען איז געזעסען דער קייסער מיט זיין פאַמיליע און זיינע געסט.

אויפ׳ן צווייטען עטאַזש זענען געזעסען די סענאַטאָרען. אויפ׳ן דריטען שטאָק די בירגער און די רייטער פון אדעל. דער פערטער שטאָק איז געווען פאר׳ן פעבעל, דאָס פּראָס־טע פאָלק.

די וואַנד זענען געווען וואונדערליך דעקאָרירט און די זיילען זענען געווען בעהאַנגען מיט טייערע בלומען־קרענץ. איבער די קעניגליכע לאָזשעס האָבען געהאַנגען זעלטענע

פאַרהאַנגען און פאַנטאַנען האָבען געשפּריצט רויזען־וואַסער צו רייניגען די לופט.

אונטען איז אינמיטען געווען די ארענא אויסגעשפּרייט מיט זאַמד איינצוזאַפּען דאָס פערגאָסענע בלוט.

די דינער האָבען אוועקגעשטעלט שמעון׳ען אויף דער ארענא קעגען איבער די שטייגען מיט די ווילדע חיות. די טירען פון די שטייגען זענען געווען פערשלאָסען און די ווילדע חיות זענען געלאָפען משוגע׳נערוויים אין די שטייגען און מורא׳דיג געברומט און געשריגען. זיי האָבען דערפיהלט אז מען גרייט פאר זיי א גרויסע סעודה און באַלד וועלען זיי זיך אָנזעטיגען מיט מענשליך פלייש און בלוט, זענען זיי געווען אונגעדולדיג און ארויסגעשטעקט די צונגען.

---

שמעון איז געשטאַנען אין זאַמד און די צושויער האָבען איהם גוט בעטראַכט און אָנגעהויבען דיסקוטירען, ווי לאַנג ער וועט קענען ביישטעהן דעם שרעקליכען סירישען לייב, וואָס וועט זיך באַלד וואַרפען אויף איהם.

נישט ווילענדיג האָט שמעון א קוק געטאָן אויף די קייזערליכע לאָזשעס. ער האָט געהערט, אַז דאָרט רעדען זיי אויך וועגען זיין קרעפטיגען געבוי. פּלוצלונג האָט ער א שפּרונג געטאָן פאר שרעק. ער האָט דאָרט דערזעהן אַגריפּאַס׳ען מיט בעראניקא׳ן זיצען שטאָלץ אין איינער פון די קייזערליכע לאָזשעס. לעבען זיי איז געזעסען אַגריפּאַס׳עס גענעראַל פיליפּוס, צפּורה׳ס און אסתר׳ס פעטער. הינטער זיי איז געזעסען יוסיפוס און געדעדט מיט א פרוי, וואָס איז געזעסען אין ווינקעל. א מורא׳דיגער האַס האָט זיך צוברענט אין איהם. ער האָט גלייך אַוועקגעכאַפּט די אויגען, די פערדעטער זאָלען נישט זעהן זיין אויפרעגונג.

אויפ׳ן עטאַזש פון די בירגער איז דערווייל אָנגעגאַנגען א הייסע דיסקוסיע : ווי לאַנג שמעון וועט אויסהאַלטען אין קאַמף מיט׳ן לייב ?

— איך וועט אויף טויזענט סעסטערציום, אַז דער איד וועט בעזיעגען דעם סירישען לייב ! — האָט איין בירגער געזאָגט הויך.

— איך וועט זיך מיט דיר ! — האָט א צווייטער זיך

אָנגערופען — איך זאָג, אז דער לייב וועט איהם צורייסען. און איך וועט זיך אויף נאָך צוויי טויזענט אויב דער אינדי־שער לעמפּערט וועט איהם נישט צורייסען אין דער ערשטער רגע.

שמעון האָט דאָס געהעה־ט און ס'איז איהם געוואָרען פינסטער אין די אויגען. ער האָט דערהערט די טרויעריגע בשורה, אז ער וועט האָבען צו קעמפען מיט עטליכע חיות. אויב ער ויעט בעזיעגען דעם סירישען לייב, וועט איהם בע־פאלען אן אינדישער לעמפּערט. ווער ווייס וויפיעל חיות זיי האָבען אָנגעגרייט פאר איהם!

— הערט, פריינד! — האָט עמיצער געזאָגט צו די וועטערס—איהר קענט דאָך פאר צעהן סעסטערציוס קויפען דעם הינטישען איד פאר אן אייביגען קנעכט, וואָס וואַרפט איהר מיט טויזענטער פאר זיין טויטען קערפּער?

שמעון האָט א קוק געטאָן און געזעהן, אז דאָס האָט גערעדט א שכור, איינער פון פעבעל, אן אָבגעריסענער, א באָרוויסער. דאָס האָט שמעון'ען שרעקליך וועה געטאָהן. אויך אָט דער מיאוס'ער שיכור דערנידריגט איהם אזוי! און ער האָט זיך פערטראַכט אז עס לוינט איהם גאָרנישט צו קעמפען מיט'ן לייב. וואָס וועט איהם ארויסקומען, אז ער וועט דעם לייב בעזיעגען? ער וועט נאָר פערלענגערן זיינע ליידען. ער וועט ראַטעווען עטליכע רגע'ס פון טרויריג לעבען. וועט איהם שפּעטער דער לעמפּערט אָדער אן אנ־דערע חיה צורייסען. מיט זיין קאַמף וועט ער נאָר אַמוזירען די שונאים און זיי מאַכען פרעהליך.

ער האָט בעשלאָסען נישט צו קעמפען און ער האָט אוועקגעוואָרפען דאָס מעסער.

די וועטערס האָבען זיך אָנגעהויבען קריגען. דער וואָס האָט געזאָגט, אז שמעון וועט בעזיעגען דעם לייב האָט גע־קראָגען חרטה. איצט קען ער זיך נישט וועטען, האָט ער גע'טענה'ט, ער האָט דאָך מעהר נישט דאָס מעסער. מיט די ליידיגע הענד וועט ער נישט בייסטעהן קעגען דעם לייב. דער צווייטער האָט געזאָגט, אז דער וועט בלייבט — וועט. ער וויל זיין געוואונען געלד.

אין מיטען די טענות האָט זיך געעפענט א שטייג און

א שרעקליך גרויסער, מורא׳דיגער לייב איז ברומענדיג ווילד ארויסגעשפרונגען פון שטייג. די דינער האָבען איהם פריהער אין שטייג געשטאָכען מיט אייזענע ריטער און איהם שטאַרק צורייצט.

ווי ער איז אַרויס פון שטייג איז ער געבליבען שטעהן אויף א גליהענדע קופערנע פּאַדלאָגע, וואָס איז געוואָרען אונטערגעהייצט, צו בריהען דעם לייב און איהם מאַכען ווילד. דער לייב האָט אַרויסגעלאָזט א ווילדען ברום און שנעל געלאָפען צום אַרענא. ער האָט זיך געגעבען א שטאַרקען ציה צוריק, א שאָקעל געטאָן מיט׳ן שטאָלענעם קערפּער און ווי א גרויסע גרוב אויפגעריסען דאָס מויל. ער האָט אַרויסגעשטעקט א רויטע טרוקענע צונג און אויסגעשטעלט די שאַרפע צייהן, וואָס האָבען געקענט איבערבייסען אייזען און צומאָלען אויף שטויב.

ווי ער האָט בעמערקט שמעון׳ען, האָט ער אָנגעהויבען גיך דרעהען מיט׳ן עק און געשאָקעלט מיט זיין פעדשוואַרצע גריווע, ברומענדיג ווילד, אַז די ערד האָט געציטערט.

שמעון איז געשטאַנען רוהיג, אָהן שרעק און פערלייגט די הענד אויפ׳ן האַרצען. ער האָט געוואָלט ווייזען די שונאים, ווי מוטיג ס׳איז דער איד. ער לאַכט דעם טויט אין די אויגען.

דער לייב האָט זיך גערוקט הינטערווייַלעכס, ווי ער וואָלט אויסגעמאָסטען די ווייטקייט צווישען איהם מיט שמעון׳ען, ער זאָל איהם קריגען מיט איין שפּרונג.

שמעון האָט גלייך געקוקט אויפ׳ן לייב. דער לייב האָט געקוקט אויף שמעון׳ען און זייערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט... — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער רגע איז געוואָרען א גרויסער טומעל אין אמפּיטעאַטער. פון די קייזערליכע לאָזשעס האָט זיך אַרויסגעריסען א מורא׳דיגער, שרעקליכער קוויטש.

א יונג מיידעל אין ווייסע קליידער איז אַרויפגעשפּרונגען אויפ׳ן דאַך איבער די שטייגען און גלייך אַראָפּ אויף דער גליהענדער קופערנער פּאַדלאָגע. זי איז פערביי דעם לייב

געלאָפען צו שמעון׳ען, איהם ארומגעכאַפּט און געשריגען אויף העברעאיש:

— ברודער! איך וועל שטאַרבען מיט דיר אינאיינעם!

ער האָט זיך איינגעקוקט אין איהר און אויפגעשפּרונגען דערשראָקען. דאָס איז געווען אסתר, צפּורה׳ס שוועסטער, זיין פערשטאָרבענער כלה׳ס שוועסטער.

ער האָט זי געוואָלט אוועקשטופּען און זיך שטעלען צווישען איהר מיט׳ן לייב, איז פּלוצלינג געשעהן א גרויס וואונדער. — — —

דער ווילדער לייב וואָס האָט זיך ערשט א ציה געטאָן און געגרייט שפּרינגען אויף איהם, האָט זיך אויסגעצויגען אויף די קניהען און אָנגעהויבען דרעהען מיט׳ן עק ווי א הונט פאַר זיין בעל־הבית. ער איז אויף די קניהען צוגעקראָכען צו שמעון׳ען און געגלעט מיט דער באָרד און מיט דער צונג שמעון׳ס פיס און געקוקט צו איהם מיט גרויס פרייד און ליעבשאַפט, אויסשטעקענדיג צו איהם א פוס.

שמעון האָט דערקענט דעם לייב. דאָס איז געווען דער פערוואונדעטער לייב פון סירישען וואַלד, וואָס ער האָט ארויסגעצויגען דעם דאָרן פון זיין פוס און איהם אויסגעהיילט. ער האָט איהם דערקענט פון צייכען פון דער וואונד אין פוס און אָן פלעק אויפ׳ן לייב׳ס שטערן. דאָס האָט איהם דער לייב אויך דערקענט, דערקענט זיין רעטער פון אמאָל, און ער האָט זיך געלאַשטשעט צו איהם, דערפרעהט זיך מיט איהם און איהם דערלאַנגט דעם פוס צו דערמאָנען איהם, אז דאָס איז ער דער לייב, וועמען ער האָט אויסגעהיילט.

שמעון האָט רוהיג געשמייכעלט. ער האָט געוואוסט, אז מיט דעם לייב וועט ער שוין נישט דאַרפען קעמפען. אסתר איז געווען שטאַרק צוטומעלט און דערשראָקען, האָט שמעון זי גענומען און אוועקגעזעצט אויפ׳ן לייב, זי זאָל זיך אָברוהען און בערוהיגען.

ווי די צושויער האָבען דערזעהן דאָס וואונדערליכע בילד מיט דעם לייב, האָבען זיי דאָס אָנגענומען פאַר א געטליכען צייכען, אז גאָט וויל שמעון זאָל בלייבען לעבען. און זיי האָבען אָנגעהויבען שטורמען און שרייען:

— גראַציא! אינדולטום! (פערגעבען! בעגנאַדיגען!)

דאָס גאַנצע אַמפּיטעאַטער פון אונטען ביז אַרויף האָט געשטורמט און פון אַלע זייטען האָבען זיך געטראָגען די געשרייען:

— גראַציאַ! אינדולטוס!

שמעון האָט אַ קוק געטאָן צו די קייסערליכע לאָזשעס און דערזעהן טיטוס'ען קניהען פאַר בעראַניקאַ'ן, וואָס איז געזעסען דערשראָקען פער'חלש'ט אָהן אָטעם ווי אַ סטאַטוע. די וועסטאַ־מיידלעך זענען געשטאַנען אויף די קניה און געפּאָבעט מיט זייערע וואוּאַלען אַלס צייכען, אַז מען דאַרף שמעון'ען בעגנאַדיגען.

בעראַניקאַ איז געקומען צו זיך, געקוקט אויף שמעון'ען מיט אסתר'ן מיט גרויס רחמנות און טרערען האָבען אָנגעפילט איהרע אויגען. זי האָט אויסגעשפּרייט איהרע הענד אין געבעט צו טיטוס'ען און ער האָט זיך אַרויסגעבויגען פון זיין לאָזשע צום פּאָטער און עפּעס גערעדט מיט איהם.

דער שטורם אין אַמפּיטעאַטער איז אָבער נישט געוואָרען שטילער. פון אַלע זייטען זענען געקומען די געשרייען שטאַרקער און העכער:

— גראַציאַ! אינדולטוס!

טיטוס האָט געגעבען אַ צייכען און דער פּרייטאָר (הויפּט־ריכטער) איז גלייך אַריין אין דער קייסערליכער לאָזשע. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער אַרויסגעקומען, פּערנומען זיין אָרט צווישען די סענאַטאָרען, אַרויפגעשטעקט אַ ווייסע פאָהן אויף זיין ריכטער־שטעקען, ער האָט אויפגעהויבען די פאָהן. ס'איז געוואָרען זעהר שטיל, און ער האָט אויסגערופען הויך:

— דער קייסער שענקט זיין גענאָד דעם געפאַנגענעם. אַזוי ווי אונזערע שטאַרקע געטער האָבען איהם געוויזען זייער גענאָד. דער קייסער בעפרייט איהם און די פרוי, וואָס שטעהט לעבען איהם. דער סירישער לייב ווערט דערקלערט הייליג פאַר אונזער גאָט אַפּאָלאָן איבער דאָס גרויסע נס, וואָס מיר האָבען געזעהן דורך איהם.

— סאַפּאַס! סאַפּאַס! (הוראַ!) — האָט דאָס פולע אַמפּיטעאַטער געשטורמט לוסטיג — זאָל לעבען אונזער קייסער! סאַפּאַס! סאַפּאַס!

שמעון האָט גלייך געקראָגען זיינע קליידער און ער האָט זיך אָנגעטאָן. ער האָט אָנגענומען דעם לייב, ווי א פּאַסטוך זיין שעפּעלע, און איהם צוגעפיהרט צו זיין שטייג. ער האָט איהם ארומגענומען און געגלעט ליעב און דאַנקבאַר. דער לייב האָט זיך געטוליעט צו איהם און טרויעריג געברומט, אז ער האָט געזעהן, ער פערלאָזט איהם. די דינער האָבען גלייך ארויסגענומען די שטייג מיט'ן לייב און אוועקגע־טראָגען אין טעמפּעל.

שמעון און אסתר'ן האָבען די דינער געבראכט אין אג־ריפּאס'עס פּאַלאַץ, נישט ווייט פון וועספּאַסיאַנוס'עס הויף. אסתר האָט אריינגענומען שמעון'ען אין איהר צימער, וואָס זי האָט פערנומען מיט איהר פעטער פיליפּוס און דאָ האָט זי געעפענט איהר פערוואונדעט הארץ פאר איהם און דער־צעהלט אלץ וואָס מיט איהר איז געשעהן פון טאָג, ווען די רוימער האָבען זי געכאַפּט ביז היינט.

אסתר האָט געוואוסט כמעט אלץ וואָס ס'איז פאָרגעקו־מען אין ירושלים. די אידען וואָס זענען ארוים צו די רוימער האָבען איהר אלץ דערצעהלט. זי האָט געוואוסט, אז איהר שוועסטער צפּורה, שמעון'ס כלה, איז געשטאָרבען פון דער פּעסט. טייכען טרערען האָבען ביידע פערגאָסען רעדענדיג פון צפּורה'ן. זי האָט אויך געוואוסט אז אלעזר בן שמעון איז געפאַלען אין קאַמף. און אז מרים, זיין ווייב, איז ארוים צו די רוימער. זי איז געבליבען לעבען. זי האָט אָבער נישט געקראָגען איהרע גיטער, ווייל איהר מאַן איז געוועזן א קנאים־פיהרער. אסתר האָט איהם דערצעהלט, אז זי האָט שוין לאַנג געהערט, אז יהודה איז געפאַלען אין וואלד־שלאַכט. ווען זי האָט גערעדט פון יהודה'ן האָט זי נישט שטאַרק געוויינט און דאָס האָט איהם געוואונדערט. ער האָט זי אָבער נישט געפרעגט דערוועגען, ווייל ער האָט געוואוסט אז זי וועט איהם אלץ דערצעהלען, און זי האָט איהם טאַקי אלץ דערצעהלט:

דעם זעלבען טאָג וואָס די קנאים האָבען גע'הרג'עט דעם כהן גדול מתתיהו און דעם פערדעמטרישען קאָמאַנדיר אויף דער פעסטונג, וואָס האָט זיין טורעם געוואָלט איבערגעבען דעם שונא, און דאָס איז דאָך געשעהן דורך איהר, ווייל זי

האָט געלאָזט וויסען אין שטאָדט פון דעם פעררזאט, איז אנ־געקומען צו פליהען א פייל אין רוימישען לאַגער מיט דער דאָזיגער אויפשריפט:

"א מיידעל פון ציון, פערשטעלט פאר א סיריש יונגעל איז אין לאַגער. אלץ וואס זי הערט און זעהט לאָזט זי וויסען צו די קעמפער אויף דער מויער".

זי איז גלייך ארעסטירט געוואָרען און דער לעגיאָן־קאָמאנדיר האָט געהייסען זי הענגען קעגען איבער דער מויער. דערווייל האָט דער קאָמאנדיר געשיקט זאָגען טיטוס'ען פון דעם וויכטיגען ארעסט און זיין אורטייל. האָט טיטוס געוואָלט זעהן דאָס שפּיאָנין־מיידעל און גיך ארויס־געשיקט עטליכע רייטער אָבצושטעלען דאָס הענגען און זי ברענגען צו איהם.

אז זי איז אריינגעקומען צו טיטוס'ען, זענען דאָרט גע־זעסען א סך גענעראלען, אגריפּאס און איהר פעטער פילי־פוס זענען אויך דאָרט געווען. פיליפּוס האָט געבעטען אגרי־פּאס'ען ער זאָל ווירקען אויף טיטוס'ען, ער זאָל איהר פער־געבען און ער וועט גאראנטירען פאר איהר, אז זי וועט שוין מעהר דאָס נישט טאָן.

טיטוס האָט דאָס צוליב געטאָן און איהר מוחל גע־ווען. פון דעמאָלט אָן האָט זי איהר פעטער מיטגענומען אומעטום וואו ער איז געגאנגען. איהר פעטער איז באלד אוועק נאָך עגיפּטען און געוואָרען דער הויפּט אויפזעהער אי־בער דעם שפּייז, וואס איז געשיקט געוואָרען פאר דער רוימישער ארמעע. איז זי מיטגעפאָהרען מיט איהם נאָך אלעקסאנדריא.

ווען טיטוס האָט געענדיגט זיין חורבן ארבייט אין ירושלים, האָט זי דער פעטער מיטגענומען נאָך רוים און דאָרט געבראכט אין אָרדנונג דעם פּאלאץ פאר אגריפּא־סען מיט בערעניקא'ן. די גאנצע צייט האָט דער פעטער זי אָבגעהיט און זי האָט ניט געטאָרט טאָן א טריט אָהן זיין וויסען.

אז בערעניקא איז געקומען נאָך רוים איז זי געוואָרען איינע פון איהרע באגלייטערינס. בערעניקא איז דעמאָלט געווען אויף דער העכסטער שטופע פון מאכט. טיטוס, דער

יורש פון דער קרוין, איז געלעגען צו איהרע פיס און זי האָט זיך געגרייט צו ווערען קייסערין פון רוים.

אסתר האָט זיך דאָרט באגעגענט מיט יוסיפוס'ען, וואָס האָט געוואוינט מיט זיי אינאיינעם. ער האָט שטארק אויס־גענומען ביים קייסער און געוואָרען א בירגער. צו דעם האָט איהם דער קייסער געשאָנקען זיין פריהעריגען פאלאץ, וואָס ער האָט געהאט נאָך איידער ער איז געוואָרען אימפּע־ראטאָר.

יוסיפוס איז צוגעשטאנען צו אסתר'ען מיט ליעבע ער־קלערונגען. ער האָט געוואָלט מיט איהר חתונה האָבען, זיין ווייב, וואָס ער האָט מיטגעבראכט פון עגיפּטען, האָט איהם אוועקגעוואָרפען, האָט ער אסתר'ן נישט געלאָזט צורוה. זי האָט איהם שרעקליך פיינט געהאט און נישט געקענט קוקען אין זיין פאררעטערישע צורה. בערעניקא האָט זי אָבער שטארק צוגערעדט חתונה צו האָבען מיט יוסיפוס'ען. אָבזאָגען איהר האָט זי נישט געקענט, ווייל זי איז געוועזען זעהר גוט צו איהר, זי האָט אויך מורא גע־האָט, אז ווען זי וועט אָבזאָגען, וועט אגריפּאַס זי צווינגען, אזוי ווי ער האָט געוואָלט צווינגען צפורה'ן חתונה צו האָ־בען מיט יוסיפוס'ען, האָט זי נישט געזאָגט יא און נישט ניין און זיך ארויסגעדרעהט פון צו געבען אן ענטפער.

זי האָט געהאט א סך צער פון דער געשיכטע. און זי האָט פערבראכט די גאנצע צייט אין גרויסע ליידען. בע־ראָניקאָ האָט געהאלטען אין איין רעדען צו איהר, אז רוים האָט געהאט רעכט צו טאָן מיט די אידען, וואָס איהר געפעלט. גאָט האָט באשטימט רוים אלס וועלטהערשערין, האָט זי געזאָגט, און דאָס פאָלק, וואָס שטעלט זיך געגען רוים, זינדיגט צו גאָט און פערדינט זיין שטראָף.

דעם גרויזאמען הורדוס'עס אור־אייניקעל האָט נישט געוואוסט, ווי איהרע רייד שניידען אסתר'ס פערוואונדעט הארץ און זי האָט ווייטער גערעדט און געזאָגט, אז גאָט האָט זי באשטימט צו טאָן גרויסע זאכען. דעריבער איז טיטוס אזוי פערליעבט אין איהר. זי וועט ווערען רוימישע קייסערין און וועט צוריק אויפבויען ארץ ישראל און אויפ־הויבען דעם נאָמען פון אידישען פאָלק גרעסער ווי פריהער.

יוסיפוס האָט זי טאָג טעגליך פערפאָלגט מיט זיינע ליבע ערקלערונגען און ער האָט נישט געוואָלט וויסען ווי זי האסט איהם. אז רוים האָט זיך געגרייט צו טיטוס'עס טריאומף־פאראד האָט יוסיפוס איהר אויסגערעכענט די נעמען פון די אלע קריעגסגעפאנגענע, וואָס וועלען נאָכ־פאָהרען נאָך טיטוס'עס קארעטע. ער האט איהר אויך אי־בערגעגעבען איטליכענ'ס אורטייל. זי האָט געוואוסט אז ער, שמעון, איז פער'משפט צום טויט. די חיות וועלען איהם צורייסען. האָט זי באשלאָסען צו שטארבען מיט איהם אינאיינעם.

זי זאָל דאָס קענען אויספיהרען האָט זי געמוזט ענדערן איהר בעציהונג צו יוסיפוס'ען. זי האָט זיך געמאכט ווי זי קריגט איהם ליעב און גערעדט צו איהם זעהר פריינדליך. ער האָט זיך שטארק געפרעהט. ער האָט געדענקט, אז זי וועט באלד חתונה האָבען מיט איהם.

זי האָט איהם געבעטען ער זאָל זי פיהרען אין אמפי־טעאטער און ווייזען די וואונדערליכע געביידע. ער האָט זי אהין געפיהרט. זי האָט זיך גוט ארומגעקוקט און בעמערקט, אז פון די קייסערליכע לאזשעס איז דאָ א גלייכער וועג צום דאך איבער די חיות־שטייגען. און דאָס איז געווען גענוג פאר איהר.

בערעניקא האָט געהערט, אז אסתר איז געוואָרען פריינדליך צו יוסיפוס'ען, איז זי געווען שטארק צופרידען און געריהמט זי פאר אגריפאס'ען. איהר פעטער האָט נישט געהאט קיין פערגעניגען פון דער נייעס. ער האָט גוט גע־קענט יוסיפוס'ען און געוואוסט ווי פאלש און פערדאָרבען ער איז. ער האָט נישט געוואָלט אז זיין איינציגע פלימעניצע זאָל אריינפאלען אין זיינע הענד, ער האָט אָבער מורא גע־האט צו זאָגען א וואָרט.

דעם טאָג פון טריאומף־פאראד האָט אסתר געהאלטען פאר'ן לעצטען טאָג פון איהר לעבען. זי איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה און געדאווענט און געזאָגט ודוי און שטארק גע־וויינט. דערנאָך האָט זי זיך ארומגעוואשען, מען זאָל נישט דערקענען, אז זי האָט געוויינט, און זי האָט זיך אָנגעטאָן ווייסע קליידער, גרייטענדיג זיך צו שטארבען.

זי האָט אָנגעשטעלט א פרעהליך פּנים און אריין צו בעראניקא'ן, וואָס האָט זיך שטארק אויסגעפּוצט. דעם טאָג האָט זי זיך געוויזען צום ערשטען מאָל פאר'ן רוימישען פאָלק. זי האָט געקראָגען די רעכטע לאזשע לעבען קייסער פאר א בעוויז, אז באלד וועט זי אריינגענומען ווערען אין דער קייסערליכער פאמיליע.

בעראניקאַ האָט זיך דערפרעהט מיט אסתר'ן און זי גע־וואָלט זעצען לעבען זיך אין איהר לאזשע. זי האָט זיך אָבער אָבגעזאָגט און בעסער געוואָלט זיצען הינטער איהר לעבען יוסיפוס'ען. בעראניקא איז געווען צופרידען, זי האָט גע־דענקט, אז אסתר איז פערליעבט אין איהם און זי וויל זי־צען לעבען איהם, ער האָט אויך געמיינט, אז ס'איז אזוי און געווען זעהר גליקליך.

אין דער רגע וואָס די דינער האָבען אריינגעפיהרט שמעון'ען, האָט יוסיפוס זי געפרעגט אויף וועלכען טאָג זיי זאָלען בעשטימען די חתונה ? זי האָט געשוויגען. און ווי דער לייב איז ארויסגעשפּרונגען פון שטייג, איז זי אויך אויפגעשפּרונגען און ארויס פון לאזשע און ארויף אויפ'ן שטייגען־דאך. עס איז געוואָרען א גרויסער טומעל און איי־דער עמיצער האָט געוואוסט וואָס דאָ איז געשעהן, האָט זי שוין געהאלטען שמעון'ען ארומגענומען און געזאָגט :

— "ברודער ! איך וועל שטארבען מיט דיר אינאיינעם!"

— איך האָב בעסער געוואָלט שטארבען מיט דעם וואָס איך האָב ליעב, איידער צו לעבען מיט יוסיפוס'ען, וואָס איך האָס אזוי שרעקליך — האָט אסתר געזאָגט, ענדיגענדיג איהר ערצעהלונג און איהרע בלאסע באקען האָבען זיך גע־רויטעלט.

זי איז געפאלען אויף זיין האלז און פערבאָרגען דאָס פּנים אין זיין מאנטעל.

"צפּורה האָט ליעב שמעון בן יאיר'ן און אסתר האָט איהם אויך ליעב" — איז איהם דורכגעפלויגען אין געדאנק דאָס לעצטע וואָרט, וואָס צפּורה האָט איהם געזאָגט איידער זי איז אויסגעגאנגען. יא, ס'איז אמת. ער זעהט דאָס איצט. די טייערע, ליעבע אסתר טוליעט זיך צו איהם און זיין הארץ און נשמה ציהען צו איהר...

ער האָט זיך בעהערשט און דערשטיקט אין זיך זיין אויפרעגונג. ער האָט איהר געגעבען א קוש אין קאָפּ אריין, זי אוועקגעזעצט לעבען זיך און אָנגעהויבען רעדען וואָס זיי דארפען טאָן ווייטער.

— מיר זענען נישט די בעלי־בתים איבער זיך — האָט אסתר געזיפצט — איך האָף אָבער, אז מיין פעטער וועט טאָן אַלץ אין דער וועלט פאר מיר. בעראניקא וועט מיר אויך העלפען.

אסתר׳ס האָפנונג איז געוואָרען פערווירקליכט. איהר פעטער פיליפּוס האָט מסכים געווען זי זאָל חתונה האָבען מיט שמעון׳ען. נאָך פיעל מיה איז איהם געלונגען צו קריגען א צייגנים פון קייסער און אגריפּאס׳ען, אז איהר פאָטער׳ס גיטער אין גמלא געהערען צו איהר און זי האָט געקראָגען די ערלויבניש מיט שמעון׳ען צו וואוינען וואו זיי ווילען. און זיי האָבען בעסער אויסגעקליבען צו וואוינען אין זייער וויסט לאַנד איידער אין די רוימישע פּאַלאַצען.

איידער זיי זענען צוריקגעפאָהרען נאָך ארץ ישראל האָט זייער פעטער זיי גענומען אין אידישען קווארטאַל אויף יענער זייט טיבער צו פּראַווען די חתונה. די עלטסטע פון דער געמיינדע זענען געקומען צו דער חתונה און שמעון האָט מקדש געווען אסתר׳ן אין שוהל. די אידען האָבען פון זייער כבוד־וועגען געגעבען א ברייטע סעודה. ביים עסען האָבען אַלע שטאַרק געוויינט אויך אויף דער נייער גזרה, וואָס וועספּאס־יאנוס האָט ארויסגעגעבען אויף זיי.

ער האָט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז דעם האַלבען שקל וואָס יעדער איד האָט געצאָהלט קאָפּ־שטייער פאר׳ן בית־המקדש, זאָלען זיי איצט צאָהלען פאר׳ן טעמפּעל פון יופּיטער.

נאָך די שבע ברכות האָבען זיי זיך געזעגענט מיט אַלע אידען און זיך אומגעקערט נאָך ארץ־ישראל. אסתר׳ס פעטער האָט זיי מיטגעגעבען א סך געלד, זיי זאָלען האָבען מיט וואָס אויפצובויען זייערע וויסטע הייזער. ער האָט זיי אויך געשאָנקען זיינע גיטער אין עבר הירדן. ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער און זיי זענען געווען זיינע איינציגע יורשים.

זיי זענען געפאָהרען אויפ'ן ים ביז עכו. ביים פּאָרט איז צו זיי צוגעגאנגען אן עלטערע אָרימע פרוי איינגעוויקעלט אין שמאַטעס און אויסגעזעהן זעהר שלעכט.

— שמעון! אסתר! וואָס מאַכט איהר? — האָט די פרוי זיי געפרעגט.

זיי זענען געשטאַנען פערוואונדערט און נישט געוואוסט ווער זי איז.

— איהר דערקענט מיך נישט? — האָט די אָרימע פרוי געזאָגט — איך בין דאָך מרים, נקדימון בן גוריון'ס טאָכטער! אלעזר בן שמעון'ס אלמנה!

זיי זענען אויפגעשפּרונגען פאר גרויס שרעק. די איידעלע, געצערטעלטע מרים! די טאָכטער פון רייכסטען אידען, ווי שרעקליך זי זעהט אוים!

די אָרימע מרים איז געגאַנגען אין די גאַסען און געקליבען גערשטען אונטער די פערד, אזוי הונגעריג איז זי געווען.

זיי האָבען זיך שטאַרק צוואויינט און זי מיטגענומען מיט זיך, זי אויסגעקליידט און געגעבען אָבצועסען און בעשלאָפען צו וואוינען שטענדיג אינאיינעם.

פון עכו זענען זיי אוועק נאָך ירושלים און שטאַרק בעוויינט דעם חורבן. די הייליגע שטאָדט איז געווען וויסט. קיינער האָט דאָ נישט געוואוינט. נאָר אַלטע רוימישע סאָלדאַטען זענען געגאנגען צווישען די חורבות און געגראָבען און געזוכט אוצרות.

שמעון איז אוועק אין דער הייהל, וואו ער מיט יהודה'ן האָבען בעהאַלטען אין א גרוב זייער פערמעגען מיט די ירושה־מגלות, די לעבענס־בעשרייבונגען פון זייערע עלטער־זיידעס. דער שטיין איז מעהר נישט געלעגען אויף דער גרוב. דאָס גאָלד און זילבער און די איידעל־שטיינער זענען אויך נישט געווען. בלויז די מגלות זענען געבליבען. די רוימער האָבען געפונען די גרוב און צוגענומען דאָס פערמעגען. די בעשריבענע שטיקער פּאַרמעט האָבען זיי געלאָזען. פאר זיי האָבען זיי נישט געהאַט קיין ווערטה. שמעון איז אָבער גליקליך געווען וואָס ער האָט זיי געפונען. זיי זענען איהם געווען טייערער פון אלע פערמעגענס אויף דער וועלט.

ער האָט אויך דאָרט געפונען דעם דאָרן, וואָס ער האָט ארויסגעצויגען פון לייב׳ס פוס און ער האָט איהם דאָ אי־בערגעלאָזט. אָט דער דאָרן האָט געראטעוועט זיין לעבען און אסתר׳ס לעבען. דורך דעם דאָרן האָט דער לייב זיי נישט צוריסען און זיי זענען געוואָרען פריי. ער האָט צום דאָרן צוגעלייגט די קייט וואָס האָט געשמידט זיינע פיס אין גע־פאנגענשאפט און בעשטימט זיי איבערצולאָזען זיינע קינ־דער צום אנדענקען פון זיינע פיין.

---

די מגלה ״דער דאָרן און די קייט״ האָט שמעון אליין אָנגעשריבען אין יאָהר דריי טויזענט, אכטצעהן הונדערט דריי און דרייסיג און זי איבערגעלאָזט צוזאמען מיט׳ן דאָרן און די קייט ירושה פאר זיין זוהן יהודה, וואָס אסתר האָט איהם געבוירען. און ער האָט צוגעשריבען נאָך די פאָלגענדע שורות:

יהודה, מיין טייערער זוהן!

שוין צוויי יאָהר וואוינען מיר אין גמלא. מיט אונז וואוינען אויך די איבערגעבליבענע אידען, וואָס האָבען ווי בלינדע שאָף ארומגעבלאָנדזשעט אין פערוויסטען לאנד. מיר האָבען נאָך נישט בעוויזען אויפצובויען אונזערע צושטערטע הייזער. א יאָהר האָט געדויערט ביז מיר האָבען אוועקגענו־מען און אָבגערייניגט דעם בארג ערד און די קופות שטיינער פון דעם אָרט וואו ס׳איז געוועזען דער גרויסער טורעם פון דער מויער.

מיר האָבען געהאָפט צו געפינען דעם קערפער פון יוסף בן גמלא, אסתר׳ס פאָטער, וואָס איז דאָ געפאלען. ווי האָ־בען מיר אָבער געקענט דערקענען זיינע ביינער צווישען די בערג טויטע ביינער, וואָס מיר האָבען דאָ געפונען?

און וואָס איז דער אונטערשיעד? די אלע ביינער זענען אונז טייער און ליעב. זיי זענען די ביינער פון אונזערע גע־טרייע ברידער. זיי זענען געפאלען באלד אין אָנהויב און נישט געזעהן דעם גרויסען בראַד וואָס איז געשעהן צו זייער פאלק.

מיר האָבען אויפגעקליבען די אלעביינער, אויך די ביי־נער וואָס האָבען זיך געוואַלגערט אויף די גאַסען און גע־גראָבען א גרויסע גרוב פאר זיי אין טאָל. די גרוב איז שוין פול. דער טאָל איז פול און עס ליגען נאָך א סך ביינער אונ־טער די חרוב'ע הייזער און אויף די וויסטע פעלדער.

אָט דאָס איז געוואָרען פון ישראל'ס הויז. טויטע ביינער. דאָס גאַנצע לאַנד פון איין עק ביז'ן צווייטען איז פול ביינער.

וועלען אויפלעבען די ביינער ? וועט צוריק דערהויבען ווערען ישראל'ס הויז ? וועט גאָט זיך דערבארימען און אומ־קערען זיינע פערטריבענע קינדער, די וואָס רוים האָט זיי פערטריבען, אזוי ווי ער האָט אומגעקערט די פערטריבענע נאָך בבל ? ווער וויים ? מיר האָבען שוין מעהר נישט קיין נביאים, וואָס זאָלען אונז טרייסטען און רעדען וועגען טאָג פון דער גאולה ! ווער וויים צי גאָט וועט אונזערע פערטרי־בענע אומקערען אהיים ? נאָר דו, גאָט, דו אַליין ווייסט !

ווי אן עלענטע זאנג אין פעלד בין איך איבערגעבליבען פון די הונדערטער טויזענטער אידען, וואָס זענען פערטיליגט געוואָרען אין דער גרויסער מלחמה. גאָט ווייס, אז איך האָב איינגעשטעלט מיין לעבען פאר מיין פאָלק. גאָט ווייס, אז איך האָב זיך געבאָדען אין פיינד'ס בלוט אין קאמף פאר מיין פאָלק. גאָט ווייס, אז איך האָב זיך נישט אונטערגעגע־בען דעם פיינד ביז ער האָט מיך געפאַנגען.

איך נעם פאר עדות די צוויי גרויסע שלאכטען ביים טורעם אַנטאָניא און ביים טויער פון בית המקדש, וואו די רוימער האָבען דערפילט מיין צאָרן און מאַכט.

איך נעם פאר עדות מיינע וואונדען, די וואונדען אויף מיין גאַנץ לייב. די וואונדען און צייכענס וואָס זענען אויס־געקריצט געוואָרען אין מיין פלייש מיט שווערדען, שפּיזען און אלערליי געוועהר.

מיינע עדות זענען די איינוואוינער פון רוים, אַנהויבענ־דיג פון וועספּאַסיאַנוס'ען מיט טיטוס'ן ביז'ן לעצטען קנעכט, ווי מוטיג און אונערשראָקען איך בין געשטאַנען אין דער ארענא און געקוקט רוהיג דעם טויט אין די אויגען.

געוועזן צייטען וואָס איך האָב געבעטען אויף זיך דעם טויט, איז ער אָבער נישט געקומען. אויב איך בין געבליבען לעבען, איז דאָס א סימן אז אזוי איז גאָט׳ס ווילען. צי וויל גאָט איך זאָל ליידען מעהר פון אלעמען, אָדער ער וויל מיך טרייסטען אינאיינעם מיט מיינע אונגליקליכע ברידער, ווען ער וועט אונז אויסלייזען — דאָס ווייס נאָר גאָט אליין.

איין טרייסט איז מיר געבליבען אין מיין גרויסען שוועד־רען טרויער. אסתר, מיין גוטע, ליעבע און געטרייע פרוי. זי האָט מיך געליעבט געטריי ווי זי האָט געליעבט געטריי איהר פאָלק. און זי האָט אָבגעהיטען איהר ליעבע צו מיר. איך האָב זי טאָפּעלט ליעב און בין איהר טאָפּעלט געטריי. מיין גאַנצע ליעבע און טרייהייט צו איהר שוועסטער צפּורה האָב איך איהר אַוועקגעגעבען.

אין א יאָהר ארום האָט מיין טייערע אסתר געבוירען דיך, מיין ליעבער זוהן. איך האָב דיר א נאָמען געגעבען יהודה נאָך מיין ברודער, וואָס איז געפאלען ווי א העלד קעמפּענדיג פאר׳ן פאָלק. דורך דיר לעבט מיין טייערן ברו־דער׳ס נאָמען.

זאָל דיר, מיין טייערער זוהן יהודה, גאָט געבען דעם גייסט פון דיין פעטער, וואָס דו טראָגסט זיין נאָמען. זאָלסט אויפוואַקסען און זיין א מענש. זאָל דיר גאָט געבען חכמה און גבורה. זאָלסט איבערלייענען די מגלה וואָס איך האָב אָנגעשריבען, וועסטו וויסען וואָס דיין טאַטע־מאַמע האָבען געטאָן פאר זייער פאָלק און ווי זיי זאָלסטו זיין געטריי דיין גאָט, דיין פאָלק און דיין לאַנד. אפשר וועסטו זוכה זיין ביי גאָט און דו וועסט דערלעבען צו זעהן די מפּלה פון אונזערע פיינד און די ישועה פון אונזער ליידענדען פאָלק. דעמאָלט, האָף איך, יהודה טייערער, אז דו וועסט העלפען אומקערען דעם כבוד און רוהם פון אונזער פאָלק.

מיין קינד, זאָלסט לייענען מיין בעשרייבונג און דאָס איבערלאָזען בירושה פאר דיינע קינדער. דו און די שפּע־טערע דורות זאָלט וויסען, אז נישט גרינג האָט אונז דער פיינד געמאַכט אונטערטעניג. מיר האָבען ביז די לעצטע כוחות געקעמפט פאר אונזער פאָלקס־פרייהייט. און וואָלטען

מיר געווען פעראייניגט, — וואָלטען אלע גוים פון דער וועלט אונז נישט געקענט בייקומען.

דאָס זענען די רייד פון דיין פאָטער,
שמעון בן יאיר, דער זוהן פון חזקיה,
דער זוהן פון שבנא, הלל הנשיא'ס
איידים, פון דער משפחה פון דוד מלך
ישראל.